בנימין סקודיצקי

# פון א גאנץ לעבן

לידער, דערציילונגען, זכרונות

אַרויסגעגעבן פון „ב. סקודיצקי קאָמיטעט"
ה'תשי"ח מאָנטעווידעאָ 1958

# אינהאלט:



## לידער:



## דערציילונגען:



## עסייען:



———

**צוזאמענשטעל פון קאָמיטעט ארויסצוגעבן א בוך שריפטן פון בנימין סקודיצקי ע"ה:**

**אָנגעשלאָסענע אינסטיטוציעס:** יידישע קהלה, „פאָלקסבלאט", „מאָמענט", „ייוואָ", שרייבער-פאריין, קולטור-ליגע ש. מענדעלסאָן, פועלי ציון התאחדות, שלום עליכם-שול, לערער-פאריין, יידישע קולטור-שעה, יידיש-פוילישע ראדיאָ-שעה, „קול ציון באורוגואי".

יעקב לאמשטיין (פרעזידענט), בערל פערבער (וויצע-פרעזידענט), יעקב שענקמאן (סעקרעטאר), פייוול סווירסקי (פראָ-סעקרעטאר), בער רעזניקאָוויטש (קאסיר).

**קאָמיטעט:** אָרזוך משה, אָרזוך דוד, אסטמאַן מארקאָס, באָנדא ח., גרינבערג שמאי, גאָלדמאן שרה, דראזנין ברוך, האלפערן לעאָן, הירט איסאק, ווארזאָגער חיים, ווערבלון עליע, וואָדאָוואז ח., זיטנער ש., וויסאָקיקאמיען יוסף, וויניצקי ח., זשעלעניעץ יואל, יעראזאלימסקי יוסף, כהן אדאָלפאָ, לאנצעוויצקי יעקב, מרגליות דב, סטריאקאָווסקי איסר, קאָסיאק ראמאָן, צוקערמאן נ., קאזארעס ח., שווארץ לעאָן ע"ה, צייקעוויטש אברהם, שווארץ אברהם.

**פון בוענאָס איירעס:** יידישער שרייבער פאריין, „ה. ד. נאָמבערג", סלאָנימער לאנדסלייט פאריין:

זאוול דוביאנסקי (פרעזידענט), זעליק וואָלפאָוויטש (וויצע), לייבל מאָזשאָוויטש (סעקרעטאר), משה עפשטיין (קאסיר); אלטער קארפאָווסקי (פרעזידענט פון דער ליי-קאסע), יוסף שקאָלניק (סעקרעטאר), פייוול קאנצעפאָלסקי (קאסיר); אסתר זאקין, משה קאָס.

**פון ניו יאָרק:** אפרים סוויט (סוויטיצקי).

דער קאָמיטעט האַלט פאַר זיין פליכט אויסצודריקן א באזונ־
דערע אנערקענונג און יישר־כוח די פאָלגענדע חברים פון ב. סקו־
דיצקי, וועלכע האָבן מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט בייגעטראָגן
צו דער טעכנישער צוגרייטונג, דרוק און דערשיינונג פון בוך:

בערל רעזניקאָוויטש (דרוקער);
משה אָרזוך (ארויסגעבער פון „פאָלקסבלאַט");
איסאַק הירט (לינאָטיפּיסט);
יואל זשעלעניעץ (לינאָטיפּיסט).


רעדאַקטאָר: **יעקב באָטאָשאַנסקי**
רעדאַקציע־קאָלעגיע:
שמאי גרינבערג, עליע ווערבלון, מרדכי בערנשטיין, אברהם זאַק, יצחק יאַנאָסאָוויטש, זעליג מאַ־זור, נחמיה צוקער, משה קנאַפּ־היים.

## פון בנימין סקודיצקי־קאמיטעט:

בנימין סקודיצקי, וועמענס געקליבענע כתבים, מיר גיבן ארויס אין דעם דאזיקן בוך, האט 28 פון זיינע 53 יאר, אפגעלעבט אין מאנטעווידעא, די הויפט־שטאט פון אורוגוויי.

דא האט ער געשריבן לידער, דערציילונגען עסייען, געארבעט אלס לינאטיפיסט, מיטגעווירקט צום דערשיינען פון פארשיידענע טאג־צייטונגען, זשורנאלן, פעריאדישע אויסגאבעס אין צייטן ווען יידישע לינאטיפיסטן זיינען כמעט נישט געווען בנמצא.

דא האט בנימין סקודיצקי אויפגעבויט זיין פאמיליע־לעבן, גע־בוירן זיינע קינדער און זיי דערצויגן, דורכגעמאכט אידייאישע ראנג־לענישן און זיך ארויסגעהויבן אלס שרייבער און אנאנימער מיט־ארבעטער ביים יידישן געדרוקטן ווארט.

די אנערקענונג פאר זיינע לייסטונגען מצד דעם אורוגווייער יידישן ישוב, איז געקומען צום אויסדרוק, ביי דער פייערונג פון זיין 50־סטן געבוירנטאג מיטן ארויסגעבן דורך א באערונגס־קאמיטעט א ספעציעלע יובל־שריפט א״נ: „א זעצער ביים יידישן צייטונגס־וועזן; א שרייבער אין דער יידישער ליטעראטור" (1954).

פול מיט לעבן און מיט אפטימיסטישע פערספעקטיוון פאר נייע פלענער און שרייבערישע אספיראציעס איז ב. סקודיצקי פאר־שלאפט געווארן און נאכן דורכמאכן גרויסע פיזישע ליידן, איז ער געשטארבן אין דער בליענדיקער עלטער פון 53 יאר, ערב ראש חודש אלול תשי״ז, (26־סטן אויגוסט, 1957) און געקומען צו קבורה אויפן היגן בית עולם.

— — — — —

געבוירן אין סלאנים, דעם 19־טן מאי פון 1904, האט בנימין סקודיצקי באקומען א טראדיציאנעלע יידישע דערציאונג. חדר,

ישיבה, „קלאסן". ער האָט דורכגעמאכט דעם גאנג פון א גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט אין דער עפּאָכע צווישן ביידע וועלט-מלחמות. פון „הנוער הציוני" און „קליינבונד" צום „קאָמסאָמאָל" און קאָמוניזם, ביז צוריק צום אייביקן יידישן פונק. — א לעבן פול מיט אידייאישע קאמפן, זיג-זאגן און גילגולים פון א פאָלקס-ייד, כאראקטעריסטיש פאר זיין דור, דעם דור פון א שטורעם און דראנג-פּעריאָד, און אויפקום פון מדינת ישראל.

די פיר יאָר תפיסה אין סלאָנימער און גראָדנער טורמעס, געהערן צו זיינע „אוניווערזיטעט"-יאָרן. דאָרט האָט ער זיך באקאנט מיט ליטעראטור, מענטשן און לעבן, כאָטש זיין אייגן לעבן איז געווען אין געפאר.

ב. סקודיצקי האָט אָנגעהויבן שרייבן צו 12 יאָר אין העברעיש און יידיש לידער און דערציילונגען. זיך אָנגעהויבן דרוקן צום ערשטן מאָל אין „די פּרעסע" פון בוענאָס איירעס, אין יולי 1928, אונטערן פּסעוודאָנים פון ב. אָקטיאבּרסקי. אויך אין „רויטער שטערן", „נייוועלט", „ארגענטינער טאָג" (ב. איירעס). אין „מאָרגן פרייהייט" (ניו יאָרק); „צום אָקטיאבער", „אונזער פריינט", „צייט פראגן" און די לעצטע יאָרן, שוין אונטער זיין אייגענעם נאָמען בנימין סקעדיצקי, אין „פאָלקסבלאט" (מאָנטעווידעאָ).

קיין בוענאָס איירעס איז ב. ס. געקומען אין יאָר 1928 און אין יאָר 1930 האָט ער זיך באזעצט אין מאָנטעווידעאָ, ווו ער האָט חתונה געהאט פאר איטע קאָגוט און עס זיינען אים געבוירן געווארן צוויי זין: אליעזר און פסח.

נאָך דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן דערווייטערט ער זיך פון קאָמוניזם און אָנשטאָט ב. אָקטיאבּרסקי איז צוריק געוואָרן בנימין סקודיצקי.

אלס לינאָטיפּיסט האָט ער געארבעט אין מאָנטעווידעאָ אין דער „אורוגווייער יידישער פּרעסע", אין „דער טאָג", מאָרגנצייטונג", „אונזער פריינט", „פאָלקסבלאט" און פארן „דער מאָמענט".

ער איז געווען מיטגרינדער פון דער „מאַרגנצייטונג", די טעגלעכע צייטונג, וואָס איז געהאַט דערשינען אין מאָנטעווידעאָ.

אין קאָמיטעט אַרויסצוגעבן די כתבים פון ב. סקודיצקי גייען אַריין קאָלעגן-שרייבער, פריינד און לאַנדסלייט פון מאָנטעווידעאָ און בוענאָס איירעס. אויך פון ניו יאָרק.

דאָס בוך כתבים שפּיגלט אָפּ מיט אַ באַזונדער ליבע דאָס טרויעריקע און האַרציקע לעבן אין סלאָנים, בעת דעם אָנהויב פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט, ווי אויך פון לעבן אין די היגע מקומות. מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן דעם בוך „פון אַ גאַנץ לעבן" (לויט דער אָנרעגונג פון שרייבער יצחק יאַנאַסאָוויטש), די לידער, דערציילונגען, עסייען און זכרונות וואָס גייען אַריין אין בוך ווייזן אַ גאַנץ מענטשלעך לעבן.

מיר זיינען איבערצייגט, אַז מיט דעם, וואָס מיר גיבן אַרויס אָט דאָס בוך דערפילן מיר נישט בלויז אַ חוב לגבי דעם יחיד ב. סקודיצקי, נאָר מיר דערפילן אויך אַ חוב לגבי דער יידישער ליטע-ראַטור און דעם יידישן לעבן.

— — — — —

# בנימין סקודיצקי, דער שרייבער, דער רעוואלוציאנער, דער יידישער מענטש

אַריינפיר־וואָרט פון **יעקב באָטאָשאַנסקי**

בנימין סקודיצקי האָט אין משך פון אַ סך יאָרן אונטערגעשריבן די אַלע זאַכן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט מיטן פסעוודאָנים „ב. אָקטיאַברסקי". דער דאָזיקער פסעוודאָנים איז ניט קיין צופעליקער, ער דריקט אויס דעם מהות און דעם אני מאמין פון דעם, וואָס האָט אים געטראָגן. ב. ס. האָט, בייטנדיק זיין נאָמען, געגעבן צו פילן, אַז ער האָט זיך פאַרקנסט און געהייליקט דער אָקטיאַבר־רעוואָלוציע און ער וועט דינען איר אידעאַל. ער האָט אין לעבן שוין אויך זיך גערופן אָקטיאַברסקי. און דאָס דאָזיקע איז פאַר אים פונקט אַזוי כאַראַקטעריסטיש, ווי ס'איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס ער איז ממש מיט שטורעם געוואָרן אויס אָקטיאַברסקי, ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די אָקטיאַבר־רעוואָלוציע פאַרשוועכט דעם אידעאַל אירן און דעם מענטשן בכלל און זי ברענגט אום דאָס יידישע פאָלק. דער לעצטער שטויס איז געווען דער טרויעריקער „פאַקט" פון 1939. דעמאָלט ווערט ער אויף שטענדיק אויס אָקטיאַברסקי און ער בלייבט שוין מיטן נאָמען פון זיין טאַטן לעדי עד.

באַלד ווי ב. סקודיצקי האָט אָנגעהויבן לעבן זעלבסטשטענדיק, איז ער געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער. און דאָס איז מער ווי פאַרשטענד־לעך. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1904 אין סלאָנים, רייף ווערן האָט ער אָנגעהויבן ביים סוף פון ערשטן וועלט־קריג, ווען פוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק און סלאָנים איז געוואָרן אַ שטאָט אין די „קרעסן", ווו די פּאָליאַקן האָבן באַזונדער געווילדעוועט און אויס־געלאָזט זייער צאָרן צו די דאָרטיקע יידן און ווייסרוסן און זיי זיינען געוואָרן די „באַפרייטע פון אונטערדריקונג, וואָס אונטערדריקן". ער האָט אין סלאָנים געזען אַזויפיל נויט און אַזוי שענדן דעם מענטשן, אַז ער האָט געמוזט זוכן אַ גלויבן, אַז ערגעץ־ווו איז בעסער און אַז אויף אַ געוויסן אופן קען אומעטום ווערן בעסער. און ער האָט דעם דאָזיקן גלויבן געפונען אין דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און ער איז פון סקודיצקי געוואָרן אָקטיאַברסקי.

דער רעוואָלוציאָנער האָט כמעט פאַרשלונגען דעם מענטשן. און ווען סקודיצקי וואָלט ניט געשריבן, וואָלטן מיר ניט געוווּסט, אַז ער האָט איבערגעלעבט אַ שווערע גראַנגלעניש צווישן דעם רעוואָלו־ציאָנער און דעם מענטשן אין זיך. דער רעוואָלוציאָנערער געדאַנק, איז געקומען איניינעם מיט דער דערוואַכטער מענערישקייט. און עס איז באַלד געקומען צו אַ קאַמף צווישן ביידע. די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט האָט אים געמאָנט איינגאַנצן; דאָס מיידל, אין וועלכן ער האָט זיך פאַרליבט, האָט פאַרלאַנגט כאָטש אַ טייל פון אים. אין דער דערציילונג „פאַרראַטן", וואָס איז איינע פון די סאַמע ערשטע פרוכטן פון זיין פעדער — ער האָט אָנגעהויבן שרייבן פריער, אָבער געבליבן זיינען פון אים כתבים, וואָס ער האָט געשריבן אין יאָר 1924 און די דערמאָנטע דערציילונג איז געשריבן אין יאָר 1926 — ווערט גע־שילדערט דער קאָנפליקט צווישן דעם חוב צו דער באַוועגונג און צווישן דראַנג צו ליבע. עס קומט צו אַזאַ קאָנפליקט אין משך פון אַ היפּשער צייט, אָבער באַזונדער קומט דערצו, ווען ער קריגט אַ צע־טעלע פון איר צו קומען צו אַ באַגעגעניש אין דער זעלביקער צייט, ווען ער דאַרף גיין צו אַ פּאַרטיי־צוזאַמענטרעף. ער האָט זיך געפילט, ווי ער הענגט צווישן צוויי וועלטן, איינע אַ פּערזענלעכע און איינע, וואָס איז אַלעמענס. דער צווייטער וועג איז אַ שווערער, אַ פּיינלע־

כער, ער איז פאַרבונדן מיט אַ סך יסורים, אָבער ער איז דאָך דער דאַזיקער, וואָס פירט צו אַלעמענס גליק... ער האָט דעמאָלט זיך געלאָזט באַהערשן פון דער ליבע און ער איז געגאַנגען צו דער באַגעגעניש מיטן מיידל און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט דעם דאַזיקן חבר, וואָס וואַרט אויף אים, זיך אַרומדרייען און אים שעלטן מיט די ווערטער „טשאָרט יעהאָ פּאָדערי" (דער טייוול זאָל אים נעמען) און עס דאַכט זיך, אַז דער טייוול האָט אים גענומען סימבאָליש... ב. סקודיצקי האָט, ווייזט אויס, מער זיך ניט געלאָזט נעמען פון „טייוול" און ער איז געבליבן אַ געטרייער רעוואָלוציאָנער. ער האָט זיך איבערגעגעבן דער באַוועגונג בלב ונפש און ער האָט יונגערהייט אויסגעטראָגן אַלע יסורים, וואָס אַ יונגער יידישער בחור און אַ רעוואָלוציאָנער דערצו האָט געדאַרפט אויסטראָגן אונטער דעם פּוילישן רעזשים אויף די קרעסן. ער איז עטלעכע יאָר געזעסן אין תפיסה און ער האָט יאַקאַש אויך פאַרזוכט דעם טעם פון אײנעם, וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרן צו טויט... אין די תפיסה־דערציילונגען, וואָס דער לייענער וועט געפינען אין אָט דעם בוך, וועט ער דערפילן די איבערלעבונגען פון דעם צום טויט פאַראורטיילטן. דער מחבר האָט דאָס געשילדערט זייער געצוימט. אין יענער צייט, ווען ער האָט די דאָזיקע דערציילונגען פאַרעפנטלעכט, האָט מען אין די קרייזן פון די „אָקטיאָבערישע" ניט געטאָרט צופיל שילדערן „אינדיווידועלע" ליידן. די דערציילונג „פאַרראַטן" איז געווען אַן אויסנאַם און זי איז געבליבן אין כתב יד.

עס איז ניט שווער צו דערקענען, אַז דער געראַנגל צווישן „זיך" און דער „וועלט", לויט דער קאָנצעפּציע פון דער באַוועגונג צו וועלכער ער האָט אַ לאַנגע צייט געהערט, איז ניט געווען קיין איינמאָליקער. דאָס דאָזיקע איז צום דערקענען איבערהויפּט אין דעם ביסל לירישע לידער, וואָס ב. סקודיצקי האָט געלאָזט נאָך זיך און וועלכע ער האָט אין די „אַלטע, גוטע צייטן", קיינמאָל ניט פאַרעפנטלעכט. אָבער די „אינדיווידועלע" איבערלעבונגען האָט ב. ס. באַהאַלטן טיף אין זיך און ער האָט זיי פאַרטרויעט בלויז זיין העפט און מסתמא אויך זיין געטרייער לעבן־באַגלייטערן.

דער רוב פון די דערציילונגען, וואָס ב. סקודיצקי האָט געלאָזט, זיינען געשריבן אין דער עפּאָכע, ווען ער איז געווען „אָקטיאַבּרסקי". דאָס זיינען דערציילונגען פון סאָציאַלן כאַראַקטער. און ווען דער סקודיצקי-קאָמיטעט האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל נעמען אויף זיך, אין באַגלייטונג פון קאָלעגן שרייבער, די אויפגאַבע צו רעדאַקטירן דאָס דאָזיקע בוך, איז פאַר מיר געשטאַנען אַ שווערע פראַגע: יאָ, אָדער ניט געבן אין בוך אָט די דערציילונגען? ניט געבן, וועט פעלן אַ גרויסער עיקר פון סקודיצקין, סיי ווי דער שרייבער און סיי ווי דער מענטש. יאָ געבן, וועט זיין מער אָקטיאַבּרסקי ווי סקודיצקי און ער האָט דאָך אין די לעצטע יאָרן געוואָלט זיין און בלייבן בעיקר סקודיצקי. אָבער ווען איך האָב גרינטלעך איבערגעלייענט אָט די דערציילונגען, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז עס איז אין זיי ניט פאַראַן גאָרניט, וואָס זאָל זיין קעגן דעם, וואָס סקודיצקי איז געווען די לעצטע קנאַפּע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן. די אַלע דערציילונגען, וואָס שילדערן די תפיסה און די אַרעסטאַנטן און די גאַנצע באַוועגונג, וואָלט סקודיצקי אין די שפּעטערע יאָרן מסתמא געשריבן אַנדערש, אָבער עס איז אין זיי גאָרניט פאַראַן עפּעס, וואָס זאָל לעסטערן זיינע שפּעטערדיקע געפילן און געדאַנקען. אין אָט די דערציילונגען ווערן געשילדערט דיליידן פון די מאַסן און עס ווערט אָנגעדייטעט, אַז זיי דאַרפן און קענען דערלייזט ווערן. ניט פאַראַן אין אָט די דערציילונגען קיין חילוק צווישן יידן און ניט-יידן. אַלע ליידן אינאיינעם און אַלע קעמפן. עס איז אָבער חלילה ניט פאַראַן אין זיי קיין פאַרשוועכונג פון יידישע געפילן. עס איז פאַראַן אין זיי הומאַניזם. און אָט דער הומאַניזם איז די כאַראַקטעריסטיק פון סקודיצקין און ער האָט אים געפירט צום נייעם וועג צו זיינעם, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר אוים „אָקטיאַבּרסקי", ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די רעוואָלוציע איז דער היפּך פון הומאַניזם, און אַז זי פאַרשוועכט דעם נאָמען מענטש בכלל און ברענגט אום דאָס יידישע פאָלק בפרט. און דער ליטעראַרישער ווערט פון די דאָזיקע דערציילונגען איז אַ קלאָרער. פאַראַן אין אָט די דערציילונגען דאָקומענטאַרישקייט וועגן דעם לעבן אין יידישע שטעטלעך אויף די קרעסן אין אַ געוויסער תקופה און פאַראַן בילדער פון מענטשן.

ב. סקודיצקי האָט נאָך דעם, וואָס ער איז מער ניט געווען אָק־טיאַבערסקי, ניט געשריבן אַזעלכע קאָמפּאַקטע דערציילונגען ווי ער האָט געשריבן פריער. דער איבערברוך האָט אים היפּש צעבראָכן. דאָס ניט רעאַלע האָט אים געצויגן מער ווי די רעאַליטעט. די ווירק־לעכקייט איז פאַר אים געווען אַזוי טרויעריק וואָכעדיק, אַז ער האָט געזוכט יום-טובדיקייט און שיינקייט אין דער לעגענדע, אין דעם מעשה׳לע. און אַמאָל, אַמאָל, האָט זיך געמאַכט, אַז ער האָט געפונען אין די ווירקלעכקייטן פון אַמאָל אַ מענטשן, וואָס איז אים פאַרבליבן נאָענט אויף שטענדיק אָט ווי „דאַדזשע דער שמיד״ (אין דער דער־ציילונג מיטן זעלביקן נאָמען). ער האָט דערפילט דאָס שיינע און עכט־יידישע אין יידישן מענטשן.

ווען ב. סקודיצקי איז געקומען צום פולסטן יאוש אין דער אָק־טיאַבער-רעוואָלוציע, וועלכער ער האָט אַוועקגעגעבן זיין גאַנצע יוגנט און ער האָט זיך איבערצייגט, אַז זי איז ברוטאַל צום מענטשן בכלל און אַז דאָס יידישע פאָלק ווישט זי אָפּ, האָט ער זיך אומגעקערט צו זיין פאָלק און ער איז געגאַנגען דעם שמאָלן און אייגענעם וועג. ער איז אַליין געוואָרן אַ יידישער מענטש דורך און דורך, אַ פאַר־בענקטער נאָך דער שיינקייט און האַרציקייט פון דער יידישער טראַדיציע, אַ פאַרגלויבטער אין דער יידישער צוקונפט אין ארץ־ישראל און אין די תפוצות און ער האָט אין דעם דאָזיקן גייסט דער־צויגן זיינע קינדער. ב. סקודיצקי קערט זיך אויף אַזויפיל אום צו יידישקייט, אַז ווען ער דערוויסט זיך, אַז דער מרא דאתרא פון מאָנ־טעווידעאָ, הרב אהרן מילעווסקי, איז געוואָרן אַ בן חמשים, באַ־גריסט ער אים עפנטלעך מיט דרך־ארץ און מיט ליבע און ער דער־קלערט אים, אַז כאָטש בכלל איז ער אַ מתנגד און ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ שטאָט פון לומדישער מתנגדישקייט, פונקט ווי דער דערמאָנטער רב, אַליין איז ער זיין „חסיד״ און ער מאַכט אים קאָמ־פּלימענטן פאַר זיינע דרשות, וואָס זיינען פול מיט התרוממות.

אין דער נייער תקופה פון זיין לעבן ווערט ב. סקודיצקי אינגאַנצן אַן אַנדערער אין זיין שרייבן. אין די פריערדיקע דערציילונגען איז געווען ביי אים אַ געוויסע קאַלטקייט, וואָס איז געווען אַרויפגעצויגן

און אַרויפגעצווונגען. די אידעאָלאָגישע לערער זיינע האָבן אים גע־לערנט, אַז מען טאָר ניט זיין סענטימענטאַל און עמאָציאָנעל. מען טאָר ניט ווייזן דעם יחיד און מען מוז שילדערן דעם כלל. אין די מעשה׳לעך, עסייען און לידער, וואָס ער האָט געשריבן בעת ער איז געוואָרן אויס אַקטיאַברסקי, האָט ער איבערגעגעבן אייגענע געפילן און ער האָט ניט מורא געהאַט צו ווייזן דעם יחיד, וואָס ווי אינדי־ווידועל ער זאָל ניט זיין, איז ער אַ טייל פון כלל.

ליידער האָט דער נייער סקודיצקי ניט באַוויזן זיך אויסצופו־רעמען דורכאויס. די שווערע פּראַצע האָט אים היפש פאַרשלונגען און דערנאָך איז געקומען די שווערע קראַנקייט, וואָס האָט אים גע־געבן אַ שטאַרקע נייגונג צו חלומות, אָבער זייער ווייניק כוחות צו רעאַליזירן. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט פּלענער פון בעלעטרים־טישע און פאָלקלאָריסטישע ווערק. ער האָט געזאַמלט יידישע חכמה, וואָס איז אַן ענטפער די קעגנער און די שונאים פון אונדזער פאָלק. ער האָט געוואָלט דורך אָט דער זאַמלונג ווייזן, אַז די חכמה איז דאָס געווער מיט וועלכן דאָס יידישע פאָלק האָט זיך פאַרטיידיקט קעגן אַלע אָנגריפן און אָנגרייפער.

און דאָך איז אין די מעשה׳לעך, לידער, עסייען, זכרונות און אויטאָביאָגראַפישע סקיצן, פון דעם נייעם סקודיצקי, פאַראַן אַ יש, וואָס איז ווערט צו בלייבן אין יידישן לעבן און אין דער יידישער ביבליאָטעק. די לעצטע זאַכן זיינען עכטער, האַרציקער און במילא יידישער. עס קומט אין זיי צום אויסדרוק די שטרעבונג צו אויפ־ריכטיקייט און ניט צו באַהאַלטן זיך מיט די אייגענע געפילן און מיט דעם אייגענעם בלוט... די שאַפונג פון דער צווייטער און ליידער לעצ־טער תקופה שאַפט אַ גאַנצקייט און אַזוי אַרום איז טאַקע אין אָט דעם בוך פאַראַן מער ווי עפּעס פון אַ גאַנץ לעבן. עס איז פאַראַן אַ שטיק לעבן פון אַ יידן פון אונדזער צייט, וואָס האָט זיין לעבן געצויגן פון סלאָנים קיין אַרגענטינע און אורוגוויי און פון יידישער לומדות, דורך גאולה נוסח רוסלאַנד ביז דער אמונה אין נצח ישראל און אין דער יידישער מענטשלעכקייט. עס איז פאַראַן די דאָזיקע יידישע אייביקייט, וואָס האָט המשך און גייט ווייטער און העכער...

בנימין סקודיצקי

## קום, מיין פריינט...

קום, מיין פריינט, אין וואַלד דעם גרינעם,
פאַרלאָז די רוישיקע שטאָט,
קום מיט מיר, ווו פייגל־שטימען
קלינגען אויף יעדן טראָט.

ווו ביימער שטייען, ווי פאַרוויגטע
אין אַ זיסן, שטילן טרוים
און זונען־שטראַלן אין גאָלד באַגילדטע
באַוועגן זיך שטיל, געהיים,

ווו בלומען טוען מיט בשמים ריחות
דיין נשמה שטילן
און אַ ניי לעבן, פרישע כוחות
הייבסטו אָן פילן.

ווו גראָזן הויכע, ווי די זאַנגען
דערציילן סודות פיל,
און ריינע, צאַרטע קוקו־קלאַנגען
טראָגן זיך אין דער שטיל.

דאָרט אין זיי וועלן מיר זיך רואיק וויגן,
ווייט פון מענטשן, פון פּלאָגן,
און איבער אונדז וועלן פייגל זינגען
פון אַ שיינעם, נייעם מאָרגן...

פון אַ שיינעם, פרייען מאָרגן,
פון אַ נייער צייט,
וווּ ס'ניטאָ קיין פאַלשקייט, ליידן,
וווּ דער אמת שיינט.

קום, מיין פריינט, אין וואַלד דעם גרינעם
פאַרלאָז די רוישיקע שטאָט,
קום, מיין פריינט, אין וואַלד דעם גרינעם,
אין שטילן גן־עדן־אָרט.

סלאָנים, טורמע, 1923.

---

# נאָך „אַפּעל"

זעסט, ווי דאָרט הינטער די ביימער
לאָזט זיך אַראָפּ לאַנגזאַם די זון
און איבער די גרויע שטיינער
ציען זיך שוואַרצע שאָטנס שטום.

און דאָרטן, ווייט, ווייט אין רויטע
פייער־פלאַמען דער מערב שטייט
און שיקט צו די קראַטעס טויטע,
געזעגענונגס־שטראַלן, ווי פאַרן טויט.

און שטיל, רואיק איז אויפֿן הויף —
געענדיקט האָט זיך שוין דער טאָג.
נישטאָ קיין טומל, קיין געלויף —
איינגעהילט ז׳דער הויף אין אַ זאָרג.

און אין דער שטילקייט, דער טויטער
טראָגן זיך טריט שטילע, פֿוילע —
דאָס גייען אַרום די היטער
איבער די שטיינער, די הוילע.

און איבער דער וואַנט, דער ווייסער
פֿליען אינעם הויף קולות טויבע —
דאָס ברענגט זיי דער ווינט, דער פֿרייער,
פֿון דאָרט, פֿון דער פֿריי, די נאָענטע.

זיי צעקלינגען זיך אינעם פֿאַרנאַכט־שיין,
ווי גלאָקן אייזערנע, נייע
און דערמאָנען, אַז ס׳איז פֿאַראַן
דאָרט אַן אַנדער וועלט אַ פֿרייע.

ס׳שלאָפֿן לאַנג שוין די אַרעסטאַנטן
אויף זייערע שמוציקע נאַרעס
און עס חלום׳ט זיך זיי „אַרבעטן״,
די פֿריי, די ווייטע היים און „קאַרעס״.

און אין דער הייך, איבער דעם קאָפּ
שטייט שוין אַ בלאַסע לבנה פֿאַרטראַכט,
קוקט פֿאַרשעמט אויף דער ערד אַראָפּ
און זאָגט אָן, אַז ס׳פֿאַלט באַלד צו די נאַכט.

סלאָנים, טורמע, 30־טער יולי 1924

# צו די װאָלקנס

װו שװעבט איר טאָג־טעגלעך, איר װאָלקנס גרויע,
איבער דעם טעפיך ד׳ם בלויען,
צי זוכט איר דאָרט אין די הימלען, די בלויע
אַן אָרט פאַר זיך אויף צו רוען?

צי פירט איר גאָר פון אייביק אַן אַ קאַמפס־שטרייט
מיט דער זון, װאָס אין דער הייך דאָרט שטייט,
און פאַרלעשן, פאַרנעפּלען זייט איר זי גרייט
זי זאָל ניט לייכטן און בלייבן טויט?

און פינצטער, װיסט װעט אויף דער ערד דאַן װערן,
אייביק, אייביק װעט נאַכט דאַן זיין
און קאַלטע רעגנס נאַסע װעלן טריפן
אין דעם װיסטן חלל אַריין.

קיין מענטשן, חיות, גרינסן װעט אויך ניט זיין —
אַלץ װעט צעגיין און װעט אָפּשטאַרבן,
און איצטיקע פאַלשקייט, שלעכטס, טרערן און פיין
װעט זיך אין די רעגנס צערייבן.

נאָר װינטן, קאַלטע, בייזע װעלן הוליען
איבער דער טויטער, װיסטער ערד,
ברעכן, רייסן אַלץ, װאָס זיי װעלן טרעפן
אין דער תוהו ובהו װעלט.

אָ, גיכער, גיכער, איר װאָלקנס, איר גרויע,
גיכער, די זון דאָרט פאַרטעלט!
גיכער, פאַרנעפּלט די פאַסן די בלויע,
גיכער, פאַרפינצטערט די װעלט!

נישט פאַר אונדז איז די איצטיקע וועלט באַשאַפן —
זי איז פאַר די רייכע געבויט!
נישט אונדז, אָרעמע, די שיינע זון באַלייכט —
זי איז פאַר זיי, פאַר זיי געמאַכט!

און זאָל צעגיין אין רויך די וועלט, די פאַלשע,
און וויסט זאָל ווערן די ערד!
אָ, גיכער, גיכער, איר וואָלקנס, איר גרויע,
גיכער פאַרפינצטערט די וועלט!

סלאָנים, טורמע, 3־טער אויגוסט 1924

---

## האַרבסט

עס הענגען וואָלקנס, וואָלקנס גרויע,
ס'פאַלן בלעטער, בלעטער געלע,
ס'האַרץ בענקט נאָכן הימל, דעם בלויען
פאַרטרויערט שטאַרק איז מיין זעלע.

פוסט און וויסט איז אַלץ אַרום,
פאַריתומט שטייט דער בוים,
טיף פאַרבאָרגן איז די זון,
ווייט פאַרוואָרפן ז'מיין היים.

ס'בלאָזן ווינטן, ווינטן קאַלטע,
פאַר'חושך'ט קוקט די גאַס,
אויף מיין קערפּער קליידער אַלטע,
אונטער די פיס איז נאַס.

ס'גיסן רעגנס אָן אָן אויפהער,
פּאַלן אונטן אויף דער ערד,
נעצן בריען מיינע ביינער,
עלנט בין איך אויף דער וועלט!

סלאָנים, דעצעמבער 1926.

---

## טרייב מיך ניט אַוועק פון זיך..

טרייב מיך ניט אַוועק פון זיך, מיין פריינט!
איך בין קראַנק, עלנט, איינזאַם. איינער אַליין.
איך האָב קיין פריינט, קיין קרובים, קיינעם, קיינעם.
ניטאָ, ווער ס'זאָל מיר אַ גוט וואָרט זאָגן, אַ טרייסט רײדן.
ניטאָ, ווער ס'זאָל מיין נשמה דער קאַלטער דערוואַרעמען;
מיינע ביינער, די דערפרעאָרענע פאַרדעקן.
איך האָב קיין היים, ווו דעם קראַנקן קאָפּ אַנידערצולייגן,
ווו די צעבראָכענע ביינער אויסצורוען.
קיינער ליבט מיך ניט.
אַלע האָבן מיך פיינט.
נאָר דיך, דיך האָב איך.
דו ביסט מיין פריינט, מיין באַשיצער.
אָן דיר בין איך גאָרנישט,
אָן דיר בין איך שטויב, זאַמד.
אַלע וועלן אויף מיר טרעטן, פון מיר שפּאָטן.
לאָז מיר מיין קראַנקן קאָפּ דיר צופוסנס לייגן...

טרייב מיך ניט אַוועק פון זיך, מיין פריינט!
איך וועל ווי אַ הינטל ביי דיר צופוסנס ליגן,
אין דיינע אויגן, די שוואַרצע, קוקן, שווייגן, שטומען.

און אויגן האָסטו גרויסע, גרויסע, ווי קאַרשן, שוואַרצע,
ס'שפּיגלט זיך אין זיי דער מזרח דער ווייטער,
ס'וועבן זיך אין זיי מזרח מעשה'לעך:
פון בני מלכים און בת מלכות,
פון רייכע פּאַלאַצן און אָרעמע כאַטעס.
און דעם מזרח האָב איך ליב,
איך בענק נאָך אים,
ווייל איך בין אַ קינד פון מזרח.

---

מיין לעבן איז אַ ביטערער, אַ שווערער,
אַ מיאוסער, אַ גרויער,
איך האָב גאָרניט פון אים:
וויל איך ניט לעבן,
שטאַרבן ציטער איך
איך בין שוואַך.

הער אויס, מיין פריינד:
איך בין אַן אומגליקלעכער.
איך בין אַ יתום.
איך האָב קיין וועגן,
איך האָב קיין געטער.
גיב מיר אַ וועג אויף צו גיין
גיב מיר אַ גאָט צו דינען.
האָב אויף מיר רחמנות.
טרייסט מיך.
גיב מיר גליק,
גיב מיר אַן אידעאַל.
גיב מיר אַ ניי לעבן.
אַ שענערן.

סלאָנים, דעצעמבער 1926

פון אַ גאַנץ לעבן

## צום נייעם יאָר

געווידמעט מיין תפיסה־חבר, משה שוואַרץ.

אייך, מיינע חברים אין די תפיסות פאַרוואָרפענע,
אין אַרעסטן געפּייניקטע, הונגער געשוואָלענע,
אין קייטן פאַרקאָוועטע, פון אונדז אָפּגעריסענע,
אייך, קעמפער, פאַר אַ לעבן אַ פרייערן,
אַ צוקונפט אַ בעסערע, אַ מאָרגן אַ שענערן,
צי איך אויס מיין האַנט —
מיין האַנט פון אַרבעט געשוואָלענע,
פון קאַמף און ליידן אַ שטאָלענע,
ווינטשט צום ניי־יאָר:
איר און מיר זאָלן ווערן באַפרייט!

---

## ס׳בענקט זיך

ס׳בענקט זיך נאָך רואיקער ליבע,
ווען פרייליך עס צאַפּלט דאָס האַרץ.
ווען פאַרשווונדן מיינע טעג די טריבע
מיט גרויקייט, מיט ליידן, מיט צער.

ווען ס׳ווילט זיך אויף אייביק די אויגן פאַרמאַכן,
מער קיינמאָל די גרויקייט נישט זען.
און אין דער שטיל, אויף מיין ליבסטערס וואַרעמע ברוסט
אויף אייביק אַנטשלאָפן — — — — — —

24־טער מאַי, 1927

בנימין סקודיצקי

# נישט לאַנג, דאַכט זיך ..

(צו אַ געבורטסטאָג, אנשטאט בלומען)

עס לויפן די טעג,
ס׳פאַרשווינדן די יאָרן,
ווו ביסטו קינדהייט?
ווו האָסטו זיך פאַרלאָרן?

נישט לאַנג דאַכט זיך
אין זעמדעלעך געשפּילט —
אַ מיידעלע געווען.
דאַן גליקלעך זיך געפילט —
קליינינקע געווען.

נישט לאַנג דאַכט זיך
אין טייכעלע געבאָדן
מיט מיידעלעך פיל;
וואסערלעך פּאַלושקעט
אינם פאַרנאַכט צייט — שטיל.

נישט לאַנג דאַכט זיך
שנייעלעך געוואָרפן,
שליטעלעך געגליטשט;
מיט קינדער געלאָפן
פריילעכדיק געשטיפט.

נישט לאַנג דאַכט זיך
אין ווינקל געשטאַנען —
פאַרזינדיקט געווען;
אין סאָד ניט געגאַנגען —
פאַרווערט איז געווען.

איצט שפּילן אַנדערע
אין זעמדעלעך פּיל,
איצט באָדן זיך אַנדערע
אין טייכעלע שטיל.

וואַרפט זיך אין שנייעלעך
אַנדערע אַצינד;
שטעלט מען אין ווינקעלעך
אַנדערנס אַ קינד.

בענקט שטאַרק דאָס הערצעלע
נאָך פאַרגאַנגענער צייט;
רייסט זיך די נשמה׳לע
צו אַ קינדערשן היינט.

סלאָנים, 25־טער דעצעמבער, 1926.

# איך האָב זיך פאַרבענקט

איך האָב זיך פאַרבענקט
נאָך בלויע פאַרנאַכטן,
וואָס האָבן אַמאָל
מיין נשמה פאַרוויגט
אין ליבע צו דיר.
אין האַרץ איז געשפּרונגען
דאָס האַרץ האָט געזונגען
אַ תּפילה צו דיר,
אַ תּפילה צו דיר.

איך האָב זיך פאַרבענקט...
נאָך אויגן טיף־בלויע,
וואָס האָבן אַמאָל
אין שטילקייט פון נעכט
געשפּינט און געוועבט
אין ליבע צו מיר.
אין האַרץ איז געשפּרונגען
אין האַרץ האָט געזונגען
אַ תּפילה צו דיר.
אַ תּפילה צו דיר.

18-טער מערץ 1927.

ב נ י מ י ן   ס ק ו ד י צ ק י

# א י ן   נ אַ כ ט י ק ן   פ י נ צ ט ע ר

אין נאַכטיקן פינצטער, פינצטער פון נאַכט,
אונטער הימלען גרויע, איינזאַם פאַרטראַכטע
זיינען מירביידע געגאַן.
אַ שעה מיט אַ שעה, אַ שעה מיט אַ שעה
און טאָג נאָך ניטאָ און טאָג נאָך ניטאָ.
מיר ביידע געגאַן, מיר ביידע געזוכט
אין לעבן אַ וועג, אין פינצטער אַ שיין —
האָבן מיר ביידע געבלאָנקט.
אַ שעה מיט אַ שעה, אַ שעה מיט אַ שעה
און שיין נאָך ניטאָ און שיין נאָך ניטאָ.

מיר ביידע געבלאָנקט, מיר ביידע געדורשט
נאָך ליבע אין לעבן, נאָך שטראַל אין דער נאַכט —
האָבן מיר ביידע געהאָפט.
אַ שעה מיט אַ שעה, אַ שעה מיט אַ שעה
און ליבע ניטאָ, און ליבע ניטאָ.

אומזיכט מיר געהאָפט, אומזיסט מיר דערוואַרט
אַרום איז נאָך נאַכט, אַרום איז נאָך נאַכט —
ווער וויים נאָך ווי לאַנג!
אַ שעה מיט אַ שעה, אַ שעה מיט אַ שעה
און טויט שוין באַלד דאָ און טויט שוין באַלד דאָ.

24־טער מערץ 1927.

## אין אַ פרעמדן לאַנד

אין אַ פרעמדן לאַנד,
אויף אַ פרעמדן זאַמד,
אונטער הימלען אַנדערע,
ווייט פון דיר, מיין טייערע, —
וועל פארוואָרפן ווערן.

מיט דער פרעמדער זון,
מיט דעם פרעמדן ווינט —
וועל דיר קושן ציקן.
וועט דיין קערפּער — זון,
וועט דיין זעלע — ווינט,
ווי איך אַמאָל אַליין —
פרישן און דערקוויקן.

19־טער מאי, 1927.

---

## מיין לעבן

אין פעדים פון פיין מיין לעבן געפלאָכטן,
אין וויטיק די טעג מיינע געוועבט
עמיץ מיין האַרץ מיט אַ חלף געשאָכטן,
מיין נשמה האָט עמיץ פאַרברענט.

מיט שטיינער שווערע מיין לעבן באַוואָרפן,
בענקשאַפט און ליידן — מיין וועג,
עמיץ מיין האַלדז מיט אַ שטריק האָט פאַרצויגן,
פאַרשליידערט מיך ווייט פון אַ ברעג.

בנימין סקודיצקי

# ס'ציען זיך

ס'ציען זיך נעכט לבנה'דיקע, ווייסע
און בייסן, ווי שלאַנגען גיפטיקע, לאַנגע,
פאַרגיפטן זיך בלוטן אַנדערע,
ברענען הערצער פאַרשיידענע.

לויף איך אַרום אין לבנה'דיקע נעכט
און וויל לעשן מיין ברענענדיק האַרץ,
פאַל איך אויף פאַרטויעטע גראָזן
און זויג זייער נאַסקייט אין זיך איין...

לויף איך אַרום אין די פאַרנעפּלטע טעג
און זוך אַ נאַכט, אַ לבנה'דיקע,
עס זאָל זיך מיינע בלוטן צעשפּילן,
עס זאָל זיך מיין האַרץ אָנצינדן...

סלאָנים, 23־טן נאָוועמבער 1926.

# מיין תפילה צו ניי־יאָר

און ווידער שטיי איך פאַר דיר, פאַרהאַנג, מיט חלומות גילדענע באַוועבטער
— און וואַרט.
און ווידער שטיי איך פאַר דיר, טויער, מיט האָפענונגען ליכטיקע באַשפּינטער
— און האָף.
דאָס האַרץ מיינס שרעקט, צאַפּלט, ציטערט, קלאַפּט אויס:
— וואָס — ועט — זיין?!
און עס ענטפערט די פּוסטקייט פון חלל ווייט אָפּ:
— וואָס — וועט — זיין?!
בלאָנדזשע איך אין אַ נאַכט, אַ פינצטערער און זוך אַ וועג
— נ י ט אָ .
שווים איך אים אַ ים, אַ ברוויזנדיקן און זוך אַ ברעג
— נ י ט אָ .
בלאָנדזשע איך אַזוי טעג שוין לאַנג.
שווים איך אַזוי יאָרן שוין לאַנג.
און ווידער שטיי איך פאַר דיר, פאַרהאַנג, מיט חלומות גילדענע באַוועבטער
— און טרוים.
— און רוף:
טעג ליכטיקע ברענג מיר,
יאָרן גליקלעכע שענק מיר.
און ווידער שטיי איך פאַר דיר, טויער, מיט האָפענונגען ליכטיקע באַשפּינטער
און ווען דו, פאַרהאַנג, וועסט זיך וויגן, וויגן — הויבן
און ווען, דו טויער, וועסט זיך רירן, רירן — עפענען —
וועל איך אויף דער ערד אין פחד ליגן
און בלחש צו גאָט טאָן בעטן:
מיין תפילה, די באַשיידענע, נעם אָן!...

סלאָנים, 1927

ב נ י מ י ן   ס ק ו ד י צ ק י

# ווען איך וועל שטאַרבן...

ווען איך וועל שטאַרבן, ליבסטע מיינע,
זאָלסט כאָטש אויף מיין קבר קומען,
אונדזער לעבן שטיל באַווײנען,
לייגן פרישע ווייסע בלומען.
זעץ זיך ליבסטע, אויפן בערגל,
צו דער ערד דעם קאָפּ געבויגן
מיך, דעם טויטן, זאָלסט דערמאָנען,
כ׳ליג דאָ מיט פאַרמאַכטע אויגן.

איינזאַם, ווייט זאָל זיין מיין קבר,
פון אַ מענטשלעך אויג פאַרבאָרגן.
כ׳דאַרף נישט ס׳זאָל ווער צו מיר קומען,
אַחוץ דיר און דער פרימאָרגן.

אויך נאָכן טויט כ׳וועל דיר געהערן,
אייביק זיין אין דיין זכרון,
ווי די גליענדיקע שטערן
וואָס ווערן נאַכט נאָך נאַכט געבאָרן.

ווען איך וועל שטאַרבן, ליבסטע מיינע,
אויף מיין קבר זאָלסטו קומען
אונדזער נעכטן שטיל באַווײנען,
וואָס וועט מער צוריק נישט קומען.

# נאָכן טויט

נאָכן טויט וואָלט איך וועלן
שטיל פון קבר אויפשטיין,
אין אַ ווינטל זיך פאַרשטעלן,
אויף דער ערד — אַרויסגיין.

אין חצות, ווען וועלט פאַרזינקט
אַראָפּ אין טיפן שלאָף
און לבנה־ליכט פאַרשפּינט
מיט פעדים שטאָט און דאָרף;

ווען דער הימל צינדט און וואַרפט
אַראָפּ די שטערן ערגעץ־ווו,
לאָדנס צוגעלענט, פאַרקלאַפּט,
הייזער, גאַסן שטום אין רו —

וועל איך דאַן אין שטאָט אַראָפּגיין,
ביי די ווענט זיך שלייכן
ביז איך וועל מיין שטוב געפינען,
אַהיים צו זיך דערגרייכן.

דורכן פענצטער כ'זע דיך ליגן
אין בעט מיט קאָפּ מיט מידן
אויפן ווייסן קישן, — פלי איך
אין קבר קריק צופרידן.

# א בלויער באגינען

די נאכט פון די גאַסן האָבן פאַרטריבן קליינע, פלינקע ברואים׳לעך מיט ייערע קוויטשעדיקע, קינדערשע שטימעס, וועלכע האָבן ארומגעטאנצט, ווי שאָטנס צווישן די טונקעלע ראָגן און קעגנאיבער דעם אויפגייענדיקן טאָג געשריען:

— לא — פרענ — סא — א.

ס׳האָט געטאָגט.

האָט באגינען א בלויקייט געוועבט ארום און ארום. געקראָכן איבער די ברייטע, ליידיקע גאסן; געקלעטערט איבער די גרויע ווענט פון די מויערן; האָט אין זיי אויפגעפראַלט טירן, לאָדנס, אַרויסגעצויגן פון דאָרט מענטשן, נאָך מיט ווארימע קערפּערס, מיט האלב-פארמאַכטע, פארשלאָפענע אויגן — האָט זיי געצויגן איבער די גאסן גיך, גיך, זיך געהאָנגען אויף דורכלויפנדיקע טראַמווייען און אוועקגעקייקלט ווייט, ווייט.

אָט דער בלויער באגינען איז פארקראָכן אויך צו כאַסע אין צימער. האָט זיך פאנאנדערגעגאָסן אין זיין מאַטאָוון שטאָלענעם קאָליר און אים אויפגעוועקט.

אוי! האָט זיך אים ניט געוואָלט אויפהויבן און ווידער, ווי נעכטן און אייער־נעכטן, ווי אין אלע אזוי פיל פרימאָרגנס, ארומפאָרן אין פארשידענע טראַמווייען, שפּעטער זיך ארייַנרוקן אין א פאַ־גליווערטער אין שטילקייט קופּע מענטשן און ווארטן ביז... ביז, עס רוקט זיך פון טיר ארויס א פנים, באטראכט די פיל אויסגעצויגענע פנימ׳ער און רופט איינעם אריין. און די איבעריקע גייען זיך פאנאנדער מיט דער צייטונג אונטערן אָרעם אין א דריקנדער שטילקייט.

אָט די בלויע פּרימאַרגנס האָבן באַשטעטיקט יענע שרעקלעכע זאַך, וועלכע ער האָט זיך דערוווּסט אין איינעם א פאַרנאַכט, אָט יענע זאַך, פון וועלכער עס האָט דורך זיינע אָדערן א קאַלטער שטראָם דורכגעפלאָסן און אויפגעציטערט זיינע גלידער. ער האָט זיך דערוווּסט, אז ער, כאָסע, טויג מער ניט. איצט טויג ער שוין צו גאָרנישט, צו קיין זאַך, אַפילו צו ריייניקן און וואַשן די געשיר.

און אָט, ווי ער האָט זיך עס דערוווּסט:

אין א שבת צו-נאַכט האָט אים דער אייגנטימער פון רעסטאָראַן אריינ-גערופן צו זיך אין צימער און אים געבעטן זעצן. האָט ער זיך אנידערגע-זעצט אויף דער סאָפע, וועלכע איז געשטאַנען אין ווינקל פון צימער. דער באַלעבאָס האָט זיך אויך געזעצט ביים שרייב-טיש און לאַנגזאַם עפּעס געצייכנט. נאָכדעם האָט ער זיך געזאָגט אין א מיטגעפיל-טאָן, אַז ער, כאָסע, איז שוין צו אַלט, עס טרייסלען זיך ביי אים די הענט און דעריבער רעכנט ער זיך מיט אים אויס. — יאָ, ער פאַרשטייט, ער פאַרשטייט אויס-געצייכנט אַז עס איז שלעכט, אָבער, וואָס קען ער מאַכן? דאָס געשעפט ליידט... נאָר ער גיט אים פאַר א וואָך מער געצאָלט. און האָט אים דער-לאַנגט א רעסיווע זיך אונטערצושרייבן...

כאָסע איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אזוי, אז ער האָט קיין זאַך פאַר זיך ניט געזען. ניט אים, דעם אייגנטימער, ניט דאָס, ניט דעם צימער אַלץ האָט זיך געגעבן א מיש צענויף, כאַ שווינדן, און עס איז געבליבן הענגען א שוואַרצקייט.

נאָר דאָס האָט געדויערט עטלעכע סעקונדן. נאָכער, איז דער אַרום געוואָרן העלער און דייטלעכער און ער האָט ווידער געזען דאָס צימער און באַלעבאָס. און קוקנדיק אויף דעם געלט און רעסיווע האָט זיך הויך און ווילד צולאַכט:

— כאַ... כאַ... כאַ...

געוויינט האָט ער גאָרניט. נאָר ביים אונטערשרייבן זיך, האָט ער אריינ-געקוקט דעם באַלעבאָס אין די אויגן אריין און האָט מיט ביטול געזאָגט:

— גראַסיאַס, סעניאָר, כאַר די פּראָפּינע...

און איז ארויס.

יענעם אָוונט איז ער אהיים גלייך ניט געגאַנגען. נאָר ער האָט ארומ-געשפּאַנט איבער די גאַסן מיט א נערוועזער שנעלקייט. זיך געפילט, ווי

מען איז קעגן אים א פאַרברעכן באַגאַנגען, אים באליידיקט, אויסגענוצט אים און אַרויסגעוואָרפן.

האָט ער מיט דער האַנט געדריקט דאָס פעקעלע פאַפירלעך אין קעשענע און געשמייכלט...

אהיים האָט ער זיך אומגעקערט שפּעט. זיין ווייב מאַריא איז שוין געלעגן אין אויסגעצויגענע און פון איר האָט א הייסע פאַרע געשלאָגן. ער האָט זיך שנעל אויסגעטאָן און זיך נעבן איר געלייגט.

געשלאָפן איז ער אויף מאָרגן שפּעט, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען האַלבער טאָג. און ווען זיין ווייב האָט אים צוגעטראָגן א מאַטע האָט ער ארויסגענומען דאָס פעקעלע געלט, איבערגעלייגט פאַר איר און עס דערציילט.

דאַן האָט זי אים אָנגעקוקט לאַנג, לאַנג. האָט ער געזען, ווי אין אירע אויגן האָט א גלאַנץ אויפגעשפּרונגען און האָט זיי פאַרגאָסן מיט א פייכטקייט, האָט ער זי דערלאַנגט א ציִ צו זיך...

— מאַריע, וויין ניט, מיר וועלן לעבן...

יענער טאָג איז געווען א שטילער און אַן אומעטיקער, האָט זיך געצויגן לאַנג, לאַנג: ווי עס ציט זיך א טאָג אין א שטוב פון אַן אָבל.

ער האָט זיך קוים דערוואַרט אויף נאַכט. ביינאַכט איז ער אין ערגעץ ניט געגאַנגען און זיך געלייגט אָנהויב אָוונט שלאָפן.

אויף מאָרגן איז ער אויפגעשטאַנען פרי. האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און איז ארויס אין דרויסן.

אין דרויסן איז געהאָנגען א בלויער באַגינען.

און אָט, האָט ער נאָך פופצן יאָר צייט, ווידער אין דער שטילער פריִמאָרגנדיקער בלויקייט א פאָכע געטאָן מיט דער האַנט, ווי אמאָל, גאָר אמאָל, און ווידער איז צו אים ווי אמאָל צוגעשפּרונגען א שוואַרצער יאַטל. און האָט אים אויסגעשטרעקט א „לא פּרענסאַ״.

איז ער געפאָרן.

אין קאָפּ ביי אים האָבן זיך געשלענגלט, געטאַנצט אָפּגעהאַלטענע שטיקלעך דערינערונגען פון לעבן. האָבן זיך אויסגעלייגט איינס אויפן צווייטן, זיך צונויפגעמישט מיטן רוישיקן קייקלען פון טראַמוויי און זיינען אויסגעוואַקסן ביי אים אין מוח, ווי א שווער בערגל, וואָס האָט געקוועטשט אין די שלייפן.

אַז ער איז צוגעקומען צו דעם הויז ווו „עס האָט זיך געפּאָדערט” און אַריינגעגאַנגען אין רעסטאָראַן אַריין, האָט ער אים געטראָפן אינגאַנצן ליידיק. דער מאָסאָ איז געזעסן ביי אַ טישל און אריינגעקוקט אין א צייטונג. ביי זיין אריינקומען האָט ער זיך אויפגעשטעלט. כאָסע איז צו אים צוגעגאַנגען און געפרעגט, ווען קען מען זען דעם באלעבאָס: יענער האָט געענטפערט, אַז אין א שעה שפּעטער. זאָל ער אָפּווארטן.

כאָסע איז ארויס אין דרויסן א צופרידענער, קיינער חוץ אים איז ניט געקומען, ער איז געווען דער ערשטער.

אין דרויסן איז געווען שטיל און דער בלויער באַגינען האָט אָנגעהויבן העלן.

נאָך זיי זיינען געקומען, פון פאַרשיידענע קאַנטן, איינציקע, שטילע, פארשלאָפענע, יעדער מיט א צייטונג אונטערן אָרעם.

די קופּע מענטשן וואָס האָט געטראָגן אין זיך איין געפיל, איז געוואָרן

ברייטער און ברייטער.

כאָסע איז אריין דער ערשטער. אים האָט דער בלויער באגינען פריער פאַר די איבעריקע אויפגעוועקט. דער באַלעבאָס איז געשטאנען אָנגעשפּארט אויפן בופעט. ער האָט כאָסען אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אראָפּ, מיט מאָדנע גלייכגילטיקע אויגן. כאָסען איז אזש פון דעם קוקן ניט גוט געוואָרן. אין הארצן האָט אים אָנגעהויבן שטיל צו קלאַפּן.

— שוין לאַנג ביי דער אַרבעט?

כאָסע האָט זיך געוואָלט פאנאנדערלאכן. נאָר אָנשטאָט פאנאנדערלאכן זיך האָבן זיינע ליפּן זיך אויפגעעפנט און זיך צעקרימט. אין מויל האָט ער דערפילט א טריקעניש.

ער האָט געענטפערט:

— לאנג, סענ׳אָר, פופצן יאָר...

דער באלעבאָס האָט אויף אים לאַנג געקוקט, באטראכט זיינע הענט, די פיס, דעם קאָפּ, .ארויסגענומען א נאָטיץ ביכל, געפרעגט זיין נאָמען און פאמיליע, אדרעס, דאָס אלץ פארצייכנט און געהייסן אים גיין אהיים, ער וועט אים שוין אָנזאָגן, ווען צו קומען...

כאָסען איז גוט געווען באַקאַנט אָט דאָס פאַרצייכענען. אָ! פון אַמאָל געדענקט ער עס. מען וויל דאָך נישט ארויסרייסן די לעצטע האָפענונג, פאר-

שרייבט מען, זאָל יענער האָפן, און נאָך זיין אַרויסגאַנג קייקלט זיך דער אַדרעס איבער דער פּאָדלאָגע.

און אזוי האָבן זיך געצויגן בלויע באַגינענס, איינער נאָכן צווייטן. א סך, א סך; אַלע זיינען זיי גענען ענלעך. זיי האָבן זיך אַזוי אויפגעקייטלט, אז כאָסען האָט זיך געדאַכט, אז עס ציט זיך עס איין לאַנגער, בלויען באַגינען.

נו, איז וואָס זאָל ער איצט ווידער אויפשטיין און פאָרן? נאָך וואָס? ער האָט דאָך אין זיי, אָט אין די באַגינענס די האָפענונג פאַרלוירן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין ווייב, וועלכע איז געלעגן אַן אויסגעצויגענע מיט צעשפּרייטע פיס, א זודיקע, און אים האָט זיך אזוי געוואָלט, אָט איצט איינפלעכטן זיך, איינגראָבן זיך אין די פאלדן פון איר קערפּער, זיך איינגראָבן אין די פאלדן פון איר זודיקן בויך, פארגעסן אַז אַלץ און ליגן...

נאָר דאָס איז געווען אין געדאַנק. אינסטינקטיוו, האָט ער זיך אָנגעטאָן, זיך איינגעוואַשן מיט קאַלט וואַסער און איז שטיל, ווי נעכטן, אַרויס.

---

אין דרויסן איז דער בלויער באַגינען געהאָנגען.

דער טראַמוויי האָט זיך, ווי אַלעמאָל, געשלענגלט דורך די גאַסן; ער איז געזעסן ביים פענצטער און געקוקט, ווי זיי וואַכן אויף. אין קאָפּ ביי אים איז געלעגן אויסגעשפּרייט א קאַלטע רואיקייט. ער האָט זיך, ווי שוין צוגעוווינט, צו אָט די בלויע באַגינענס. ער האָט שוין געהאַט אין פאַרשטעלונג די נעכטיקע און אייערנעכטיקע באַגעגענישן, פראַגן און ענטפערס.

נאָר דאָך, האָט ערגעץ אין אַ ווינקל פון זיין האַרץ געברענט אַ קליין פייערל, און דאָס פייערל האָט ארומגענומען זיין קערפּער אין איין פלאַם פון האָפענונג: אפשר, אפשר וועט אים געלונגען זיך שטעלן ארבעטן און דאָס פייערל האָט אים איינגעהילט אין א גליקלעכן דמיון: ער ארבעט, קומט אהיים, לייגט אויס פאַר מאַריען דאָס פארדינטע געלט... אין שטוב איז פריילעכער געוואָרן און גוט...

— אָ, מאַריע, מיר לאַכן פון זיי... מאַריע, הא, איך טויג נאָך...

פון דעם געדאַנק, אז „ער טויג נאָך”, אז ער, כאָסע, איז נאָך נוצלעך, — האָט זיין קערפּער א שטייפקייט דורכגענומען. זיין האַרץ האָט פריידיק געקלאַפּט...

ביי דער טיר האָט ער שוין געטראָפן אַ גרופּע. יונגע זיינען זיי געווען, מיט שמאָלע, טונקעלע פּנימער, מיט גלאַנציקע חוצפּה׳דיקע אויגן.

ער האָט זיך אין שטילקייט נעבן זיי אוועקגעשטעלט.

איינגעטלעך, האָט ער זיך אליין נישט געשטעלט, ניין, ער האָט געוווּסט, אַז זיין שטעלן זיך איצט דאָ און וואַרטן איז אַן אומזיסטער, נאַר עמיץ, אַן אומבאַקאַנטע קראַפט האָט אים דאָ צוגעשמידט, דאָס איז געווען אָט די זעלבע קראַפט וועלכע האָט אים אוועקגעריסן פון מאַריעס זודיקן קערפּער, אים אַרויפגעשלעפּט אויף אַ טראַמוויי און געבראַכט אַהער.

איז ער געשטאַנען.

ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויפן וואַנט און געקוקט אין דער הויך. און דאָרט, אין דער הויך איז אַ בלויקייט געהאָנגען און האָט זיך אוועקגעצויגן ווייט, ווייט און פון אַ ווינקל הימל איז אַ לאַנגער פּורפּור-רויטער פּאַס אויפגעגאַנגען, האָט זיך געהויבן העכער, העכער און געררויטלט די באַצויגענע בלויקייט.

אין טיר האָט זיך ווי שטענדיק באַוויזן אַ פּנים, ווי אַלעמאָל, לאַנג באַ-טראַכט די קופּע מענטשן, וועלכע איז געשטאַנען אַ צוינויפגעטוליעטע ווי שעפּסן אין אַ רעגן און פון איר איינעם אַריינגערופן.

כאָסע איז אַוועק. ער האָט זיך פּלוצלינג דערפילט נידערשלאָגן און ווי אָפּגעשמיסן, צום ערשטן מאָל האָט ער איצט דערפילט, אַז אַזוי, אַ ליידיקער צוריקקערן זיך אַהיים קען ער ניט.

איז — ווי ער איז געשטאַנען מיט דער צייטונג אונטערן אָרעם, אַזוי האָט ער זיך אוועקגעלאָזט פּאַרויס.

דער באַגינען איז שוין ניט געווען... אין הימל איז איצט געשטאַנען אַ גליענדיקע קויל-זון, און האָט געברענט די אויסגעשפּרייטע רוישיקע גאַסן אין אַ פייער. כאָסע מיט דער צייטונג אונטערן אָרעם האָט זיך צונויפגע־מישט מיט דעם אַרומיקן הו-הא און געשטראָמט...

ער איז צוגעקומען צו אַ פּלאַסע און זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק. ער האָט איצט דערפילט אַ מידקייט אין די קני און די מידקייט האָט זיך צעגאָסן איבער זיין גאַנצן קערפּער.

און אָט דאָ, זיצנדיק אויף דער פּלאַצע איז אויפגעשוווּמען זיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט. זיינע פּופּציק יאָר האָבן זיך איצט פאַר אים אויסגעוויקלט. האָט ער געזען זיין היים, זיין זוניקע איטאַליע, זיין קומען אַהער, אין

ארגענטינע, זיין פלאָגן זיך אין דער ערשטער צייט; האָט ער זיך, ווי אַמאָל געזען, אַן איינגעשפּאַנטן אין אַ וועגעלע מיט גרינס ווי אַ יונג לאָשאַקל, און אונטער דער גליענדיקער זון געצויגן, געצויגן... שפּעטער, דאָס אַרבעטן ביים פּאַרט, ביים שלעפּן די שווערע פּירקאַנטיקע קאַסטנס, זיין וואַלגערן זיך אַליין איבער די רוישיקע גאַסן, זיינע נעכט אויף די פּלאַסעס; שפּעטער, זיין באַקאַנטשאַפט מיט מאַריען; זיין ווערן אַ מאַסאָ, און זייער צוזאַמענלעבן ביז איצט.

ער האָט אונטערגעפירט אַ סך הכל פון אָט דעם לעבן און געזען, אַז ער איז געוועזן אַ נודנער, אַז פון זיינע פופציק יאָר לעבן איז אים געבליבן עטלעכע ווייכע פּערלעך אין קעשענע... נאָך, מער, יענער לעבן, דער אַמאָליקער פון די קאַסטנס און גרינס איז ווידער דאָ, ער האָט זיך מיט אים ווידער געטראָפן.

און איצט? וואָס איצט? איצט זיצט ער ווידער אויף דער פּלאַסע, ווי אַמאָל, מיט יאָרן צוריק. און די פּלאַסע איז די זעלבע, נאָר ער פילט זיך שוואַכער, צעבראָכענער.

איצט האָט ער זיך צעריבן אין אָט דעם ברוויזנדיקן אַרומיקן לעבן, זיך אין אים אַריינגעגאָסן און געוואָרן אַ שטיק פון אים. קיינער באַמערקט אים ניט, קיינער, ניט מען ווייס פון אים, פון זיין עקזיסטענץ, אַז ער האָט אַ מאַריע, וועלכע דרייט זיך אַרום אין אַ שטוב שטיל ווי אַ שאָטן... און אַז מאָרגן, איבערמאָרגן, וועט זי שוין אויך אָט ווי ער איצט, זיצן אויף דער פּלאַסע...

און איצט האָט זיך אים געוואָלט, אַז עמיץ זאָל אים מיטפילן, מיטהעלפן. אָך! ווען ער האָט קינדער! — איצט, אויף דער עלטער... נאָר קיין קינדער האָט ער דאָך ניט...

ער איז געזעסן לאַנג, לאַנג, און אין מוח ביי אים האָבן טויזנטער פליגן געזשומעט.

נו, איז וואָס זאָל איך טאָן? — גיין אַהיים, צו מאַריען, ווידער אַזוי? ניין! אַזוי קען ער נישט...

פּלוצלינג האָט אים אין ברוסט-קאַסטן געגעבן אַ דריק ווי מיט צוואַנגען וואָלט מען דאָרט אָנגעכאַפּט. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופט און זיך געלאָזט פאָרויס.

איבער די גאסן איז א שווארצער הימל, ווי א שווארצער טוך געהאָנגען. מיט פארשידן-קאָלירטע פייערלעך געוועזן באזעצט.

אונטן, אין די גאסן, האָבן מענטשן געשטראָמט, געהוזשעט. ס'האָט געלעבט.

אַ דורכגעוועבטע מיט ווייטיקדיקע זיסע, זיסע תאווה, אַ דורכגעפלאָכטענע מיט זודיקע, נאקעטע פרויען-פלייש, מיט שיכורע, חיה'שע אָרגיעס האָט זיך די נאכט געוויגט.

איינגעשלונגען אין זיך די שווערע טאָגיקע ארבעטס-שעה'ן, די זאָרגן, ליידן — עס צעריבן, פאר'שיכור'ט אלץ אין ארום אין איר נאקעטן זנות'ישן טאַנץ.

צעפלאמטע, נאקעטע נישט אָנגעזעטיקטע נקבה האָט אין דער נאכטי־קער לופט געטאנצט, געשפרונגען, געמאָנט:

לעבן!

כאָסע מיט דער צייטונג אונטערן אָרעם האָט זיך אויך אין דער ווילדער נאכט ארייַנגעפלאָנטערט, און זיך אין איר געדרייט.

די ראָזעווע כאָרהאנגלעך, האָבן מיט זייערע פייערלעך, פון אומעטום געפינקלט. האָבן צעוואָרעמט די בלוטן און ארייַנגעצויגן הינטער זיי...

כאָסע האָט זיך שוין לאנג געדרייט. ער האָט פארגעסן אָן מאריע, אָן היים, אָן אלץ און אלעמען. ער האָט שוין פאַרגעסן אפילו אָן זיך זעלבסט. ער האָט זיך ארייַנגעמישט אָט אין דעם ווילדן נאקעטן טאנץ, פאר'שיכור'ט געוואָרן און פארטויבט.

ער האָט אָנגעטאפט מיט האנט זיינע עטלעכע פאפירלעך אין קעשענע: דעם סך-הכל פון זיינע אָפּגעלעבטע פופציק יאָר. און —

האָט אָנגעקלונגען.

שוין לאנג איז ער ניט געווען אָט דאָ, הינטער די ראָזעווע פאָרהאנגלעך; אך, שוין לאַנג — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

ארויס איז ער פון דאָרט שפּעט.

עס איז געהאָנגען א בלויער באַגינען.

ב נ י מ י ן   ס ק ו ד י צ ק י

# מ י ט   א   מ ע נ ט ש   ו ו י י נ י ק ע ר

שוין עטלעכע מאָל, ווי ער קומט פרי פון גאס.

פאַר דער גאנצער צייט, וואָס הירשל פישמאַן, אָדער, ווי מען רופט אים דאָ „סעניאָר ענריקע פישמאַן" איז דאָ אין בוענאָס איירעס, — האָט נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן, אז ער, דער הויכער און דארער זעקס און צוואנציק יעריקער בחור מיט די ארויסגערוקטע גרינע אויגן און גראָבן קנאָפּ אין גאָרגל, זאָל אין א פאַרנאכט-צייט איבערלאָזן די רוישיקע גאסן, די רעסטאָראַנען, קאפע-הייזער, זיך זעצן אויף אַ טראַמוויי און מיט דעם פּעקל סחורה זיך אריינוואַרפן אין קליינעם סאָלטערסקן צימערל, וועלכער שטייט ערגעץ אויף אַ דריטן שטאָק אין אַ פאַרוואָרפענער ווייטער קוואדרע. פארקערט, אָט אין די פאַרנאכטן, פריער, ווען גאסן צינדן זיך אָן מיט פארשידןקאָלירטע פייערלעך און די קאפע-הייזער ווערן אָנגעפולט מיט די זעלביקע פרימאָרגנדיקע מענטשן, נאָר אָנשטאָט די שאליקעס אויף זייערע העלדזער — הארטע, ווייסע קעלנערלעך און קראַוואַטן, — פלעגט ער עפּעס לייזן.

די לעצטע צייט איז אים, הירשל פישמאַנען, אָט די פארנאכטן געוואָרן עפּעס שרעקעדיק און ניט נאָר די פארנאכטן, דאָס גאנצע לעבן זיינס האָט זיך איצט, ווי פון די רעלסן אראָפּ, אָנגענומען א משונה׳דיקע פאָרם. כאָטש ווי פריער, האָט ער זיך ארומגעטראָגן מיטן פּעקל סחורה אויף די אקסלען, דאָס פּעקל, וועלכער איז באשטאַנען פון פארשידנפארביקע בינדעס, טיכלעך, דאַמען-זאָקן, שיך-בענדלעך און נאָך ענלעכע צו דעם, קליינינקייטן; כאָטש, ווי פריער, האָט ער אין לופט אריינגעשריען, געפייפט, געקלאפּט, דאָך, איז איצט שוין געוועזן אַן אנדער פייפן, אַן אנדער קלאפּן; אין זיין הייזעריקער, גרויער שטימע איז שוין נישט געלעגן יענע פריערדיקע גייציקייט, און יענע פריערדיקע צופרידנקייט, וועלכע ער האָט געפילט ביים

פאַרקויפן א שיך-בענדל, איז אָפּגעטראָטן פאַר א געפיל פון גלייכגילטיקייט. איצט, האָט ער געשריען, ווייל ער האָט ניט געקענט ניט שרייען, אזוי, ווי ער האָט געגעסן, געשלאָפן, ווייל ער האָט ניט געקאָנט ניט עסן, ניט שלאָפן.

עס איז אויך פאַרענדערט געוואָרן די סביבה זיינע. אָנהויבנדיק פון גלאטן, צעמענטענעם אספאַלט אויף די גאסן, טראמווייען, אָמניבוסן און ענדיקנדיק מיט זיין קליענטעלע, וועלכע איז באשטאנען פון אלערליי ברוי-אים: פרויען מיט אַראָפּגעהאָנגענע גוידערס, אויסגעדאַרטע סאָלטעראַס און פעטע, בייכלדיקע יידעלעך — די גאנצע אומגעבונג זיינע, איז אים מיט אמאָל געוואָרן פרעמד, עקלדיק.

דערפאַר ביי זיך אין צימערל, צווישן דעם הילצערנעם איין פּעזעדיקן בענקל און אייזערנער בעטל מיט די אויסגעדרייטע פיסלעך, האָט ער זיך געפילט היימיש און נאָענט. אין אים פלעגט ער זיך פאַרשליסן, זיך אויסציען אויפן בעטל און טראַכטן.

און געטראַכט האָט ער וועגן זיך זעלבסט, וועגן זיין לעבן. פלעגט יעדעס מאָל אונטערציען א סך הכל פון זיינע שוין דורכגעלעבטע יאָרן און קומען יעדעס מאָל צום אויספיר, אז ער, ענריקע פישמאן, וואָס דרייט זיך אין א בוענאָס איירעס מיט א פּעקל סחורה אויפן אקסל, איז פאַר דער וועלט איבע-ריק, ניט נוצלעך, נאָך מער, ער פּלאָנטערט זיך יענעם אונטער די פיס און שטערט יענעם דעם גאַנג.

און ווי דאָס איצטיקע לעבן זיינס איז געווען גרוי און עקלדיק, אזוי האָט פונקט פאַרקערט, זיין אָפּגעלעבטער לעבן פאַר אים זיך פאָרגעשטעלט אַ העלער און א שיינער.

פלעגט ער אין די פאַרנאַכטן אויפן בעטל ליגנדיק, איבערדערמאָנען יעדע דערינערונג, אָנהויבנדיק פון זיינע קינדער-יאָרן און ענדיקנדיק מיט איצט.

און וואָס טיפער ער האָט זיך ארייגעלאָזט אין דער וועלט פון דערי-נערונגען, אַלץ רעאַלער האָט זיך אים געדאַכט, אַז יענעם לעבן האָט געלעבט אַן אַנדערער גאָר, אַן אַנדערער הירשל פישמאַן, וועלכער האָט אויך, ווי ער, געהאַט ארויסגעשטעקטע, גרינע אויגן מיט א גראָבן קנאָפּ אין גאָרגל; דער הירשל פישמאַן, וועלכער ליגט אין די פאַרנאַכטן אין א קליין צימערל, אָפּגערוקט פון דאָס רוישיקע בוענאָס איירעסער לעבן, איז קיינמאָל גאָר אין פוילן ניט געווען. ער איז ארויסגעשפּרונגען מיט זעקס יאָר צוריק אין

אַרגענטינע, מיט אַ פּעקל סחורה אויפן אַקסל, מיט אַ הייזעריקער שטימע און משנה'דיקן לשון, מיט סוחרישע, קליינלעכע געדאַנקען, מיט צביעות, חניפות — אַלץ מיט אַזעלכע געדאַנקען, וועלכע יענער הירשל פּישמאַן האָט געהאַסט און באַקעמפט.

יענער הירשל פּישמאַן איז אים איצט געוואָרן ליב און טייער. ווי אין אַ חלום, האָט ער זיך געזען, אַ יונגער אַ קרעפּטיקער, מיט שטאַרק רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען און שטרעבונגען. ער האָט זיך געזען אין פאַבריק צווישן פּוילישע און יידישע אַרבעטער, מיט זיי אויף גאַסן־דעמאָנסטראַציעס און מיטינגען; אין פינצטערע נעכט אויף בוידעם־שטיבלעך, צווישן אָנגעוואָרפענע דינינקע פּאַפּירלעך און בלעטלעך. ער האָט זיך געזען אויף פאַרשנייטע דאָרפישע וועגן, אין אָרימע, פּויערשע כאַטקעלעך באַלויכטענע פון ברענענדיקע דינינקע העלצלעך, און שפּעטער אין פאַרשידענע דעבענסיוועס און טורמעס, אין הונגער־שטרייקן און קייטן. און פּלוצלונג, מיט אַמאָל, איז עס אַלץ פאַרשוווּנדן און עס איז געוואָרן אַ לעבן פון זאַקן־בענדלעך, אַ גאַסן־לעבן.

און עס איז אים מאָדנע געוואָרן דאָס איצטיקע לעבן. אַ בענקשאַפט נאָך דאָס פאַרגאַנגענע האָט אים אַרומגענומען. עס איז אים געוואָרן טייער און ליב נישט נאָר די מענטשן מיט וועלכע ער האָט געקעמפט, נאָר אפילו די אייזערנע קראַטעס אין צעל, די הילצערנע נאַרע, די געשלעגן פון די שפּיקעס — דיליידן זיינע זיינען אים געוואָרן נאָענט און צוציענד.

שווער האָט זיך געדרוקט דאָס לעבן פון הירשל פּישמאַן. אַ לעבן אָן אַ ציל, אָן אַ זין, אָן איין שטראַל ליכטיקייט און האָפענונג אויף בעסער. אַ לעבן ווי אַ קאַלטער, שווערער שטיין.

און ער האָט זיך פון איצטיקן לעבן אָפּגערוקט אין אַ זייט. מיט דעם פּולן קויש סחורה פלעגט ער זיך צוריקקערן, נישט פאַרקויפט אפילו קיין איינציקע פּאָר שיך־בענדלעך. די קליענטעלע זיינע איז זיך צעשוווּמען. און די גרעסערע סוחרים האָבן אים אויפגעהערט צו באָרגן און ער האָט גאָרניט באַמערקט, ווי דאָס מאַטעריעלע לעבן רוקט זיך פון אים אוועק. ער האָט געשוועבט אין דער וועלט פון דערינערונגען.

און טעג האָבן זיך געדרוקט און פאַרגאַנגען. דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט נאָך געהאַט אין שטרויענעם קערבעלע האָט זיך אויסגעלאָזט. עס איז שוין געווען פאַר'משכנ'ט זיין ווינטיקדיקער מאַנטל; שפּעטער איז שוין זיין

קערבעלע געשטאַנען ביי אַ צווייטן חבר זיינעם אונטערן בעטל און נאָך שפּעטער, איז ער שוין געבליבן אָן אַ דירה.

האָט ער זיך שוין איצט אין טעג געדרייט איבער בוענאָס-איירעסער גאַסן, געכאַפּט ביי אַ באַקאַנטן אַ פּעזע, ביי אַ חבר אַ מיטיק און די נעכט דורכגעמאַכט אויף אַ הילצערנער באַנק ערגעץ אויף אַ פּלאַסע.

און איצט האָט דער געדאַנק, אַז ער, הירשל פישמאַן איז אויף דער וועלט אַן איבעריקער, אים נאָך מער געעקבערט. ער האָט אים באַגלייט אויף יעדן שריט און טריט. ער האָט זיך געפילט ווי אַן איבעריקער, אַ פרעמדער, וועלכער האָט קיין שום שייכות ניט מיט דעם אַרומיקן לעבן און ער דאַרף אינגאַנצן אוועקגיין פון אים, נישט ווערן.

און דאָס האָט ער דערגרייכט.

שפּעט אין די נעכט, איז אין די זייטיקע גאַסן פוסט און ליידיק. פליט דורך אַ טראַמוויי ווען ניט ווען, פליט ער דורך מיט אַ שנעלער גיכקייט און האַסטיקייט. אין יענער צייט איז פינצטער און ביים קאָנדוקטאָר פון ליידיקן טראַמוויי קלעפּן זיך די אויגן.

אָט אין איינער אַזאַ נאַכט האָט געהאַט די געלעגנהייט צו נישט ווערן הירשל פישמאַן, אָדער, ווי מען האָט אים דאָ גערופן „סעניאָר ענריקע פישמאַן", דער הויכער און דאַרער זעקס און צוואַנציק יעריקער בחור מיט די אַרויסגערוקטע, גרינע אויגן און גראָבן קנאָפּ אין גאָרגל.

# צווישן לעבן און טויט

אז אַקולקאַ האָט זיך צוריקגעקערט אין צעלע, זיינען שוין אויף זיינע פיס געהאָנגען קייטן.

אַריין איז ער שווייגנדיק. אויף קיינעם נישט געקוקט. געווען ווייס ווי קרייד. האָט ער זיך אויף דער „פּאראשקע", אנידערגעזעצט און זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

אַקולקאַ האָט געוויינט, אין די הענט דעם קאָפּ אריינגענומען. מאָדנע זיך אויפגעדרייט. אין דער גרויער סערמיגקע האָט ער, ווי א קנויל, א גרויע אויסגעזען, און אָט פון דעם קנויל האָט זיך עס געריכן כליפּען.

און אונדז? אונדז אלעמען האָט א שרעק ארומגעכאַפּט. א שרעק פאַר זיך. און די שרעק האָט זיך אין אונדזערע הערצער, ווי בליי אריינגעגאָסן און עס איז מיט אמאָל געוואָרן שווער.

און אין צעלע איז מיטאמאָל אלץ פארשוויגן געוואָרן. אלץ און אלע איז געוואָרן פאַרשטומט, עס האָט זיך פארשפּרייט אזא שרעקעדיקע שטילקייט, אז די לופט האָט אזש געציטערט.

נאָר דאָס האָט געדויערט נישט לאנג. אייניקע מינוטן, און נאָכדעם, נאָכדעם האָבן מיר אָנגעהויבן איבערן צימער ארומשפּרייזן. אָט הין און צוריק, הין און צוריק. יעדער אין זיין „ליניע": זיך ניט צעקלאפּן מיט א צווייטן. יעדער האָט זיך פארשלאָסן אין זיך און געטראַכט וועגן זיך.

און דאָס שרעקלעכסטע איז געווען, וואָס אַקולקאַ איז אומשולדיק. ער איז אפילו פון נארע נישט אַראָפּ. ער האָט גאָרניט געוואָלט מיטלויפן. און דערפאַר טאקע, איז זיין וויינען געווען אזוי שוידערלעך און שרעקלעך.

און געווען איז דער פרימאָרגן, ווי אויף צו להכעיס, א זומערדיקער און

אַ לויטערער. און אין צעלע האָבן זאָרגלאָז זיינע העלע שטראַלן אַרומגע־טאנצט. אָט, ווי נעכטן און אייערנעכטן.

נאָך היינט האָבן זיי אויך ארומגעטאנצט אויף אָקולקאָס ווייסע, אזעלכע קייטן.

---

א חלום...

די „פּויי" איז דאָך נעכטן אזוי נאָענט געווען. נעכטן האָבן מיר זי דאָך געזען. דערפילט. מיט די הענט זי אָנגערירט און ניט געקענט נעמען.

יאָ, נעכטן. נעכטן האָבן מיר זי געזען. אָט די „פרייהייט", וועלכע האָט זיך געצויגן אויף יענער זייט וואַנט אזוי פיל חדשים, יאָרן, אייביקייטן גאנצע. און טיף אין דער נאכט איז עס געווען. האָט די טיר פון צעלע געהיימניספול א סקריפּע געטאָן און אין דער שטילקייט האָט זיך א מויל א העלע צעעפנט.

און פון די טרעפּ זעען מיר די נאכט: א בלויע און א זומערדיקע, באָר־וועסע שטייען מיר אויף דעם קאַלטן צעמענט. די שיך אין די הענט. שטייען מיר אזוי צופרידענע און שרעקעוודיקע און קוקן. קוקן און זעען: ציט זיך אוועק דער הויף אין תפיסה־שטילקייט, א פארגאָסענער אין בלויקייט. צי־טערט אין דער הויך, אין ווייסע כוואליעס די לבנה, אויך א בלויע, שפּילט זיך אין הימל: פאַרגיסן זי די וואָלקנדלעך און זי שפּרינגט אַרויס...

און אין דער שטילקייט:

— ער שלאָפט ניט?...

— ניין...

— איז וואָס וועט זיין...

— ?

— בינדן...

— ווער?...

— ?

און די שטילקייט שווייגט. און דער אַרום איז אַ פּאַרגליווערטער, און ענטפערט ניט. איבער די ווענט הענגען אונדזערע שאָטנס און די צייט ציט זיך אַזוי לאַנג און פיינלעך...

איז ער ארויסגעלאָפן. און נאָך אים דריי.

א בלאסער איז ער געווען. און די אויגן אזעלכע ברייטע און צעצונ־

דענע. און ביי אַלעמען גליען די אויגן אין פייערלעך אזוינע, ווי ביי וועלף אויף פאַרשנייטע וועגן. איבער די באקן ביי אים — דאָס רימענטענע פאסעק און איבערן שטערן דער דאַשעק טיף אראָפּגעצויגן...

און ער איז דאָרט אויפן שטיין נעבן וואנט געזעסן. אין בלויען מונדיר געזעסן און געקוקט אין דער הויך צו דער בלויער לבנה. עס איז דאָך היינט ניט אַנדערש ווי נעכטן, איז פאַרוואָס זאָל ער נישט קוקן?... די ביקס צווישן די פיס... און די לבנה טונקלט זיך און טונקלט זיך...

און אָט איז פאַרגעקומען דאָס שרעקלעכסטע:

צום ערשט האָט ערגעץ א געשאָכטענע קאלב, אָט מאָדנע פארשטיקטע צוויי קרעכצן ארויסגעגעבן.. האָבן זיי זיך אויסגעצויגן אין דעם נאכטיקן חלל אין א לאנגן עכאָ... און פאַרגליווערט געוואָרן. און נאָכדעם האָט שוין די נאכט אליין, ווי פון זיך א רעווע געטאָן און ערגעץ האָט א רעוואָלווער אויסגעשאָסן. איין קנאל און נאָך אַ קנאל. האָט זיך די נאכט א וויג געגעבן און זיך אָנגעהויבן טרייסלען אין א רוישיק קלאפן. אויפן קאָרידאָר זיינען שאָטנס שווארצע ארומגעלאָפן און אונטן האָבן פעסטע שטיוול-טריט געטראָטן...

— דורכגעפאלן...

און אז דער פרימאָרגן, אך, דער טורמע-פרימאָרגן — האָט זיך ווידער דורך די קראַטעס צו אונדז אריינגערוקט, זיינען מיר שוין אויף די נאַרעס געלעגן, אָט, ווי עס וואָלט קיין זאַך נישט געשעען....

---

שוין עטלעכע נעכט, ווי מען שלעפּט אונדז אין קאַנצעלאריע צום „בעדן".

איינציקווייז שלעפּט מען אונדז. און אָט ווי עס קומט כאָר:

ווערט שפעט אין דער נאַכט. פאַרזינקען אין שלאָף ליגט די טורמע, די ווענט, דער הויף, די אַרעסטאנטן. עס דאַכט זיך אז אייביק ליגט עס אַזוי. פּלוצלינג דערהערט זיך א קלונג פון שליסלען הינטערן טיר, ווערט די טיר שטיל אויפגעעפנט און שטיל ווערט א נאָמען אויסגערופן...

און אַז די טיר פון צעטומלטן, האלב פאַרשלאָפענעם ארעסטאנט און דאָזאָרצע ווערן אין דער נאכט פארפאלן, ווערט ווידער שטיל און ווידער ווערט אַלץ פארשוויגן.

אין קאנצעלאַריע וואַרטן שוין דער פּאָליציי-קאָמענדאַנט און דעפענ-

סיווע-אגענטן. און דער פּאָליציי קאָמענדאַנט איז אַ הויכער און אַ גראָבער מיט אַ רויטן אָנגעגאָסענעם פּנים און קאַרק. און די שפּיקעס זיינען פלינקע און רירעווודיקע מיט אומשולדיקע, נעבעכדיקע פּנימ'ער און כיטרע אייגע-לעך... און אַלע זעען אָט איצט אויס אַזוי סטראַשנע...

און אָט יעדן פון אונדז, פרעגט מען צום ערשט אַזוי, מיט גוטן און אין דער שטיל, אָט משונה'דיקע פראַגן. און נאָכדעם רייסט מען יעדן פון אונדז די האָר פון קאָפּ. מען שליידערט אין פּאָדלאָגע, מען קלאַפּט אונדז צו די ווענט. דאָס מויל פאַרשטאָפּט מען מיט פּאַפּיר: אָט די טורמע-שטילקייט נישט שטערן און נאָכדעם — צוריק אין קאַמער.

ציען זיך אָט אַזוי די נעכט. פאַלן זיי צו, ווערט סטראַשנע צו איינשלאָפן, ליגט מען אין דער פינצטערניש איינגעטוליעטע איינער אין צווייטן און מען קוקט ווי איבער די ווענט די פינצטערניש וועבט זיך, וועבט זיך, וועבט זיך ביז מען זעט זי ניט — ווערט פאַרשוווּנדן, און מיר ווערן איינגעשלאָפן... און אויב עס דערגייט צו אונדז פון ערגעץ אַ טראַסקען פון רעדער, אָדער טריט פון אַ פוס-גייער, ווייסן מיר: אַז אויף דער „פריי", אַ פור קייקלט זיך און אַ מענטש שפּרייזט פריי. הערט מען זיך צו אָנגעשטרענגטער צו די קלאַנגען...

און אין טורמע איז שטיל, שטיל...

---

מיר האָבן „סאָנד דאַראַזני" — שטאַנד-געריכט.

אין אָוונט האָט מען אונדז איבערגעגעבן די באַשולדיקונגס-אַקטן.

11 בויגן מאַשין-דרוק אַנטהאַלט ער. און ווען מען לייענט אים, שפּרינ-גען די ווערטער און עס שווינדלט אין די אויגן. אויפן האַרצן ווערט קאַלט-מוטנע און טיף דאָרטן ציטערט...

— כאַ... כאַ... כאַ...

ווען מיר מיט מאָסטקאָוון האָט מען די „אַקטן" איבערגעגעבן, האָבן מיר זיך ווילד פאַנאַנדערגעלאַכט. דער קאָרעדאָר האָט אויך מיטגעלאַכט. און גלייך האָבן מיר זיך פאַר אונדזער געלעכטער דערשראָקן...

— „מיר זיינען מערדער" — אָט אין וואָס מען באַשולדיקט אונדז. געוואָלט האָבן מיר דעם דאָזאָרצע אין בלויען מונדיר אין יענער נאַכט

דערדשטיקן... און אנטלויפן... און דאָרט, הינטער דער שטאָט, אויף די וועגן האָבן שוין געזאָלט אויף אונדז יאָטן וואַרטן. פּאַראַלן... גוישע פורלעך און זעמליאַנקעס זיינען געווען גרייט, און אויף יענער זייט... אין רוסלאַנד...

און ווידער שפּינט די נאַכט שוואַרצע טעפּיכער. און יעדער אין זיין צעלע פאַרן לעמפּל לייענט דעם אַקט, לייענט איינמאָל און אַ צווייט מאָל...

און אַז מען ליגט שוין אין דער פינצטער אויפן נאַרע און די אויגן קלעפּן זיך, רויטלט זיך אַ ציפער 453. ציטערן פון דעם אַלע גלידער. אַ קעלט גיסט זיך דורך איבער די פיס און הענט, און מען דערמאָנט זיך: אַז מיט אַ חודש צוריק האָט מען איינעם, לויט דעם אַרטיקל דערשאָסן...

---

אין די נעכט היטן אונדז סאָלדאַטן. אַזעלכע געפּערלעכע זיינען מיר פאַר דער מאַכט געוואָרן. אין דער שטילער נאַכט הערן זיך זייערע שטילע טריט. און אַז מען קוקט אַרויס בגנבה דורך אַ קראַטע, זעט מען זייערע אייזערנע היטלען.

יאָ, די מיליטער-מאַכט האָט אונדז אין איר רשות איבערגענומען. קוקט אַריין צו-מאָל אין טיר-לעכל אַ גאַלונע פון אַ פּאַרוטשניק...

און מיר? מיר זיינען פאַנאַנדערגעוואָרפן איינציקווייז און פּאַרוויז איבער די קרימינעלע קאַמערן, מיר זאָלן זיך נישט קענען צונויפרעדן. אָבער מיר רעדן זיך פּאַרט צונויף: דורך דעם „קאַריטאַזשאָוון" גיט מען איבער „גריפּסן" אאַ"וו.

און מאָדנע איז אויך דאָס, וואָס די טורמע-אָנגעשטעלטע, אָנהויבנדיק פון די העכערע: נאַטשאַלניק און אינספּעקטאָר און ענדיקנדיק מיט די נידעריקערע: דאַזאָרצעס, — זיינען איצט צו אונדז „ווייכער" געוואָרן. שלאָפט איינער פון אונדז בייטאָג, טשעפּעט מען אים ניט, נאָר דער דאַזאָרצע, בעט זיך „מען זאָל זיין פאָרזיכטיק", דער „סטאַרשע" זאָל ניט באַמערקן. און אָט די באַציונג זייערע צו אונדז דריקט אונדז און ערגערט. טרייבט אָן אָט מאָדנע אַזעלכע געדאַנקען. און עס דערמאָנט זיך אָפּטמאָל אָן די צום טויט-פאַר'משפּט'ע, וועמען פאַרן טויט „גיט מען אַלץ, אַפילו בראָנפן"...

און דאָס טורמע-לעבן איז עפּעס אַנדערש געוואָרן. געוואָרן שטילער

און אָנגעצויגענער. אלע גייען שווייגנדיקער און מיט שטילערע טריט. און מיר באַמערקן ווי די ארומיקע סטאַרען זיך מיט אונדז ווייניקער צו רעדן און מיידן אויס אונדזערע שמועסן.

מיר האָבן דערהאלטן די „וועזוואַניעס” צום געריכט. שמאָלע, אַזוינע צעטעלעך. האָבן מיר גלייך אויסגערעכנט, אין וועלכן טאָג דער געריכט פאַלט אויס: דינסטיק, הייסט עס, אין פיר דינסטיקן אַרום...

און די טעג פאַלן אָפּ, ווי עמיצער וואָלט זיי מיט א סעקער אָפּגעשניטן... עס פאַלן אָפּ אויך די נעכט. און וואָס ווייטער, דערפילן מיר, ווי מיר דערנענטערן זיך צום דינסטיק, צו יענעם טאָג, אין וועלכן עס וועט אָנגעצייכנט ווערן אונדזער זיין... עס ווילט זיך ניט טראַכטן וועגן אָט דעם, און ווי אויף צו להכעיס טראַכט זיך פּאַרט...

---

היינט ביי דער „סעטקע”, האָב איך זיך געטראָפן מיט אָקולקאָן. מיר האָבן ביידע געהאַט „זעאונגען”. צו אים איז געקומען זיין ווייב, שוין אַן עלטערע פרויערטע. זי האָט געוויינט און איך האָב געהערט, ווי אָקולקאָ האָט זי געטרייסט:

— וויין ניט... אכצן מאַן וועט מען ניט צעשיסן...

די קייטן האָט זי בישט געזען. זיי זיינען געווען פאַרשטעלט מיט דעם הילצערנעם ווענטל. ער איז געשטאַנען אויף איין אָרט און זיך נישט באַוועגט, ניט וועלנדיק ארויסגעבן א קלאַנג פון די קייטן.

ארויסגייענדיק אויפן הויף האָב איך מיט אים גערעדט.

פאַרן דינסטיק האָט ער מורא. ער וויל נאָך לעבן... ער האָט גערעדט:

— איך האָב דאָך אַ ווייב, א יינגל, און וואָס וועלן זיי טאָן, אז איך וועל זיך שוין צו זיי מער ניט צוריקקערן?... און איך בין נאָך אויך קיין עלטערער ניט... נאָר, פאַרוואָס, זאָל איך שטאַרבן?... איך וייס דאָך ניט פאַרוואָס איך גיי צום טויט?...

ווען ער האָט עס גערעדט, האָט ער זיך געטרייסלט. זיין פּנים האָט זיך געצוקט. אין די אויגן האָבן נאַסע פינטלעך געגלאַנצט.

אָקולקאָ איז אלט עטלעכע און פערציק יאָר. ער האָט א גראָבן, ברייטן שוואַרצן פּנים און שווארצע ארויסגערוקטע אָקסישע אויגן. אָקולקאָ איז ניט סימפּאַטיש, און וואָנצעס האָט ער, לאַנגע אראָפּגעהאָנגענע, ווי ביי א כאָכאָל...

— עס ווילט זיך ניט שטאַרבן, ברודערקע... גלאַט, א סטראשנער טויט... און איך בין דאָך אומשולדיק... ווען עס וואָלטן, אפשר, גוטע אדוואָקאטן געשטאַנען?... האַ?.. אפשר, וואָלטן זיי געראטעוועט?... האַ?...

ער האָט שווער אָפּגעזיפצט און אנטשוויגן געוואָרן.

צו אונדז אין קאַמער איז אריינגעפאלן אדרעייעווס „די דערציילונג וועגן זיבן געהאָנגענע", איך האָב עס נאָך אויף דער „פרייַ" איבערגעלייענט, נאָר איצט האָב איך עס פארשטאַנען, וועגן זיך געלייענט.

מאסטקאָוו איז ארומגעגאנגען איבערן צעלע און ווילד געלאכט. זיין לאכן האָט אויף מיר א שרעק ארויפגעוואָרפן. עס איז געווען א היסטעריש לאכן.

— מאסטקאָוו, אריינשיקן „אנדרעיעוון" מישקען?

מאסטקאָוו איז אויפגעשפרונגען.

— וואָס? משוגע!

— אָט איצט קען מען עס פארשטיין, פילן.

— איך וועל נישט לאָזן. איבעריק...

ער איז ווייטער ארומגעגאַנגען איבערן צימער. נאָר איצט האָט ער ניט געלאכט. ער האָט עפּעס צוגעזונגען.

איך האָב געטראַכט: ער איז דאָך טאקע גערעכט, מאסטקאָוו. צו וואָס אריינשיקן מישקען דאָס בוך? ער זאָל זען, ווי די פּראָצעדור קומט נאָר?

— מאסטקאָוו — האָב איך געזאָגט, — ווייסט, אייגנטלעך, וויל קיינער ניט שטאַרבן. זיי אלע: ציזאנאָק, סערגיי, מוסיע און די איבעריקע, קיינער האָט דאָך שטאַרבן ניט געוואָלט... און מאָדנע, אויסערלעך זיינען זיי געווען אנדערע, אנדערש גערעדט, ווי געפילט... זיי האָבן שוין אראָפּגעפּאטערט, מאסטקאָוו, האַ?...

— יאָ אָט דאָס איז שרעקלעך: דאָס גרייטן זיך... דאָס גרייטן זיך צו דעם... אָט די גאנצע פּראָצעדור... די אויספאָרשונג, געריכט, און וואַרטן... דאָס שרעקלעכסטע איז מן הסתם דאָס וואַרטן... האַ...

מער האָבן מיר וועגן דעם ניט גערעדט.

ביינאכט, דורכן שלאָף האָב איך דערפילט, ווי מאסטקאָוו האָט זיך גע־טרייסלט. זיין גאנצער קערפּער האָט געציטערט...

— מאסטקאָוו, באַרואיקט זיך...

ער האָט זיך אנידערגעזעצט, זיך ארומגעקוקט און שטיל געזאָגט:

— ווייסט, שוין עטלעכע נעכט אזוי. איך ווייס נישט פארוואָס, מיר איז שרעקלעך דער טויט — און איך טראַכט וועגן אים. דו ווייסט, איך האָב שוין געפּרוווט... ניין, געוואָלט... אָט איינמאָל פּאַרטיק מאכן מיט זיך...

— מאָסטקאָוו!...

— בי'זט א נאַר. עס איז דאָך אלץ איינס... צו וואָס נאָך די מאַטערנישן? דאָס ווארטן... דאָס ווארטן, אז יענער זאָל איבער מיר עס באַגיין און נאָך לאַכן?...

איך האָב אים ניט געענטפערט. און ער האָט אויך געשוויגן. עס איז געווען א פינצטערע נאכט און איינער דעם צווייטן האָבן מיר ניט געזען...

---

שוין עטלעכע טעג, ווי עס ציען זיך די געריכטס-פארהאנדלונגען. אין די פרימאָרגנס פירט מען אונדז אין געריכטס-זאַל און אין די אָוונטן צוריק אין די צעלעס.

אָט הויבט אָן טאָג שאַרייען, אין צעלע ווערט די לופט בלוילעכער, גיט מען אונדז אָפּ די קאַווע און מען רופט אונדז אַרויס.

אויפן הויף שטעלט מען אונדז אויס צו פּאָרווייז. איינעם צום צווייטן שמידט מען צו מיט אייזערנע קייטלעך און דורך אונדז אלעמען פארצויגן אין לאנגע קייט. איז, אז איינער וויל זיך אָפּשטעלן, — בלייבן אויך אלע שטיין. איז גייען מיר אלע מיט אמאָל און שטעלן זיך אלע אָפּ מיט אמאָל.

מיר זיינען 18 מאָן, אין פארשידענעם עלטער. מענטשן מיט בערד און וואָנצעס, און יונגע פּנימער נאָך מיט א ווייסן הערעלע באַוואַקסן. ווייסרוסישע פויערים, אוקראַינישע כלאָפּצעס און יונגע יאַטן...

אונדז רינגלען ארום פּאָליציי און סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן זיינען אין פולער באוואָפנונג: די רענצלעך אויף די קאַרקן און די ביקסן אין די הענט. זיינען גרייט... פאָרויס און פון הינטן רייטער-פּאָליציי... ביי די זייטן ווו-ניט-ווו אגענטן... אָפיצירן...

איך בין צוגעשמידט צו איוואשקעוויטשן. איוואשקעוויטש איז א הויכער און א שטאָלצער. זיין לאנגע בלאָנדע באָרד פאַלט אַראָפּ אויפן ברוסט און די לאנגע וואָנצעס הענגען אַראָפּ... איך בין א נידעריקער און א יונגער. איז שווער מיר מיט אים צו גיין אין פּאָר... און אָט מיר ביידע ציען די ארומיקע אויפמערקזאַמקייט. אלע קוקן זיך צו צו אונדז...

און די טעג — סעפּטעמבער-טעג. זוניקע און לויטערע. און די גאַסן

זיינען פול מיט זון און מענטשן. ווו זאָלסטו ניט א קוק טאָן: אומעטום מענ-טשן, שטראָמען, און שטראָמען. די סאָלדאטן טרייבן זיי מיט די ביקסן. די פאָליציי אויף די פערד ווארפן זיך אויף זיי, טרייבן זיי אוועק פון איין אָרט, קומען זיי פון א צווייטן...

באקאנטע פנים׳ער... חברים שאָקלען מיט די קעפּ... פריינט פאָכען מיט טיכעלעך... און מיר ענטפערן זיי מיט שמייכלען...

דער המון ארום וואקסט און וואקסט. עס פלייצן פון אַלע געסלעך און גאסן. מ׳זיצט אויף דעכער און באלקאָנען. עס הערן זיך קוויטשען פון פרויען און געשרייען... סאָלדאטן שלאָגן מיט די „פריקלאַדן"...

און מיר גייען לאנגזאם, לאנגזאם, ציען זיך שטיל, טראָט נאָך טראָט. און עס שניידן די לופט אָקולקאָס קייטן...

מיר זיינען שוין ביי דער טעאַטער-געביידע: דאָ קומט עס פאָר דער משפּט. די ארומיקע גאסן ארום דער געביידע זיינען פארשלאָסן. מען לאָזט קיינעם נאָענט ניט צו.

ביים אריינגאנג זאָגט צו מיר איוואשקעוויטש:

— אָט, זונינקע, אָט דאָ האָט מען מיך אמאָל געוויילט... אין „איספּאָל-קאָם" אויסגעוויילט... הא?... צייטן בייטן זיך... הא?...

---

שוין דער דריטער טאָג פון געריכט.

אָוונט.

אין געריכטס-זאַל האָט מען שוין אָנגעצונדן די עלעקטרישע לאָמפּן און דער אַרום איז באהעלט געוואָרן. דער פאָרזיצער האָט דערקלערט די געריכטס-פארהאנדלונגען פאר פארענדיקט, און דאָס וואָרט האָט באקומען דער פּראָקוראָר.

אין זאַל איז געווען שטיל, אזוי שטיל, אז מען האָט געהערט דאָס קלאַפּן פון הארץ. די לופט איז געווען א געשפּאנטע, אָן אָנגעצויגענע ווי ערב א שטורעם. ס׳האָט זיך געפילט, אז די שטילקייט וועט לאנג נישט אָנהאלטן, זי וועט פּלאַצן און אויפרייסן.

דער פּראָקוראָר האָט גערעדט לאנג. ער איז געשטאַנען אָנגעלענט מיט די שפּיץ פינגער אויפן טיש און געקוקט אַראָפּ ווי ער וואָלט צום טיש גערעדט...

דער זאַל איז געווען איבערפולט. אין די אויגן האָט זיך געוואָרפן אנט-

בלויזטע דעקאָלטן און גראָבע, אַראָפּגעהאָנגענע גוידערס; מיידלעך מיט אָנגעפּודערטע פּנים׳ער און אָנגעשמינקעוועטע ליפּן, צוגעטוליעטע צו נעבן זיי זינדיקע יונגע אָפּיצירן. ס׳האָבן געפינקלט גאָלדענע אויערינגלעך, בראַס־לעטן, פינגערלעך. און אָט דער עולם איז עס געקומען אהער אונדז די „באשולדיקטע" אָנקוקן: זיי זיינען געווען נייגעריק. און אָט דער עולם האָט זיך עס אויסגעשפּרייט איבער די בענק און דורך לאָרנעטקעס אויף אונדז געקוקט. אונדז האָט אָט דער עולם געעקלט.

און אָט פון דער עקלדיקער מאסע האָט ווו ניט ווו ארויסגעקוקט א בלאס פּנים, פאַריאושטע, מיט צער אָנגעפּילטע אויגן: דאָס זיינען געווען עלטערן און פריינט.

און אונדז האָט זיך אָפּטמאָל געדאכט, אז מיר זעען א טעאַטער-שפּיל. מיר פלעגן זיך אָפטמאָל פאַרגעסן, אז מיר זיינען עס דער פּונקט, וועלכער קאָנצענטרירט אלעמענס אויפמערקזאמקייט. און אז צוליב אונדז זיצן עס די מענטשן, ריכטער, אדוואָקאטן, קאָרעספּאָנדענטן, און וועגן אונדז האנדלט זיך עס.

נאָר פלוצלינג פלעגן מיר זען די ווירקלעכקייט, זיך אָנטרעפן מיט איר און דערפילן, אז אָט איצט דאָ צווישן די ווענט הענגען מיר צווישן לעבן און טויט, אז אָט איצט דאָ, האנדלט זיך עס וועגן אונדז. וועגן אונדזער לעבן און זיין. און זעענדיק דעם ארום, די פרעמדע פאַר אונדז, נייגעריקע מאסע, די צעשראָקענע אויגן פון אונדזערע פריינט און דאָס פילן אונדזער ראָל אָט דאָ, — האָט זיך געוואָלט, אָט א באָמבע זאָל אַראָפּפאלן און דעם גאנצן זאל, אונדז אלעמען, די עקלדיקע מאסע, די ריכטער, פּראָקוראָר, אלץ — זאָל אויפרייסן און פארניכטן...

דער פּראָקוראָר איז אנטשוויגן געוואָרן. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן שטול.

אין זאל איז אויסגעבראָכן צום ערשט א שטילער מורמל, ווי טויזנטער בינען וואָלטן א רויש געטאָן און נאָכדעם האָט ער זיך געשטאַרקט און געשטאַרקט און איז איבערגעגאנגען אין א טומל.

און אָט איצט זיינען נאָך אלץ ארומגעקראָכן איבער די ווענט, געקלונ־גען אין די אויערן די לעצטע ווערטער פון פּראָקוראָר:

— זשאָנדאם קאָרען ס׳מיערטשי...

און אין דעם ארומיקן גערויש האָבן מיר געשוויגן. אלע האָבן געקוקט

צו אונדז און אויף אונדזערע צווייַ בענק איז געווען רואיק און שטיל און איינער דעם צווייטן האָט אָנגעקוקט...

---

היינט קען זיין איז שוין פאַר דער לעצטער נאַכט. מאָרגן, פרי, וועט מען אונדז פירן אויסלייענען דעם „וויראָק" (אורטייל) און איבערמאָרגן אין 24 שעה נאָכדעם, וועלן, אפשר שוין אַנדערע פון אונדז ניט זיין צווישן די לעבעדיקע...

א שרעקלעכע נאַכט, א שרעקלעכע און פיינלעכע. און אַט איצט ליגנ-דיק, איז איפגעשוווּמען אַט דאָס גאַנצע ביז אהער אָפּגעלעבטע לעבן. זיך געשטעלט פאַר די אויגן. ווי אַט זאָל מען אים צום לעצטן מאָל אָנקוקן. און יעדערער פון אונדז האָט דאָך געהאַט זיין אָפּגעלעבטן לעבן, מיט זיינע פריידן און ליידן. און יעדערער פון אונדז האָט נאָך געוואָלט לעבן אַט ווייטער דאָס זעלביקע לעבן, ווי גוט, צי שלעכט ער איז פאַר אים געווען. אַט איצט איז אים דאָס לעבן געוואָרן טייער און ליב און ניט געוואָלט פון אים זיך אָפּרייסן.

און עס איז געווען מאָדנע: יעדער פון אונדז האָט געזען פאַר זיך דעם „איבערמאָרגן". ער האָט שוין געזען דאָס אין ווייט אוועקגעצויגענעם פעלד הינטער דער שטאָט. די סלופּעס און די אָפענע צוגעגרייטע גריבער... אפילו געהערט דעם ביקסן-קנאַל... און דאָך האָט זיך נישט געגלויבט, אז אַט דאָס אַלץ וועט טאַקע פּאַסירן מיט.

אין יענער נאַכט האָט קיינער ניט באמערקט, ווי מ'איז איינגעשלאָפן... און קיינער פון אונדז האָט יענע נאַכט ניט באמערקט, ווי זי איז איבערגע-גאַנגען... נאָר מיטאַמאָל האָט יעדער דערזען דאָס גרויע שאַריען פון זיפּ-גייענדיקן טאָג, — דער לעצטער, קען זיין פון לעבן...

---

פאַרענדיקט האָט זיך עס נאָך נעכטן אין אָוונט. היינט האָט מען אונדז נאָר געבראַנגט אָפּנעמען אונדזערע „לעצטע ווערטער" און אויסלייענען פאַר אונדז דעם „וויראָק" (אורטייל).

עס איז נאָך פרי און דער זאַל איז איבערפולט מיט דער זעלביקער, נעכטיקער און אייערנעכטיקער מאַסע. ס'האָט זיך געדאַכט, ווי זי, די מאַסע האָט זיך גאָר פון אָרט ניט גערירט, צוגעוואַקסן צום אָרט און זיצט אַזוי שוין עטלעכע טעג.

אין זאַל איז די שטימונג א געשפּאַנטע. עס איז קענטיק: די קאָרעס-

פּאַנדעגטן באַטראַכטן אונדז, דעם ארום און צייכנען.ביים אדוואָקאַטן-טיש איז ליידיקלעך: איינִיקע, די נישט היגע, זיינען נאָך נעכטן אָפּגעפאָרן, און די עטלעכע, וועלכע זיינען פאַרבליבן, פליען נערוועז ארום איבערן זאַל, שושקען זיך איינער מיטן צווייטן און גריבלען זיך אין פּאַפּירן. רואיק זיינען נאָר די סאָלדאַטן און פּאָליציאַנטן, וועלכע שטייען צעשאָטן איבערן זאַל און ארום אונדז. זיי שטייען גלייך, באַוועגן זיך ניט, ווי זיי וואָלטן צום אָרט צוגע־שמידט געווען.

איבערן זאַל טראָגט זיך דורך דאָס גוט באַקאַנטע קלינגען: דאָס געריכט קומט אריין און אַלץ ווערט פאַרשטומט.

און אין דער טויטער שטילקייט קלינגט דאָס גלייכגילטיקע און פּראָכט־קאַלטע שטים פון פּאָרזיצער:

— אַנטאָני קורילאָ, צאָ מאַטשע פּאָוויעדזשיטש וו'אָסטאַטניעם סלאָ־וויע? 1)

און יעדן פרעגט ער עס, און יעדן מאָל קומט אַן ענטפער:

— פּראָשע אוניעוויניטש...2)

און דאָס איז שוין אויך פאַרענדיקט. שוין אַלץ פאַרטיק. און דער גע־ריכט גייט אַרויס אויף דער באַראַטונג.

---

די צייט האָט זיך ווי אָפּגעשטעלט און זיך אוועקגעצויגן לאַנג און פּיינ־לעך, ניט קיין מינוטן, נאָר יאָרן גאַנצע.

און כאָטש אין זאַל איז טומלדיק און רוישיק, אַלץ דרייט זיך און באַ־וועגט זיך, און מיר פילן, אַז אָט דאָרט איבער דער קעגנאיבערדיקער וואַנט וועגט מען אונדזער לעבן, — דאָך אויסערלעך זיינען מיר רואיק. און מאָדנע איז נאָך אויך דאָס, וואָס מיר צווישן זיך דערמאָנען איצט, אָט איצט, ניט דאָס, וואָס עס קומט איצט פאָר. און מיר רעדן גאָר וועגן זייטיקע זאַכן, זאַכן, וועגן וועלכע עס רעדן לעבעדיקע און רואיקע מענטשן... קען זיין, אַז מיט דעם ווילן מיר זיך אַליין פאַרטומלען.

איצט, אָט אין די מינוטן, זאָל איך מיט מישקען שמועסן וועגן מאַיאַ־קאָווסקין און פוטוריזם...

ווער וואָלט עס געקענט גלויבן?...

---

1) וואָס האָסטו צו דערציילן אין לעצטן וואָרט?

2) איך בעט באַפרייען.

דאָס גלעקל האָט ציטערנדיק א קלונג געטאָן. א דינער שארפער קלאנג.
— פּראָשע וו׳סטאָטשו!...2)
ס׳איז אריין דאָס געריכט...
מסתמא האָט מיך די ארומיקע פלוצלינגע טויטע שטילקייט פארשלע־פּערט, ווייל איך האָב ניט געזען קיין זאַך און ניט געהערט קיין וואָרט. מיט די איבעריקע 17 מאן האָט עס מן הסתם אויך דאָס זעלבע געטראָפן — —

— — — — — — — — —

אונדז האָבן אויפגעוועקט אויפגעריסענע הילכיקע אפּלאָדיסמענטן. און איך האָב געזען, ווי יע... האָט זיך געקושט מיט אָקולקאָ, און איך האָב געזען ווי ביידע האָבן זיי געוויינט... יאָ, ביידע, דער אמת שולדיקער און אומשול־דיקער...
און איך? איך האָב דערפילט מישקעס קושן...
— דער פּראָצעס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין א געוויינלעכן קרייז־געריכט.

**
*

דאָס אלץ איז פאָרגעקומען אין שטאָט סלאָנים (פּוילן), אין יאָר 1924, אין מאָנאט סעפּטעמבער אויב איך האָב קיין טעות נישט, — אין דעם 11־טן טאָג.

2) מען בעט אויפשטיין.

# דאָדזשע דער שמיד

געלעבט האָט אמאָל א ייד מיטן נאָמען ר׳ דאָדזשע דער שמיד. און געווען איז ער, דער ר׳ דאָדזשע, א ייד אַן אַ־עמער, א פּראָסטער, נישט קיין בן-תורה, מער ווי עברי און דאווגען אין סידור האָט ער נישט געקענט. אָבער אַן ערלעכער און א ירא-שמים׳ניק. געווען איז ער אַן אַלמן מיט קינדער. פאַרמאָגט האָט ער אַן אייגן שטיבל, א ירושה נאָך פון זיינע זיידעס. געשטאַנען איז זיין שטיבל אין עק שטאָט, ווו די יידישע גאַסן לאָזן זיך אויס און עס הויבן זיך אָן די גוישקע הייזקעס און גערטנדלעך מיט די געפּלאָכטענע פון ביימער-צווייגן פאַרקענדלעך. פון דאַנען דרייען זיך שוין אוועק די ברייטע פעלדער און וועגן וואָס ציען זיך אין דער וועלט אריין. דאָרטן איז געשטאַנען אויך זיין קוזשניע.

⁂

געצויגן האָט ער חיונה פון די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע פלעגן צו אים ברענגען זייערע פערד ער זאָל זיי אָנשמידן. זומער פלעגן זיי ברענגען זייערע וואָגנס און ווינטער זייערע שליטנס ער זאָל זיי פאַריכטן. א חוץ באַצאָלט פלעגן זיי אים ברענגען פון צייט צו צייט מתנות, אמאָל אביסל אויבסט, אמאָל קרויט, בולבעס האַרטע קערלעך, פרישע אייער, — ווייל געהאַלטן האָבן זיי אים פאַר אַן ערלעכן, וועלכער האָט זיי קיינמאָל נישט גענאַרט.

גאַנצע טעג איז ער געשטאַנען אין קוזשניע און שווער געאַרבעט. איז אונטערגעוואַקסן א ייִנגל זיינער, האָט ער שוין דעם טאַטן צוגעהאָלפן. די שטוב האָבן געפירט די טעכטער, עטלעכע מיידלעך. זיי האָבן אכטונג געגעבן אויף די קליינע ברידערלעך זייערע און שוועסטערלעך. געזען זיי זאָלן גיין אין חדר און האָבן געקאָכט דאָס עסן.

ווען די זון האָט אָנגעהויבן אראָפּנידערן ווייט אין פעלד, פלעגט ר׳ דאָדושע אָפּשטעלן די אַרבעט, אויסלעשן די רויטע קוילן אין אויוון, אריינגיין אין שטוב, זיך ארומוואשן, עפּעס איבערבייסן, ארויפכאַפּנדיק אויף זיך די קאַפּאָטע, גיך לויפן אין שטאָט אין בית מדרש, ניט פארשפּעטיקן א מנחה און שוין פארבלייבן ביז נאָך מעריב. און אז ער איז צוריקגעקומען אהיים איז שוין געווען נאכט. פלעגט די משפּחה זיך אויסזעצן ביים הילצערנעם טיש פארשפּרייט מיט א באבלימטער צעראַטע און געגעסן זייער וועטשערע. נאָכן עסן און בענטשן, — איז געווען זומער, פלעגט ער זיך זעצן אויף דער פריזבע. די קינדער אַלע ארום און ער פלעגט זיי איבערדערציילן וואָס ער האָט געהערט אין בית מדרש בין מנחה און מעריב, א קלוג וואָרט פון א ייִד א למדן. דערציילט א מעשה׳לע און א משל וואָס ער האָט געהאט געהערט א שבת-פארנאכט אין בית מדרש פון א מגיד. ער פלעגט רויכערן די לולקע און רעדן לאנגזאם, ניט געאיילט. און אויבן אין דער הויך איז געווען א טיפע טונקל-בלויע סאַמעט-נאכט באשפּרינקלט מיט זילבערנע שטערנדלעך. און ערגעץ ווו האָבן זשאבעס געקוואקעט. און ערגעץ ווו האָבן ביימער גערוישט. איז עס געווען ווינטער — פלעגט ער שטיין מיט דער פלייצע אָנגעשפּארט צום אויוון, די קינדער צוגעטוליעט איינע צו די אנדערע און אין דער ווארעמער שטוב האָט א גריל געגרילט.

רעדן פלעגט ער צו זיי, אז זיי דאַרפן זיין גוטע ייִדן, אמת, — מיר קענען ניט לערנען, פלעגט ער זיי זאָגן, — אָבער דאָס שטערט נישט, אז איין ייד זאָל ז. צווייטן העלפן. און נאָך מער דארפן ברידער זיין טריי צו אייגענע ברידער און שוועסטער צו אייגענע שוועסטער. ווייל עס זיינען פאראן ברידער וואָס האסן זייערע אייגענע ברידער און שוועסטער פארגינען נישט זייערע אייגענע שוועסטער.

דער חומש אליין דערציילט דאָך — פלעגט ער זיי דערקלערן — אז דעם ערשטן מאָרד אויף דער ערד האָט באגאנגען א ברודער איבער א ברודער — קין האָט דער׳הרג׳עט הבל׳ען און אומשולדיק בלוט האָט געזידט אויף דער ערד. עס זיינען אויך געווען גוטע ברידער אויך. — און ער האָט זיי דערציילט וועגן די צוויי גוטע ברידער.

— און מען דארף זיין, קינדערלעך, — פלעגט ער פארענדיקן ווי יענע צוויי ברידער דאָרטן וואָס האָבן געלעבט אויפן הר המוריה.

האָבן מנוחה און שלום טאקע געהערשט אין דער אָרעמער שטיבל פון

ר׳ דאָדזשע שמיד. נישט געווען דאָרט קיין קריגערייען און עס האָבן זיך נישט געהערט קיין קללות. און אַז די קינדער פלעגן זיך דאָך אמאָל צווישן זיך ברוגז ווערן, פלעגט ער זיי זאָגן:

—נו, קינדערלעך, נישט מער ווי צען מינוט זייט ברוגז, נאָך דעם בעט זיך איבער, ווערט שלום.

און די צייט האָט זיך אזוי געפלאָסן. ר׳ דאָדזשע איז עלטער געוואָרן און עס זיינען אויך עלטער געוואָרן זיינע קינדער, די זין און די טעכטער. אין די טעג ביי דער ארבעט איז ער געווען אומרואיק. און אין די נעכט האָט ער נישט געקענט שלאָפן: „די קינדער ווערן עלטער און זיי דאַרפן האָבן א תכלית. די זין וועלן באלד, באלד דארפן צום פריזיוו שטיין. די טעכטער וואקסן אונטער, קיין נדן איז נישטאָ, זאָלן זיי חס וחלילה נים פאַרזעסן ווערן״.

און די מחשבות׳ן וואָס האָבן אים נישט געלאָזט שלאָפן, פלעגט ר׳ דאָדזשע דערציילן דאָרט די יידן אין בית המדרש צווישן מנחה און מעריב ביים אויוון און פאר זיי זיך אויסגיסן דאָס ביטער הארץ זיינס. וועמען זאָל ער עס דערציילן? — די גויים וואָס ברענגען צו אים זייער פערד אָנשמידן? און די יידן פון בית מדרש האָבן אים טאַקע אַן עצה געגעבן. אפשר האָט ר׳ דאָדזשע פריינט ערגעץ אין דער וויטער וועלט, זאָל ער צו זיי שרייבן וועגן דעם. און זיי זאָלן זיי ארויספאָדערן און אריבערנעמען אהינצו — אלע פאָרן דאָך אהין. איר וועט זען ר׳ דאָזשע, פלעגן זיי אים מונטערן — גאָט וועט זיך מרחם זיין. א שאלה? — צי ר׳ דאָדזשע האָט קרובים אין דער וויטער וועלט? — אוודאי האָט ער. און ר׳ דאָדזשע האָט אויסגעזוכט אַן אלטן אדרעס פון א ברודער זיינעם אין א וויטער מדינה און אַן אדרעס פון א שוועסטער זיינער אין אַ צווייטער מדינה. איז אוועק אין שטאָט צו יעקב שרייבער, וועלכער האָט געלערנט מיידלעך שיין שרייבן. אים געבעטן ער זאָל אָנשרייבן צו זיי בריוו זיי זאָלן זען אריבערנעמען זיינע קינדער צו זיי, אהין.

און גאָט האט טאַקע געהאָלפן, עס האָבן אָנגעהויבן צו קומען בריוו און עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען שיפס-קארטן.

(געבליבן נישט פארענדיקט)

ב נ י מ י ן   ס ק ו ד י צ ק י

# א מעשה וועגן א בן־מלך, וועלכער האָט געקרייט ווי א האָן

אמאָל זיינען געווען א מלך און א מלכה, וועלכע האָבן געקיניגט איבער א גרויסער מדינה. און געהאט האָבן זיי איין־און־איינציקן זון, וועלכן זיי האָבן שטאַרק ליב געהאט און זייער געציטערט איבער אים. געווען איז דער מלך זייער א שלעכטער מענטש. ער האָט איינגעפירט אין דער מדינה זייער שלעכטע געזעצן און זיינע אונטערטאַנען האָבן פיל געליטן אונטער זיין הערשאפט. אין די דערפער האָבן די פויערים נישט פארמאָגט קיין אייגן ערד. זיי האָבן געארבעט, ווי שקלאפן ביי די פריצים פון זון־אויפגאנג ביז זון־פארגאנג. פאר דער קלענסטער עוולה פלעגט מען די אָרעמע פויערים באשטראָפן מיט שמיץ. אויך אין די שטעט האָבן די ארבעטער געלעבט אין גרויס נויט און אָרעמקייט. זיי פלעגן ארבעטן ביי זייערע באלעבאטים פאַר א קליינעם לוין, 14 און מער שעה׳ן אין מעת־לעת. פאר דער קלענסטער אומצופרידנקייט, וואָס זיי האָבן ארויסגעוויזן, פלעגט מען זיי שמידן אין קייטן און איינשפארן אין תפיסות אויף לאנגע יאָרן.

שווער איז געווען דאָס לעבן פון דער באפעלקערונג אונטער דער ממשלה פון יענעם מלך.

איז געשען, או פלוצלינג איז דער יורש־עצר, דער בן־יחיד פון מלך און מלכה, משוגע געוואָרן: ער האָט זיך איינגערעדט, אז ער איז א האָן. אין א העלן פרימאָרגן איז ער ארויס פון קעניגלעכן פאַלאַץ, פארלאָזט זיינע טאטע־מאמע און איז אוועק ערגעץ־ווו, אין א וויטן דאָרף, צו פויערים. דאָרטן איז ער אריין אין א הויף וווּ עס האָדעווען זיך היגער און הענער, זיך אויסגעטאָן מוטער־נאקעט און אָנגעהויבן קרייען ווי א האָן. ער פלעגט צוזאמען מיט די הענער עסן און צוגלייך מיט זיי זיך לייגן שלאָפן

און אויפשטיין. ער האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ האָן. פלעגט אַרומגיין אײנ־אײנעם מיט די הענער און קרייען:

— קוקוריקו!...

אַז דער מלך און די מלכה האָבן זיך דערוווּסט פון דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיי געטראָפן, זײַנען זיי שטאַרק געוואָרן באַזאָרגט. זיי האָבן געשיקט דינערס אין יענעם דאָרף און צוריקגעבראַכט זייער זון אין פּאַלאַץ. מען האָט צו אים געבראַכט די בעסטע דאָקטוירים פון דער מדינה, אָבער קיינע רפואות און היילונגען האָבן נישט געהאָלפן. דער בן־מלך האָט זיך אַלץ אויפגעפירט ווי אַ האָן און געקרייט:

— קוקוריקו!...

די איינוווינער פון דער מדינה האָבן זיך שטאַרק געפרייט מיט דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן זייער מלך. זיי האָבן געזען אין דעם די שטראָף פון גאָט פאַר די ליידן, וואָס ער האָט זיי פאַרשאַפט.

און די צייט איז זיך געגאַנגען. פרילינג. זומער. האַרבסט. ווינטער. אַט בליט און גרינט די נאַטור. און קוקסט זיך נישט אַרום, איז שוין ווידער גרוי און פראָסטיק־שניי. עס איז נישט געוואָרן בעסער דעם מלך'ס זון. ער איז נאָך אַלץ אַ „האָן". גייט אַרום אין פּאַלאַץ מוטער־נאַקעט און קרייט „קו־קו־רי־קו". דער מלך און די מלכה זײַנען געוואָרן נאָך מער באַזאָרגט און פאַרדאגה'ט.

—די צייט לויפט — האָבן זיי צווישן זיך גערעדט — און ווער וועט פאַרנעמען דעם מלוכה־טראָן ? . . .

האָבן דער מלך און די מלכה געזען, אַז קיין שום דאָקטאָר קען נישט אויסהיילן זייער זון, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ רוף איבער דער מדינה, אַז ווער עס וועט אויסהיילן זייער יורש־עצר פון דער מחלה, וועט באַלוינט ווערן מיט אַ סך רײַכקייט.

***

איינמאָל אין אַ זומער־פאַרנאַכט איז צוגעקומען צום קעניגלעכן פּאַלאַץ אַן אָרעם פויערל. ער איז געווען אָנגעטאָן אין שטאַרק־אָפּגענוצטע און פאַרשטויבטע מלבושים. אַ שטעקן אויסגעהאַקט פון אַ צווייגן־בוים אין האַנט. אַ טאָרבע אויפן אַקסל. עס איז געווען קענטיק, אַז ער קומט פון זייער ווייט. די זון אין רויטע פלאַמען האָט זיך געזעצט אין מערב. קילע שאָטנס האָבן צו וויסן געטאָן, אַז באַלד וועט אָנקומען די נאַכט.

דאָס פּויערל איז צוגעקומען צו די שומרים, וועלכע האָבן געהיט דעם פּאַלאַץ און צו זיי געזאָגט:

— גיט צו וויסן דעם מלך, אַז איך האָב דערהערט זיין קעניגלעכן רוף און בין געקומען אויסהיילן זיין זון.

די שומרים זיינען אויפן ערשטן מאָמענט געוואָרן ווי צעטומלט. האָבן זיך אומגעקוקט מיט פאַרווונדערונג. באַטראַכט מיט חשד דאָס אָרעם פּויערל: „ער זאָל עס אויסהיילן דעם בן-מלך פון זיין קראַנקהייט? נישט אַנדערש, ער איז א מכשף"!

זיי האָבן גלייך צוויסן געטאָן דעם מלך. און אין עטלעכע מינוטן אַרום איז דאָס פּויערל שוין געשטאַנען געקניט פאַרן מלך און געזאָגט:

— גנעדיקער קעניג, איך האָב דערהערט דיין רוף און בין געקומען אויסהיילן דיין זון פון זיין חולאת. איך וויל נישט קיין באַלוינונג. איך וויל נאָר, אַז נאָך זיין געזונט ווערן זאָלסטו איינפירן אין דיין לאַנד בעסערע געזעצן. זאָלסט באַפרייען די פּויערים אין די דערפער פון דער שקלאַפעריי, זאָלסט זיי געבן אייגן ערד צו באַאַרבעטן. אויך די אַרבעטער אין די שטעט זאָלן נישט טאָרן אַרבעטן מער ווי אַכט שעה אין טאָג, זאָלסט אָפּשאַפן די שטראָפן פון שמיץ און דאָס שמידן אין קייטן. דיינע אונטערטאַנען אין דיין לאַנד זאָלן זיין פריי . . .

דער מלך האָט אָנגעקוקט דאָס אָרעם פּויערל, וועלכער איז געשטאַנען פאַר אים געקניט, און זיך פאַרטראַכט.

גרויס פרייד האָט אַרומגעכאַפּט זיין האַרץ: „מיין זון וועט ווערן געזונט!... ווער ווייסט, אפשר האָט גאָט מיך געשטראָפט דערפאַר, וואָס איך בין שלעכט צו מיינע אונטערטאַנען, וועלכע ליידן אונטער מיין הערשאַפט... דאָס פּויערל איז גערעכט" . . .

— גוט — האָט דער מלך געזאָגט — נאָר ראַטעווע מיין זון. אויב אָבער דו וועסט מיך אָפּנאַרן, זאָלסטו וויסן, אַז איך וועל באַפעלן דיך אויפצוהענגען.

**
*

דאָס פּויערל האָט איבערגענעכטיקט אין קעניגלעכן פּאַלאַץ. פאַרטאָג איז ער אויפגעשטאַנען, זיך אַרומגעוואַשן פונעם שטויב, וואָס איז געווען אויף אים. אַרויסגענומען פון זיין טאָרבע אַלט ברויט און טרוקן קעז, עס

געגעסן און פאַרטרונקען מיט קאַלט וואַסער, (דאָס עסן, וואָס דעם קעניגס דינערס האָבן אים צוגעטראָגן האָט ער נישט געוואָלט). נאָכדעם האָט ער געהייסן מען זאָל צו אים ברענגען דעם מלך׳ס זון. האָט אים א ווײַלע באַטראַכט און געזאָגט:

— איך נעם אים מיט אויף א שטיקל צייט און וועל אים צוריקברענגען א געזונטן.

דאָס פויערל מיטן בן־מלך האָבן פאַרלאָזט דעם קעניגלעכן פאַלאַץ און זיינען אוועק אין זעלבן דאָרף ווו דער משוגענער יורש־עצר איז געהאַט אנטלאָפן.

דאָרטן אין דאָרף האָט זיך אויך דאָס פויערל אויסגעטאָן מוטער־נאַקעט און אויך אָנגעהויבן קרייען ווי א האָן.

זיי זיינען ביידע אריין אין שטאַל צו די הענער און זיך אָנגעהויבן אויפצופירן ווי זיי. דאָרטן געגעסן און געשלאָפן. זיי פלעגן ביידע ארומקריכן מיט די הענער איבערן הויף און קרייען:

— קוקוריקו!...

מיט דער צייט האָבן זיך די צוויי „הענער" אזוי צוזאַמענגעלעבט, געוואָרן אזוי חבר, אז עס איז שווער געווען צו דערקענען ווער פון זיי עס איז דער משוגענער און ווער דער נאָכגעמאַכטער „האָן".

אַזוי זיינען אוועק עטלעכע וואָכן און ביידע „הענער" גייען איבערן הויף און קרייען:

— קוקוריקו!...

איינמאָל מאַכט דאָס פויערל צום חבר זיינעם אזוי:

— ווייסט וואָס, חבר־האָן, מיר איז איינגעפאַלן אז עס וואָלט געווען א פּלאַן, מיר זאָלן זיך אָנטאָן... צו וואָס ארומגיין נאַקעט?... מיר וועלן אויף ווייטער זיין טאַקע הענער, מיר וועלן ווייטער קרייען... אָבער מיר וועלן זיין אָנגעטאָן אין אונדזערע בגדים...

— גוט — האָט מסכים געווען זיין חבר דער „האָן".

זיי האָבן אָנגעטאָן זייערע מלבושים און ווייטער ארומגעגאַנגען צוזאַמען מיט די הענער און געקרייט:

— קוקוריקו!...

עס זיינען ווייטער אוועק עטלעכע וואָכן, זאָגט ווידער דאָס פויערל:

— ווייסט וואָס, חבר־האָן, מיר איז איינגעפאַלן? צו וואָס זאָלן מיר

שלאָפן אין שטאַל?... מיר קענען אויף ווייטער זיין הענער, ווייטער קרייען... אָבער שלאָפן וועלן מיר אין שטוב...

— גוט — האָט מסכים געווען זיין חבר דער „האָן".

האָבן זיי פאַרלאָזט דעם שטאל און שוין געשלאָפן אין שטוב אין בעטן. אָבער אין די טעג פלעגן זיי נאָך אלץ ארומקריכן צוזאמען מיט די הענער און קרייען:

— קוקוריקו!...

עס זיינען ווייטער אוועק עטלעכע וואָכן, זאָגט ווידער דאָס פויערל:

— ווייסט וואָס, חבר-האָן, מיר איז איינגעפאלן? צו וואָס זאָלן מיר עסן דאָ, צוזאמען מיט די הענער?... מיר וועלן אויף ווייטער טאקע זיין הענער, ווייטער קרייען... אָבער עסן וועלן מיר אין שטוב,ביים טיש...

— גוט — האָט מסכים געווען זיין חבר דער „האָן".

האָבן ביידע שוין געגעסן ביים טיש אין שטוב. אָבער זיי פלעגן נאָך אלץ ארומגיין צוזאמען מיט די הענער און קרייען:

— קוקוריקו!...

עס זיינען ווייטער אוועק עטלעכע וואָכן. זאָגט ווידער דאָס פויערל:

— ווייסט וואָס, חבר-האָן, מיר איז איינגעפאלן? צו וואָס זאָלן מיר זיך ארומדרייען אין הויף צווישן הענער און קרייען צוזאמען מיט זיי?... מיר וועלן אויף ווייטער זיין הענער... אָבער קרייען וועלן מיר אין שטוב, נישט מיט זיי...

— גוט — האָט מסכים געווען זיין חבר דער „האָן".

האָבן זיי פאַרלאָזט דעם הויף מיט די הינער און הענער און געקרייט אין שטוב:

— קוקוריקו!...

עס זיינען ווייטער אוועק עטלעכע וואָכן, זאָגט ווידער דאָס פויערל:

— ווייסט וואָס, חבר-האָן? עס איז מיר נמאס געוואָרן דאָס כסדרדיקע קרייען... עס טוט ווי אין האלדז... זאָלן מיר עס אויפהערן...

— גוט — האָט מסכים געווען זיין חבר דער „האָן".

האָבן זיי אויפגעהערט צו קרייען, און פון דאן אָן זיינען זיי געוואָרן אויס „הענער"...

**
*

דאָס פויעל האָט געהאלטן געוואָרט. אין א שטיקל צייט ארום האָט ער

פון אַ גאַנץ לעבן

צוריקגעבראַכט אין פּאַלאַץ דעם בן-מלך, און אויסגעהיילט פון זיין איינגע-רעדטער קרענק.

ווען דער מלך און די מלכה האָבן דערזען זייער בן-יחיד ווידער א געזונטן, זיינען זיי געווען שטאַרק צופרידן און איבערגליקלעך. זיי האָבן דעם פויערל געוואָלט באַלוינען מיט אַ סך זילבער און גאָלד. אָבער דאָס פויערל האָט נישט געוואָלט בעמען.

אויך דער מלך האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט איינגעפירט אין זיין לאַנד גוטע געזעצן, און די איינוווינער פון דער מדינה האָבן פרייער און גליקלעכער געלעבט.

מאָנטעווידעאָ, מאַי, 1957

## בנימין סקודיצקי

**פון רעדאַקציע:**

די דאָזיקע זאַך איז די לעצטע, וואָס ב. סקודיצקי האָט געשריבן. זי איז געבליבן אָן א נאָמען און נישט פארענדיקט. עס איז לייכט צו דערקענען, אז דער מחבר האָט אין דער פאָרם פון א דערציי־לונג זיך געקליבן אָנצושרייבן זיין אויטאָביאָגראפיע. ליידער איז ער קוים צוגעקומען ביז צום אָנהייב פון זיין לעבן אין דרום־אמעריקע.

— גיטל... גיטעלע... די מאשין... גיב איבער... אָנצינדן... די מאשין... קאַלט דער לינאָטיפ... באלד קומען ארבעטן... באַלד...

ער האָט געפליסטערט אָפּגעהאקטע זאצן. האָט שווער געאָטעמט. אונטערן ווייסן ליילעך האָט זיין ברוסטקאסטן זיך געוואָרפן אין קאָנווולסיעס. די ליפּן קאַליר-בלוי — עטוואָס פאנאנדערגעעפנט. די אויגן, טיפע גריב־לעך — האַלב-פאַרמאכט. די נאָז שפּיציק און לאַנג. דאָס איינגעטריקנטע פּנים, איינגעצויגן, לימענע-געלבלעך.

אין אָן-פענצטערדיקן צימער ווו דער קראנקער איז געלעגן, האָט דורך אן אָפן טיר וואָס איז ארויס אין הויפל, גרוי ליכט אריינגעשיינט. שווער געווען צו וויסן, וואָס אין דרויסן איז: פרימאָרגן, האלבער טאָג, צי פאַר־נאכט־צו.

— הא?... גיטעלע... הערסטו?...

גיטל האָט נישט געענטפערט. א מידע און אויסגעשעפּטע פון נעכט ניט דערשלאָפן, האָט זי ששווייגנדיק ארויפגעטאָן אויף איר מאנס פּנים דעם אָטעם-אַפּאַראַט פונעם זויער-שטאָף באַלאָן, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן. באלד האָט זיך דערהערט דאָס שטילע רוישן פון זיין פונקציאָנירן. האָט אָנגענומען דעם קראנקנס האַנט, זי אָנגעלענט צו אירע, פון טרערן-פייכטע באַקן, און זי צערטלעך געגלעט... —

— — — — — — — — — —

מיט פינף און צוואנציק יאָר צוריק איז נחום געקומען קיין מאָנטע-ווידעאָ.

האָט געטראָגן: אויף זיינע אקסלען צוואַנציק פסח׳ן. אין האנט — א קליין שטרוי־קערבעלע. אין איר, זיין פאַרמעגן: עטלעכע פּאָר וועש; א צוויי אויבערהעמדער; און א שווארץ־סאמעט־זעקעלע — תפילין, מיט מאמעס פרומען ווונטש: „זאָלן זיי דיך דאָרטן אין דער פרעמד, ליב קינד, שומר ומציל זיין פון אלדאָס שלעכטס און זאָלסט אויף אייביק פאַרבלייבן א גוטער ייד״; און אַלבאָם מיט פאָטאָס פון משפחה, פון חברים מיט א צו־שריפט „צום אייביקן אָנדענק פאר אונדזער ליבן חבר נחום ביזאָוויטש צו זיין אָפּפאָרן קיין אורוגוויי״. מען קען צו זיין פארמעגן אויך צורעכענען דאָס קליין קישעלע באצירט מיט געלע מאַרגאַריטקעס, א מתנה פון זיין חנה׳לען, אויסגעניית מיט ליבשאַפט אין שפעטע שעה׳ן פון נעכט. און אין קעשענע — פינף אמעריקאנער דאָלאַרן.

איבערגעלאָזט האָט נחום אין קליין ווייסרוסיש שטעטל אין פוילן, אין א קליינער הייזקע: א צעבראָכענע פון צרות, מאמע; א קרענקלעכן פון עול־פּרנסה, טאטע; ביטערע, שווערע יאָרן פון הונגער, מלחמות, „אָבער אויך יאָרן פון קאמפן פאר א גוטער און גערעכטער וועלט״. פארנאכטן, וואָס זיינען פארגאנגען מיט גאָלד־רויטע זונען. נעכט באגאָסענע פון שטילע זילבערנע לבנה־ליכט, פארשמעקטע פון בעז און אַקאַציע־ — זומער. בלויער שניי און ווייסער פראָסט — ווינטער. אין זיי — אריינגעוועבטע זיינע און חנה׳לעס טרוימען נאָך רואיק שטיל־לעבן, גליק און ליבע...

— וואָס דערווארט מיר דאָרטן אין דער פרעמד? וועל איך דאָרטן גע־פינען דאָס, וואָס מיר ביידע זוכן? — פלעגט ער ריידן צו חנה׳לען אָפּפירנדיק

זי אהיים אין א שפעטער נאכט.

זי, צוטוליענדיק זיך צו אים, פלעגט אריינקוקן אין זיינע אומעט־געוואָרענע אויגן און זאָגן:

— יאָ, וועסט געפינען... נחום... נחום׳קע... דאָ איז פוסט... וואָס ווייטער, ווערט אלץ ענגער דאָ... מען צעפאָרט זיך... פון אונדזערע חברים דאָ, זיינען דאָך שוין גאָר־גאָר ווייניק פארבליבן... עס שטיקט דאָ...

נחום ווייסט עס אליין אויך גאנץ גוט. ער פילט דאָס זעלביקע. ביז ער האָט ארבעט. ביז ער קען קריגן ארבעט. דאָ צו בויען זייער ביידנס צוקונפט איז ניטאָ קיין אויסזיכטן. וואָס דערווארט אים דאָ? סיידן נאָך א מאָל תפיסה... נאָך א מאָל?... וועט ער קענען אויסהאלטן? ער איז שוין מיד... מיד פון

קעמפן... אָבער זיין ווייט פון חנה׳לען, די בענקשאַפט צו איר וועט אים אויך זיין שווער צו טראָגן. און ווער ווייסט?...

פרעגט ער:

— אָבער, וועסט קומען צו מיר דאָרטן, חנה׳לע?...

איר ענטפער: א ברענענדיקער קוש אין זיינע ליפּן. קוקט ער אריין אין איר פּנים: אירע עטוואָס פארשייטע העל-גרויע אויגן זיינען פארצויגן מיט דינעם טרויער, — גלויבט ער איר. נעמט זי ארום און קושט זי:

— יאָ, חנה׳לע. איך וועל דאָרטן זוכן אונדזער צוקונפט און וועל זי געפינען. מיר וועלן נאָך זיין גליקלעך...

פון הימל אראָפּ פאלט א זילבערנער שטערנדל.

— זעסט, חנה׳לע, א שטערנדל פאלט...

— עס וועט זיין מזל׳דיק, נחומקע...

— הלוואי, חנה׳לע...

---

אָפּגעווארט נחום׳ען ביים שיף האָט זיינס א פעטער, זיין טאטנס א ברודער. ער האָט אים נישט געקענט אָט דעם פעטער זיינעם. ווען יענער האָט פארלאָזן דאָס שטעטל איז נחום נאָך געווען א קליין קינד. איז ווי קען ער אים געדענקען? קיין בריוו צום ברודער זיינעם, דאָס הייסט, צו נחום׳ס טאטן, האָט ער ניט געשריבן. אמאָל, צו א ראש-השנה פלעגן פון אים אָנקומען עטלעכע דאָלארן מיט א לשנה-טובה. אין דער היים האָט מען זעלטן ווען דערמאָנט זיין נאָמען. געוווסט, אז ער הייסט שלמה. — דאָס אַלץ.

די באגעגעניש צווישן פעטער און פלימעניק:

— דאָס ביסטו, נחום, משה-זלמנ׳ס בן-יחיד? קיין עין הרע... קיין עין הרע... א פיין בחור׳ל... וואָס מאכן טאטע-מאַמע?

— אָט... — האָט מיט איין וואָרט אָפּגעפּטרט נחום.

האָט באטראכט זיין פלימעניק. דעם הילוך זיינעם. זיין בלוי-גראנא-טענעם אנצוג, קאפעליוש...

„אוי קומען זיי אַלע פון דאָרטן... איך בין אזוי געקומען״...

און ווו איז דיין באגאזש, נחום?

— אָט דאָס איז... — האָט נחום אויפגעהויבן דאָס קליין קערבעלע.

שפּעטער האָט זיך נחום שוין געפונען ביים פעטער שלמה׳ן אין שטוב.

מען איז געזעסן זאַלבעדריט אין א ברייטער, ליכטיקער סאַלע: דער פעטער, זיין ווייב שרה און דער „גרינער" נחום.

אויף א קליין טישל איז געשטאַנען פון פריער צוגעגרייט כיבוד: א פלאַש משקה, קיכעלעך. פעטער שלמה האָט אָנגעגאָסן אין קעלישקלעך:

— נו, עס זאָל זיין אין א מזל'דיקער שעה, דיין קומען...

— מיטן רעכטן פוס, רבונו של עולם...

— פאר אונדזער אַלעמענס געזונט... לחיים...

מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן „דאָרטן", אמאָליקע היים. פעטער שלמה האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף משפחה, קרובים. געוואָלט וויסן, ווי דאָס שטעטל זעט איצט אויס. די גאַסן, די הייזער...

— אזוי... אַזוי... איז נאָך פאַראַן דער בעווסק... די דאַמבע... דער „ראַד קראָמען"?...

אז עס האָט זיך אויסגעלאָזן די אויספרעגענישן, איז אנטשטאַנען א קורצער שטילשווייגן.

פעטער שלמה:

וועסט זיין דאָ... ביי אונדז... קיין קינדער האָבן מיר ניט... פּלאַץ איז פאַראַן.. און וואָס קלערסטו צו טאָן?

— איך וויס... ארבעטן... הענט האָב איך געזונטע... — האָט אינ-סטינקטיוו א באַוועג געטאָן מיט די הענט. שיעור-שיעור האָט ער זיי ניט געוויזן די הענט זיינע, נחום.

— ארבעטן... קיין גרויסע גליקן פון ארבעט, דאָ אין אַמעריקע, קען מען ניט מאכן... אָט, ווען דו נעמסט זיך צום „פּעקל"... ווי איך אמאָל... האָסט א פאַך?

— יאָ, א דרוקער... א יידישער זעצער... אָבער שוין לאַנג ניט געאר-בעט ביי דעם... און וואָס איז א „פּעקל" — וויל נחום וויסן.

— ווי זאָל איך דיר דאָס דערקלערן? — האָט זיך אויף א ווילע פאַר-טראַכט פעטער שלמה — יאָ, אָט... מען הויבט אָן פון א קוישל מיט סחורה: קעמעלעך, שפּיגעלעך, שפּילקעס, זייגערלעך, האָר-נאָדלען, פּאַטשערקעס, זייפלעך... אויף קאָרטעלעך קאַרטון, סיטץ אויף קליידלעך... אָט דאָס זעלביקע וואָס מען פלעגט פאַרקויפן אין „ראַד קראָמען", ווי האָט עס געהייסן דאָרט?

— גאַלאַנטעריי, שניט-סחורה... מען גייט פון הויז צו הויז, איבערהויפּט אין אָרעמע געגנטן און מען פאַרקויפט... מען קלאַפּט... ניט נויטיק אפילו



בנימין סקודיצקי און פרוי יהודית (אי טע), און זייערע זין אליעזר און פסח.

גוט שפּאַניש צו קענען... אין נאָרד אַמעריקע הייסט עס „פּעדלען"...

— אָ!... דאָס מיינט איר? — האָט נחום זיך געכאַפּט — איך האָב געהערט פון אַזוינס... געלייענט וועגן דעם... דאָס וועל איך ניט קענען. וועל זיך צו דעם ניט אויסטויגן... איך בין אַהער געקומען ניט זוכן קיין גליקן, פּעטער... ניט מער, ווי צו מאַכן אַ לעבן... אַן ערלעך לעבן... העלפן די הײם...

— זיך ניט אויסטויגן... אויך איך האָב אין די גרינע יאָרן דאָס זעלביקע געדענקט. די אַלע גרינע דענקען אַזוי. אָבער, זיך אויסגעטויגט. גאָט צו דאַנקען, זיך אַרויפגעאַרבעט. הײַנט טוען עס אַנדערע פאַר מיר... זײַ קלאַפּן... איך גיי נאָר אײַנקאַווירן, דאָס הייסט, אײַנמאָנען דאָס געלט... און וואָס שײַך אַן ערלעך לעבן... דאָס איז אַן ערלעכער מסחר... מען נאַרט ניט קיינעם... דו, מײַן איך, ביסט דאָך ניט געקומען דאָ מאַכן רעוואָלוציעס... דאָ איז ניט די אַמאָליקע רוסלאַנד אָדער די הײַנטיקע פּוילן... דאָ איז פרײַ. אַ פרײַ לאַנד... דאָ איז אַמעריקע... נאָר, אַז דו ווילסט אַרבעטן, איז דאָך ניט שײַך. איז זאָל זײַן ווי דו ווילסט... מיר האָבן דאָ יעדן פרײַטיק אַ ייִדיש בלאַט. וועלן מיר מאָרגן אַהין צוגיין. הײַנט רו זיך אויס... אַרבעטן... דאָס וועט מען דאָ קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן...

פּעטער און פּלימעניק האָבן געשוויגן. נחום האָט געקוקט אויפן פּעטער: זײַן טאַטנס אָנבליק. דאָס זעלבע לענגלעכע געזיכט. נאָר געזונט און מונטער, אויך די אויגן, ווי בײַ זײַן טאַטן: פאַרזשמורקעטע, מיניען אין גרוי און גרין. ניִשט מער, דאָס קול — אַן אַנדערער: האַרטלעך און שטרענגלעך.

אין קאָפּ בײַ נחומ'ען האָט געררוישט: „פּעקל. זיך אַרויפאַרבעטן. רעוואָלוציע. דאָ איז ניט רוסלאַנד. ניט פּוילן. אַ פרײַ לאַנד"... וואָס רעדט ער, דער פּעטער, וואָס מיינט ער?... ווערטער האָבן זיך געמישט, געטונקלט. אין זיי אָבער האָבן צוויי זיך אויסגעטיילט, געליכטיקט, ווי קליינע פלעמעלעך: „ייִד'ש בלאַט... ייִדיש בלאַט"...

---

דער אײגנטימער פון דרוקערײַ און וואָכנבלאַט, „דאָס לעבן" האָט נחומ'ען אויפגענומען פרײַנדלעך. אים העפלעך געבעטן זיצן. אויסגעפרעגט פון וועלכער שטאָט ער קומט, ווי לאַנג בײַם פּאַך, צי ער קען גוט ייִדיש און העברעיש. דאָס איז זײַער וויכטיק פאַר זעצן אַ ייִדישע צײַטונג...

אַ שאלה אַ״אַ, צי נחום קען גוט ייִדיש און העברעיש?

צו 12 יאָר האָט ער שוין געענדיקט אַ חדר מתוקן. גענוג געבראָכן דעם

קאָפּ אין די שווערע כללים פון דיקדוק. אין דער העברעישער ליטעראַטור שווימט ער ווי א פיש... שירים פון ביאַליק, טשערניכאָווסקי, פיכמאַן קען ער נאָך היינט אויף אויסנווייניק... יידיש — אין דאָך נישט שייך. א שטיקל צייט געאַרבעט אין א יידישן צוויי-וואָכנבלאַט, וואָס איז דערשינען אין זיין היימשטעטל. מען האָט זי געזעצט מיט דער האַנט... לעצטנס געווען זעצער-בעטלאַז...

דורך דיקע אויגן-גלעזער האָבן אויף נחומ׳ען געבליקט שוואַרצע, ענערגישע אויגן. אריינגעדרונגען אין זיין פּנים. געוואָלט איבערנעמען נחומ׳ס טראַכטעכישן און געדאַנקען. ווייזט אויס, נחומ׳ס רייד זיינען אים געווען געפעלן, ווייל א גוטמוטיק שמייכל האָט זיך אויסגעלייגט אויפן אויספּרעגערס פּנים. „דאַכט זיך, דער בחור׳ל וועט זיך אויסטויגן. אזעלכן זוך איך״...

— האָט דער שמייכל באַדייט.

— יאָ... גוט... די מניעה אָבער איז די, וואָס דאָ איז די אַרבעט א סך אַנדערש ווי דאָרטן פון וואַנען איר קומט. דאָ ווערט געזעצט אויף לינאָטיפּ, מאַשין-זאַץ. און דאָס קענט איר ניט... אָבער, ביי א גוטן ווילן, מיט אָנשטרענגונג, וואָלט איך ניט שווער געווען זיך אויסצולערנען. לעת עתה, וועט איר אַרבעטן ביים „שליסן״, זעצן אַנאָנסן. פאַר דער-אָ אַרבעט וועט איר קריגן באַצאָלט. אין די פרייע שעה׳ן אויף אייער צייט, וועט איר פּראַקטיצירן אויפן לינאָטיפּ. מיט דער צייט וועט איר איבערגיין אויף דעם אַרבעטס-צווייג. איך האָב בדעה פאַרוואַנדלען דאָס וואָכנבלאַט אין א טאָג-צייטונג. און אז איך וועט זיין געפעלן די אַרבעט און אַז איך וועל געפינען אין אייך די פּערזאָן, וואָס איך זוך — וועט זיין א שידוך... א־יאָ — האָט ער זיך האַסטיק געכאַפּט — אייער נאָמען?

— נחום ביזאָוויטש...

— מיינער: שמעון מירקין... אָבער מען רופט מיך, פּשוט, שמעון, דעם „מירקין״ האָט מען אויסגעלאָזן. אפילו גויים רופן מיך מיט דעם איינעם נאָמען, יידישלעך, שמעון...

א וואַרעמער האַנט-דרוק. אַן אָנזאָג: דער „שידוך״ וועט זיין געשלאָסן.

— און איצט, קומט, וועל איך אייך ווייזן דעם טאַזשער. איר וועט זען, ווי עס ווערט געמאַכט א יידיש בלאַט...

אויף נחומ׳ען האָבן א ווייע געטאָן באַקאַנטע ריחות פון פאַרב און טינט. דערמאָנט אין יאָרן אַרבעט אין דרוקעריי. אָ, ווי לאַנג איז שוין פון יענער

צייט! די אָפּגעווינטע ריחות האָבן אים אָנגעהויבן פאַר׳שיכור׳ן. האָט דערפילט א וואַרעמקייט וואָס צעגיסט זיך אין זיין הארצן. די דרוק־מאַשין דאָ — די זעלביקע וואָס „דאָרטן״. די קאסעס שריפט, אויך באַקאַנט...

— און דאָס איז דער לינאָטיפּ...

דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן זעט נחום אזא מאַשין. אויף א בידע־ריקן שטול זיצט א פּועל. איבער קלאַווישן לויפן שנעל פינגער. דער קלאַנג־ענלעך אויף א קלאַפּן פון שרייב־מאַשין. עס פאַלן ארויס הייסע בלייענע שורות. פאַרטיקער זאַץ... ער איז נישתומם, נחום.

דער לינאָטיפּיסט האָט ערגעץ א דריי געטאָן א קנעפּל. די מאַשין איז פאַרשטילט געוואָרן. פאַר נחום׳ען איז געשטאַנען א יונגערמאַן. הויכער וווקס, א דאַרער. איבער זיינע איינגעפאַלענע באַקן האָבן געדרונגען טראָפּנס שוויס. מאַטע, מידע אויגן האָבן גלייכגילטיק געקוקט.

— זאַווקע, האָט צו אים דער באַלעבאָס געזאָגט — דאָ האָבן מיר א יידישן זעצער. נעכטן פון שיף אראָפּ. איך האָב מיט אים שוין געכאַפּט א שמועס. רייד זיך אויך דו אדורך מיט אים. נו, איך איַל זיך. האָב נאָך א סך צו טאָן... יונגערמאַן, — האָט ער זיך געווענדעט צו נחום׳ען — איז אויב איר ווילט, קען מען פּרווון. קומט מאָרגן פרי, 8 אַזייגער, טשאַו! — און איז איילִיק אַרויס.

עס איז אנטשטאַנען א פּיינלעך שטילשווייגן.

זאַווקע האָט פון קעסטל, וואָס איז געשטאַנען נעבן מאַשין ארויסגע־נומען אָפּגעדרוקטע בלייענע שורות. מיט דער האַנט פאַרזיכטיק זיי אריינ־געלייגט אין א קליין פּירקאַנטיק קאָכעדיק קעסל פון לינאָטיפּ. אין דער הויך ארויף האָט אַ זעץ געטאָן אָן א שיעור רויך. האָט זיך עטוואָס אָפּגע־רוקט און זיך צו דעם גוט צוגעקוקט. דאָס שטילשווייגן האָט געבראָכן זאַווקע:

— ווען נישט אָט דאָס פאַרשאָלטענע רויכל, וואָלט נאָך געוועזן א האַלבע צרה... מען מיינט, אז לינאָטיפּ איז לייכט. „מען זיצט זיך און מען קלאַפּט אויף א שרייב־מאַשינקע״... גיי דערצייל, אז ביי דעם ווערן אָנגעשטרענגט די אויגן, דער קאָפּ, דער מוח די הענט, די פיס — אלע אברים. און דערצו דאָס רויכעלע, וואָס קריכט אריין אין די לונגען און אין הארצן... מען וועט דען גלויבן? דער באַלעבאָס אליין גלויבט אויך ניט. און דאָך וועט ער זיך נישט זעצן ביי אָט דער „שרייב־מאַשינקע״...

זאווקע האָט גערעדט לאנגזאם. יעדעס וואָרט געציילט און געצויגן. זיין קול — אַ שטילס, איז פארגאנגען אין אַ הייזעריק ניגונ׳דל.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף נחומ׳ען. האָט באמערקט, ווי יענעמס אויגן, וואָס ביי זיין אריינקומען זיינען געווען האַפערדיקע, האָבן זיך איצט פאַר־טונקלט. האָט אַ שמייכל געטאָן און צוגעגעבן:

— איך מיין ניט, חבר, אייך מיט דעם אָפּשרעקן. חלילה. און טיפּאָ־גראַפיע איז געזונט? מיר זיינען דאָך פון פאַך. איך האָב עס געזאָגט קעגן אָט יעניקע, וואָס גלויבן אונדז ניט.

— איר אַרבעט שוין לאַנג ביים לינאָטיפּ? — האָט נחום געפרעגט.

— עס וואָלט שוין צייט געווען צו אויפהערן. אין בוענאָס איירעס האָב איך עס אויסגעלערנט. וואָס פאַר אַ שוועריקייטן איך האָב געהאַט ביז מען האָט מיך צוגעלאָזט צו אָט דעם „גאָלדענעם" פאַך. איך בין דאָ אין אמעריקע ביי 10 יאָר. 8 יאָר געלעבט אין בוענאָס איירעס. פון דאָרטן אריבערגעקומען אַהער.

איך זעץ אליין אויס דאָס וואָכנבלאַט. אליין שליס איך זי. עס פאַלט טאַקע שווער. אָבער, אַ לעבן מאַכט מען. דער באַלעבאָס איז גראַד נישט פון די שלעכטע. אַ שטיקל טשודאַק. איז שטאַרק פארליבט אין זיין וואָכנבלאַט, טראָגט זיך ארום מיט פּלענער וועגן ארויסגעבן אַ טאָג־צייטונג. ווען ער פארנעמט זיך מיט מסחר וואָלט ער בעסער געמאַכט. נו, איך מיין, אז אויב איר וועט אריין דאָ ארבעטן, וועט אונדזביידן לייכטער זיין. איך וועל אייך לינאָטיפּ אויסלערנען...

נחומ׳ס אויגן האָבן ווידער באַקומען זייער פריערדיקן גלאַנץ. זיין פּנים האָט אויפגעשיינט:

— אַ דאַנק, חבר; איך גלויב, אז מיר וועלן זיין גוטע חברים.

— איך גלויב אויך אַזוי.

און מען האָט זיך חבר׳יש געדריקט די הענט.

---

נחום ארבעט אין „דאָס לעבן".

אין די פריע פאַרטאָגן צעקלינגט זיך אין זיין אלטיזשע (דאַך־שטיבל) דער וועקזייגער. „שוין פארלאָפן די נאַכט?". ערשט איצט דערשפּירט נחום,

ווי די מידקייט אין זיין קערפער לאָזט אָפּ. אָך, ווי ער וואָלט מיט פאַרגע־ניגן נאָך אביסל געלעגן! ער טאָר זיך עס אָבער ניט פאַרגינען! יעדע מינוט איז א שאָד. דאָרטן וואַרט די מאַשין. 12 אזייגער קומט זאַווקע און דער לינאָטיפּ דאַרף זיין פריי.

ער וואַרפט גיך איף זיך אַרויף די הויזן. גייט אַרויס אויפן דאַך. אין ווינקל שטייט די „פילעטע". די פאַרטאָגיקע לופט קילט זיין נאָך הייסן קער־פּער. דרייט אָפּ דעם וואַסער־קראַן. לאָזט דאָס וואַסער זאָל גיין מיט א שטראָם. שטעלט אונטער זיין קאָפּ, זיין ברוסט. דאָס וואַסער איז קאַלט. די מידקייט, די נישט־דערשלאָפנקייט איז אַוועק. ער איז פריש און מונטער. ער וואַרפט א גיכן בליק צום הימל־ראַנד. באַווייזט נאָך צו זען א שטיקל ווייסע לבנה...

ער שלייכט זיך שטיל אַראָפּ פון די סך געדרייטע אייזערנע טרעפּלעך. דאָס הויז איז נאָך אין שלאָף. אויף זיינע שפּיץ־פינגער גייט ער אדורך די אינעווייניקסטע „פּאַטיעס". ר'איז אין דרויסן. צום טאַזשער־צו איז ניט ווייט. עטלעכע קוואַדרעס נאָר. גייט נחום צופוס. אין די שטיל אויסגעלייגטע גאַסן הייבט זיך צן באַוועגונג. די שטאָט וואַכט אויף. עס קייקלט זיך אדורך א טראַמוויי. דורך די פענצטערלעך זעט מען ניט־דערשלאָפענע מענטשן פאָרן צו דער אַרבעט. א פורל אָנגעלאָדן מיט פלעשער מילך טראַסקעט זיך איבערן אַספאַלט־ברוק. דער מילך־פאַנאַנדערפירער כאַפּט זיך פלינק אַראָפּ פון פורל און צעשטעלט ביי טירן ווייסע פלעשער מילך. א מאַן עפנט אַ טיר. ציענדיק אין מויל די „באָמביזשע" פון א מאַטע שטעלט ער אַרויס אויפן טראָטואַר א בלעכן־קעסטל מיט מיסט. צייטונג־יינגלעך לויפן מיט פּעק צייטונגען אונטער זייערע אָרעמס.

דער פאַרטאָג־בלוי צערינט. און אז נחום קומט אין טאַזשער, העלט שוין דער פרימאָרגן.

די שווערע שטיקנדיקע לופט אין דרוקעריי גיט אים א שלאָג אין נאָז אַריין. ער מאַכט גלייך אויף דאָס פענצטער. א פריש ווינטל קומט אַריין און נחום אָטעמט פרייער אָפּ. ער צינדט אָן דעם לינאָטיפּ. באַטראַכט די צוגע־גרייטע אָריגינאַלן צום זעצן. אָבער ביז דאָס בליי אין קעסל וועט ווערן הייס און צעגיין און ער וועט קענען אַרבעטן, דאַרף נאָך געדויערן מער ווי א שעה. גייט ער אַריין אין דעם דערבייאיקן קאַפע אויף דעם ראָג און באַשטעלט

א קאַמפּלעטאַ. 1) שפּעטער הערט זיך שוין דער קלאַנג פון מאַטריצן-פּאַלן און דאָס קלאַפּן פון לינאָטיפּ.

און אַז שמעון, דער באַלעבאָס, קומט אַריין כאַפּט אַ בליק אויף דעם „זאַץ", וואָס נחום האָט געמאַכט, צעשמייכלט זיך זיין פּנים און פרעגט:

— ווי שטעפּט זיך עס, נחום?

— גוט. שוין מער ווי דריי מעטער געמאַכט.

— עס איז גוט און עס וועט זיין נאָך בעסער ווי גוט, נחום...

***

אין די „גרינע" טעג פון נחומס לעבן הויבן זיך שוין אָן אַריינבלעטערן די „געלע" טעג. נאָך א חודש, נאָך צוויי, מיט דער צייט און עס וועט זיין אויס „גרין" — כולו „געל". נחום פילט, ער לעבט זיך דאָ איין, וואָרצלט זיך אַריין אין נייעם באָדן. די היים, חברים, חנה'לע — דער „דאָרטן" ווערט ביסלעכווייז אָפּגערוקט, פאַרווישט. פאַרבליבן א פאַרבלאַסט פּינטל. די בענקשאַפט אין האַרצן נאָגט שוין ניט ווי פריער. די בריוו אהין און צוריק — זעלטענער. אהיים — א קורץ בריוול גיט צו וויסן וועגן זיין געזונט. צום בריוול א בייגעלייגטער טשעק אויף עטלעכע דאָלאַרן. צו חנה'לען — „איך האָב מורא פאַר דיין קומען. ווער ווייסט, צי מיר וועלן זיך דערקענען"...

און ווי לאַנג איז עס געווען, ווען ער פלעגט נאָך א טאָג אַרבעט, צוריקערנדיק אין זיין דאַך-שטיבל, שוין פאַרבלייבן אין די נעכט אליין מיט זיך. קוקן אין אלבאָם די פאָטאָס פון חברים, צום וויפלטן מאָל לייענען חנה'לעס בריוו צו אים פול מיט בענקשאַפט, לעבן מיט די נאָנטע דערינערונגען און אין בריוו אויסגיסנדיק זיין היים-וויי, זיך אַריבערטראָגן „אַהין". און אַז דער אומעט פלעגט אים גאָר שטאַרק א פּרעס טאָן, אַראָפּלויפן אין דרויסן, שפּאַנען איבער גאסן און פּלוצלינג זיך דערזען ביים ים. אַרום איז פינצטער. כוואַליעס רוישן. אין דער ווייטקייט פינקלען פייערלעך. שיפן רעווען. מען טראַכט דאַן פון דער וועלט און פון די מענטשן, וואָס פאָרן דאָרטן אין די שיפן, און נחום קומט צום אויספיר, אַז די וועלט איז אומעטום די זעלביקע, — סדנא דארעא חד הוא. עס איז אומעטיק אומעטום. עס איז געווען אומעטיק דאָרטן אין זיין היימשטעטל און עס איז אומעטיק אויך דאָ. און די מענטשן אומעטום נאַריש און ניט גליקלעך. זיי מיינען, אַז אנדערשוווּ איז פאַראַן גליק.

1) קאַפע מיט מילך און צובייס.

איצט געהערט דאָס אַלץ צו דער פאַרגאנגענהייט. זינט ער איז געגצלעך אריבער צום לינאָטיפּ, ארבעט א טורנע און צו דער „קינסענע" (יעדע 15 טעג) באקומט ער אויסגעצאָלט זיינע שכירות, זעט אויס דאָס לעבן נחומ'ען ליכטיקער און שענער. און אז ער שפּאנט איצט אליין איבער די גאסן פון שטאָט, זעען זיי אים אויס פון לאנג באקאנטע. דער הימל מיט זיין בלוי בלויט זיין געמיט. אויפן הארצן איז גרינג און ריזלט מיט פרייד. נחום טראַכט פון דער אַרבעט און פון זיין ארבעט-חבר, דעם לאנגן און שטילן זאווקע, וועמענס אויגן זיינען איביק מאט, די וויעס אנטצינדעט און רויט-לעך, שטענדיק ניט צופרידן און קלאָגט אויף זיין מזל, וואָס איז צו אים שלעכט. לאָזט איבער — זאָגט ער — זיין געזונטביים פארשאָלטענעם לינאָטיפּ און איז „אראָפּ אין אַמעריקע מיטן לינקן פוס".

און ווען דיביידע חברים זיצן אין א פאַרנאכט נאָך דער אַרבעט אויף א פלאסע, דערציילן זיי זיך וועגן זייערע לעבנס. זיי ריידן זיך אראָפּ פון הארצן. זאווקע פאַרציט דעם רויך פון פאפּיראָס און שווייגנדיק הערט ער אויס נחומ'ען.

נאָך ניטאָ קיין צוויי יאָר, ווי איך בין דאָ און דאָס לאנד איז מיר געוואָרן נאָענט. איך פיל פרייהייט, ניט מען פרעגט מיך ווער איך בין, פון וואנען איך קום, וואָס איך טו. מען האָט נאָך מיך קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט אין גאס און געפרעגט אויף א דאָקומענט. אויף אזא איינעם, וואָס קומט פון „דאָרטן", פון „יענע" לענדער, דארף עס ווירקן, שטאַרק ווירקן.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

# דער מלאך און דער טייוול

## (אַ מעשה׳לע)

די דאָזיקע אַזוי באַצייכנטע מעשה׳לע „דער מלאך און דער טייוול" האָב איך פאַרטראַכט זיצנדיק אין סלאָנימער און גראָדנער תפיסות אין די יאָרן 1922־26, אַלס פּאָליטישער אַרעסטירטער. געזעסן זיינען מיר אינאיינעם מיט אַרעסטאַנטן, באַשולדיקטע אין דערהרגענען מענטשן און צונעמען ביי זיי זייער געלט און פאַרמעגנס. אין טורמע זיינען זיי, אָבער, געווען שטילע און גוטע מענטשן. מיר האָבן געהערט צוזאַמען אין איין „קאָמונע" און זיך געטיילט מיטן עסן. אָנגערעגט צו שרייבן די דערציילונג, האָט מיר אָ פּאָליטישער אַרעסטירטער, אַן אַלטער כּליער מיטן נאָמען פיאָדאָר איוואַשקעוויטש, וועלכער האָט אָנווייזנדיק אויף די אַזוי באַצייכנטע, קרימינעלע פאַרברעכערס געזאָגט: „מיין ניט, קינד מיינס, אַז אָט די געפייניקטע אומגליקלעכע מענטשן, וועלכע פיל פון זיי וועלן מאָרגן גיין צום טויט, זיינען פאַרדאָרבענע. זיי זיינען בטבע גוט און אָרנטלעך. דאָס לעבן האָט זיי אַהער אַריינגעברענגט, און אָט די זעלביקע מענטשן וואָלטן אין אַנדערע לעבנס־באַדינגונגען געווען מלאכים און ניט קיין גזלנים. — דאָס לעבן, קינד מיינס, קען מאַכן פון זעלביקן מענטשן אַ מלאך אָדער אַ טייוול"...

גערדרוקט איז די דערציילונג געווען צום ערשטן מאָל אין דער יידישער טאָג־צייטונג פון בוענאָס איירעס „די פּרעסע", דעם 6־טן יולי 1928, אונטערן פּסעוודאָנים ב. אָקטיאַברסקי.

**דער גרויסער סין-יון-טסען פון דער דינאסטיע טשאַן-לין, האָט געהייסן רופן צו זיך זיין גרעסטן אין לאַנד, קינסטלער, טשאַנג-פענג און אים אַזוי געזאָגט:**

— זאָלסט מיר אויסמאָלן אַ בילד פֿון אַ מלאך, וועלכער זאָל הענגען ביי מיר אין פּאַלאַץ. דער מלאך דאַרף זיין אַזוי אויסגעמאָלט, אַז פֿון זיינע אויגן זאָלן זיך פֿאַנאַנדערטראָגן ליכטיקע שטראַלן איבער אַלע צימערן פֿון מיין פּאַלאַץ. דער מלאך דאַרף זיין אַזוי אויסגעמאָלט, אַז ווען אַ מענטש זאָל אויף אים זיינע אויגן ווענדן, זאָל אין זיין האַרץ אַריינדרינגען אומ-שולדיקייט, גוטסקייט, זעליקייט. אַ שלעכטער מענטש מיט אַ שלעכט האַרץ, וועלכער וועט אַ קוק געבן, דאַרף ווערן גוט. זיין האַרץ דאַרף ווערן מילד; אַ רוצח, קוקנדיק אויף אים, דאַרף ווערן אָרנטלעך; אַ ליידנדן, ווער עס האָט צרות, זאָל ווערן גרינג, גליקלעך; אַ באַטריבטן, זאָל ווערן פריילעך. פֿון דעם מלאכס פֿליגלען זאָלן זיך פֿונאַנדערטראָגן רואיקייט און ליבע. פֿון אַלע עקן לאַנד זאָלן זיך צו אים ציען ליידנדע, אומגליקלעכע; אַלע וועמען עס איז שלעכט, זאָלן ביי אים א טרייסט געפֿינען. זיין רוים און ליב זאָל קלינגען פֿון איין עק לאַנד ביזן צווייטן עק. פֿון מזרח ביז מערב, פֿון צפֿון ביז דרום זאָלן אַלע זאָגן: „געלויבט זאָל זיין דער גרויסער סין-יון-טסען אויף אייביק און דור-דורות". ווען דו וועסט עס מיר מאַכן, דו, גרויסער קינסטלער טשאַנג-פּענג, וועל איך דאַן דיר אַוועקגעבן אַ גרויסן טייל פֿון מיינע רייכטימער און צו דעם מיין איינציקע טאָכטער שוכאַריזאַ פֿאַר א ווייב, מיט וועמענס שיינקייט עס קלינגט דאָס גאַנצע לאַנד און וועסט ביי מיר זיין גליקלעך אויפֿן גאַנצן לעבן. נאָר אויב ניט, וועל איך דיך הייסן פֿאַרברענען און דיין אַש איבער דעם וואַסער פֿונאַנדערשפּרייטן.

דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פּענג האָט צונויפגעקנייטשט זיין ברייטן שטערן און האָט זיך פֿאַרדאַגה'ט. אַ שווערע אויפֿגאַבע גיט אים אַרויס דער גרויסער סין-יון-טסען. נאָר ער האָט מורא געהאַט אָנטזאָגן. ער האָט זיך איינגעבויגן צו דער ערד, אָנגערירט מיט די ליפּן די פּאָלע פֿון די פּורפּור-גילדערנע קליידער פֿון גרויסן סין-יון-טסען. דאָס האָט געהייסן, אַז ער נעמט אָן זיין באַפֿעל און איז שטיל אַרויס.

איז אַרויס דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פּענג אין דער וועלט אַריין זוכן אַ מאָדעל צום אויסמאָלן דעם מלאך. ער האָט געוואַנדערט איבער שטעט און דערפֿער, בערג און טאָלן, וועלדער און פֿעלדער און אַלץ געזוכט אַ מאָ-דעל. נאָר אומזיסט. נישט איין טאָג פֿלעגט פֿאַריבער אין וועלכן דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פּענג איז געווען הונגעריק. נישט איין נאַכט פֿלעגט פֿאַ-ריבער זיין וועלכער ער איז נישט געשלאָפֿן. ער האָט פֿאַר דעם טויט זיך

נישט געשראָקן, נאָר ער האָט זיך געשעמט, אַז די גאַנצע וועלט וועט דאַן זאָגן, אַז שוין נישט פֿאַראַן דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג. אַז ער האָט נישט געקענט אויסמאָלן אַ מלאך. פֿאַר דער צייט איז דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג פֿאַרמרהשחורהט געוואָרן, זיך פֿאַרעלטערט, נישט צו דערקענען אים. זיין ברייטער שטערן איז געוואָרן דורכגעקריצט מיט שאַרפע קנייטשן, אין זיינע שוואַרצע פּעכיקע האָר האָבן זיך געפלאָכטן זילבערנע פעדים און זיינע לעבעדיקע שוואַרצע אויגן זיינען פֿאַריאָמערט געוואָרן. — „נישטאָ אויף דער ערד קיין מאָדעל פֿאַר אַ מלאך"! — האָט אויסגעשריגן דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג, און האָט זיך אַ צעבראָכענער געלאָזט גיין צוריק צום גרויסן סין-יון-טסען.

איינמאָל אין אַ פֿאַרנאַכט אויף צוריקוועגס, איז דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג אַריין אין אַ פּוסט פעלד. די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין עק הימל און מיט פּורפּור-שטראַלן באַלויכטן דאָס פעלד. אויפן הימל איז אַ זייט איז אַרויסגעשווומען אַ גאַנצע, קיילעכדיקע לבנה. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געבעטן. ער האָט געבעטן מיטן גאַנצן האַרץ, אַז גאָט זאָל מיט אים חסד טאָן און אַרויסראַטעווען אים פון דער לאַגע. נאָך דער תפילה האָט דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג אַרויסגענומען פון טאָרבע אַ שטיקל ברויט מיט אַ פלעשל וואַסער און זיך אַנידערגעזעצט צו-בייסן. פּלוצלינג האָט ער דערהערט אַ שטילן פּייפן פון אַ פּאַסטוך. דאָס פּייפן איז צו אים אין האַרצן אַריינגעדרונגען און האָט אים געצויגן צו זיך. ער האָט זיך גיך געלאָזט צום אָרט פון וועלכן דאָס פּייפן האָט זיך געטראָגן. און נישט ווייט פון אים האָט ער דערזען אַ קליין פּאַסטוכל, אַ באָרוועסער, רופט אויף מיט זיין פייפל זיין טשערעדע. דערזעענדיק דאָס פּנים פון פּאַסטוכל, איז דער גרויסער קינסטלער געבליבן, ווי פֿאַרשטיינערט. פֿאַר אים איז געשטאַנען אַ ייִנגל מיט אַ פּנים פון אַ מלאך. ער האָט געזען גרויסע, בלויע אויגן, וועלכע האָבן אין זיין האַרצן אַריינגעגאָסן אַ שטראָם פון צופרידנקייט, גוטסקייט האַרציקייט און ליבע. פון זיינע אויגן האָט זיך געטראָגן רואיקייט. דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג איז אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד און פון שמחה זיך פאַנאַנדערגעוויינט. אם ענדע, האָט ער אויסגעשריגן: „זיי באַגריסט, דו מלאך!" ער האָט געפרעגט, ווי מען רופט אים.

— יאַנג-סאָ-כאַן, — האָט דאָס פּאַסטוכל געענטפערט. — איך פּיטער דאָ מיין טאטנס שאָף. — דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג האָט זיך ארויסגע-

נומען פון טאָרבע זיין פענדזל, פארב און לייוונט און פארן ליכט פון דער לבנה געמאָלן דאָס פּאַסטוכל.

ווען דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג איז צוריקגעקומען צום גרויסן סין-יון-טסען און האָט באוויזן דאָס בילד — איז דער גרויסער סין-יון-טסען, דערזעענדיק עס, געפאלן אויף דער ערד און פון צופרידנקייט געוויינט. ער האָט געזען, ווי איבער א יידיק פּוסט פעלד באלויכטן מיט זילבערנעם לבנה-ליכט שוועבט אַ מלאך און פון מלאכס אויגן ציען זיך ליכטיקע, וואַרעמע שטראלן, זיי שלאָגן אין הארצן און עס ווערט גוט... גוט... פון די פליגלען פון מלאך טראָגן זיך רואיקע, שטילע געזאנגען און עס פארוויגט די נשמה. עס דאַכט זיך, אַז ער, דער גרויסער סין-יון-טסען, איז אויך אין פעלד און שוועבט אויך צוזאַמען מיטן מלאך.

דער גרויסער סין-יון-טסען האָט דעם גרויסן קינסטלער טשאַנג-פענג באַצאָלט מיט אַ סך רייכטימער און אָפּגעגעבן זיין איינציקע טאָכטער מיטן נאָמען שאַכאַריזאַ פאַר אַ ווייב, מיט וועמענס שיינקייט עס קלינגט די גאַנצע וועלט. דאָס בילד האָט דער גרויסער סין-יון-טסען אויפגעהאָנגען אין אַ ספּעציעל געמאַכט פאַר אים צימער. פון יענעם טאָג פלעגן עולה רגל זיין פון אַלע עקן לאַנד צו דעם מלאך, ליידנדיקע, אומגליקלעכע, וועלכע פלעגן ביי אים געפינען טרייסט. אַ שלעכטער מענטש פלעגט קוקנדיק אויף אים חרטה באַקומען פאַר זיין שלעכטס און ווערן גוט. אַ זינדיקער קוקנדיק אויף אים פלעגט זיך מתודה זיין און ווערן פרום. אַן אומגליקלעכער זעענדיק אים פלעגט ווערן גליקלעך, און אין אַלע עקן לאַנד האָט געקלונגען זיין לויב און רום. און פון מזרח ביז מערב, פון צפון ביז דרום האָבן אַלע געזאָגט: „געלויבט זאָל זיין דער גרויסער סין-יון-טסען אויף אייביק און דור-דורות".

---

און עס זיינען פאַריבער אַ סך יאָרן.

דער גרויסער סין-יון-טסען איז געוואָרן אַלט, גרוי. עס איז אויך פאַרעלטערט געוואָרן דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג.

איינמאָל האָט דער גרויסער סין-יון-טסען געהייסן רופן צו זיך דעם איידעם זיינעם, דעם גרויסן קינסטלער טשאַנג-פענג און אים אַזוי געזאָגט:

— גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג! איך וויל, דו זאָלסט מיר אויסמאָלן אַ בילד פון אַ טייוול, וועלכער זאָל הענגען ביי מיר אין אַ פּאַלאַץ. דער טייוול דאַרף זיין אַזוי אויסגעמאָלט, אַז פון זיינע אויגן זאָלן זיך פאַנאַנדער-

טראָגן שוואַרצע, פינצטערע שטראַלן איבער אַלע צימערן פון מיין פּאַלאַץ. אַ גוטער מענטש, וועלכער זאָל אויף אים אַ קוק געבן, זאָל ווערן שלעכט, פאַרדאָרבן. פון זיינע פליגלען זאָלן זיך פונאַנדערטראָגן רוישיקייט, פיינד־שאַפט; אַ צופרידענער, אַז ער וועט אַ קוק געבן אויכן טייוול, דאַרף ווערן פאַרמרהשחורהט; אַ גליקלעכער, קוקנדיק אויף אים, דאַרף ווערן אומגליק־לעך; אַן אָרנטלעכער, קוקנדיק אויף אים, דאַרף ווערן ניט־אָרנטלעך. פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן דאַרף קלינגען די שטאַרקייט און שטרענגקייט פון טייוול, און פון מזרח ביז מערב, פון צפון ביז דרום זאָלן אַלע זאָגן: „געלויבט זאָל זיין דער גרויסער סין־יון־טסען אויף אייביק און דור דורות". ווערסטו עס מיר מאַכן, וועל איך דיר לאָזן אַ גרויסע ירושה פון מיינע רייכטימער, דיינע קינדער וועל איך מאַכן גליקלעך אויפן גאַנצן לעבן. אויב ניט, וועל איך הייסן דיך פאַרברענען און דיין אַש כּונאַנדערשפּרייטן איבער אַלע ימים".

האָט דער גרויסער קינסטלער טשאַנג־פענג אַראָפּגעלאָזן זיין גרויען קאָפּ און זיך פאַרטראַכט. אַ שווערע אויפגאַבע גיט אים אַרויס דער גרויסער סין־יון־טסען. ער האָט מורא געהאַט אַנטזאָגן. האָט ער זיך געזעגנט צו דער ערד, אָנגערירט מיט די ליפּן די פּורפּור־גילדערנע קליידער פון גרויסן סין־יון־טסען. דאָס האָט געהייסן, אַז ער נעמט אָן זיין באַפעל און איז שטיל אַרויס.

האָט ווידער געגומען דער גרויסער קינסטלער טשאַנג־פענג זיין פּענדזל, פאַרבן און לייוונט און, ווי גאָר אַמאָל, מיט פיל יאָרן צוריק, אַרויס אין דער וועלט זוכן אַ מאָדעל צום אויסמאָלן דעם טייוול. ער האָט געוואַנדערט איבער שטעט און דערפער, בערג און טאָלן, וועלדער און פעלדער און אַלץ געזוכט. פאַר דער צייט האָט ער געהונגערט, ניט געשלאָפן און אַלץ געזוכט. פאַר דער צייט איז ער צעבראָכן געוואָרן. אַ מידקייט איז אַריינגעפאַלן אין זיין קערפּער און וואָס אַ טאָג ווייטער, פלעגט ער ווערן אַלץ שוואַכער. ער האָט שוין פאַרלאָרן זיינע כּוחות ווייטער צו זוכן און אַ מידער, אַ קראַנקער, זיך געלאָזט גיין צום גרויסן סין־יון־טסען.

איינמאָל, צוריקוועגס, איז ער אַריינגעקומען אין אַ געדיכטן וואַלד. עס איז געווען פאַרנאַכט־צייט. אין וואַלד איז געווען טונקל. איבער דיביימער איז געשטאַנען די לבנה און מיט קאַלטן זילבער־ליכט באַלויכטן דאָס אָרט אויף וועלכן דער גרויסער קינסטלער טשאַנג־פענג איז געשטאַנען. ער האָט זיך געקניט און געבעטן צום הימל, אַז גאָט זאָל טאָן מיט אים אַ חסד און

אים אַרויסראַטעווען פון דער טרויעריקער לאַגע. ער האָט געבעטן מיטן גאַנצן האַרצן אַזוי ווי אַמאָל. נאָכן אָפּדאַווענען, האָט ער אַרויסגענומען פון טאָרבע אַ שטיקל ברויט מיט אַ פלעשל וואַסער און זיך אַנידערגעזעצט אויף דער ערד צובייסן. פלוצלינג, איז ווי פון דער ערד, אַרויסגעשפּרונגען אַ שוואַרצער מענטש, באַוואָקסן מיט האָר און צוגעכאַפּט זיין ברויט. דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג, דערזעענדיק עס, האָט זיך דערשראָקן. זיין האַרץ האָט זיך אָנגעפילט מיט פיינדשאַפט און פייער. פון די אויגן פון שוואַרצן פאַרוואָקסענעם מענטשן האָבן זיך געטראָגן שוואַרצע שטראַלן. אַרום און אַרום איז געוואָרן פינצטער. עס האָט אים געביסן, ווי שלאַנגען וואָלטן זיך געפּלאָנטערט אַרום זיין קערפּער. — „טייוול, דו ביסט עס!" — האָט אויסגעשריגן דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג. ער האָט גיך אַרויסגעכאַפּט פון טאָרבע דעם פענדזל, פאַרב און לייוונט אוןביים ליכט פון דער לבנה שנעל, שנעל געמאָלט. ווען ער האָט געענדיקט מאָלן, האָט דער גרויסער טשאַנג-פענג געפרעגט: „ווי רופט מען דיך, טייוול?"

— יאַנג-כאָ-כאַן! — האָט געענטפערט דער באַוואַקסענער שוואַרצער מענטש — איך לעב דאָ אין וואַלד, באַרויב דורכפאָרערס, מאָרדעווע זיי און פון דעם לעב איך. אַמאָל האָב איך געפּאַשעט דעם טאַטנס שאָף און געגעסן קו-פלייש. נאָר דאָס איז געווען גאָר אַמאָל...

ווען דער גרויסער קינסטלער טשאַנג-פענג איז צוריקגעקומען צום גרויסן סין-יון-טסען און האָט אים באַוויזן דאָס בילד פון טייוול, איז דער גרויסער סין-יון-טסען אַנידערגעפאַלן פון שרעק אויף דער ערד. אַרום אים איז געוואָרן נאַכט. פינצטער. זיין האַרץ האָט געברענט מיט שנאה און שלעכטס. שלאַנגען לאַנגע האָבן זיך געוויקלט אַרום קערפּער פון גרויסן סין-יון-טסען און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער זינקט טיף, טיף אין דער ערד.

דער גרויסער סין-יון-טסען האָט אַוועקגעגעבן אַ גרויסן טייל פון זיינע רייכטימער די קינדער פון גרויסן קינסטלער טשאַנג-פענג און האָט זיי געמאַכט גליקלעך אויפן גאַנצן לעבן.

דאָס בילד פון טייוול הענגט אין אַ ספּעציעל פאַר אים געמאַכט צימער. פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן עק קלינגט די שטאַרקייט און שטרענגקייט פון טייוול. און פון מזרח ביז מערב, פון צפון ביז דרום זאָגן אַלע: „געלויבט זאָל זיין דער גרויסער סין-יון-טסען אויף אייביק און דור-דורות".

* *
*

און הונדערטער, טויזנטער יאָרן זיינען שוין פאַריבער און דאָך הענגען אין פּאַלאַץ פון גרויסן סין־יון־טסען די בילדער פון דעם מלאך און כון דעם טייוול, געמאָלן פון גרויסן קינסטלער טשאַנג-פענג פון איין און דעם זעלביקן מאָדעל מיטן נאָמען יאַנג-סאָ-כאַן.

---

ב נ י מ י ן   ס ק ו ד י צ ק י

# „א י ן   ג אָ ר ט ן"

יעדן טאָג פלעג איך זי זען אין שטאָט-גאָרטן, א הויכע, א שלאנקע מיט א בלייך פנים, מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגן און רויטע פלעקן אויף די באַקן. טאָג־איין, טאָג-אויס פלעגט זיך דאָס יונגע מיידל באַווייזן אין דער זייטיקער אַלעע. שטענדיק אין זעלבן שוואַרצן קלייד. זי איז געזעסן פאַר־טראַכט, אָנגעלענט מיטן עלנבויגן אויפן פּאָרענטש פון דער באַנק, געזעסן לאנג, געזעסן ווי די שטראלן פון דער פארגייענדיקער זון נעמען שפּרינגען צווישן צווייגן־געפלעכט; די ניאַנקעס מיט זייערע קינדער לאָזן איבער זייער אָרט פאַר פאַרליבטע פּאָרלעך, דינסט-מיידלעך און סאָלדאַטן. זי פלעגט זיך דאַן לאָזן גיין אַ שטילע מיט דער זייטיקער אַלעע און פאַרשווינדן ווערן אין דער אָוונט-טונקלקייט, וואָס האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן גאָרטן.

די סוף-זומערדיקע טעג זיינען געשטאַנען לויטערע און שיינע. אויף די שפּיצןביימער האָבן זיך שוין געגעלט די בלעטער, און אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַן אָסיענדיקער ריח. די פרימאָרגנס און פאַרנאַכטן האָבן גע-ווייעט מיט קאַלטקייט און אומעט. נאָר בייטאָג איז אין גאָרטן געווען וואַ-רעם, זומערדיק. קינדער האָבן זיך געשפּילט, געטאַנצט אין אַ ראָד, גע־שפּרונגען, געלאַכט. עלטערע מענטשן האָבן געלייענט צייטונגען. יונגע גימנאַזיסטן זיינען געווען אַריינגעטאָן אין ביכער. פייגעלעך האָבן געסוויש-טשעט פון די ביימער אַראָפּ, געשפּרונגען פון צווייג אויף צווייג. ס'איז געווען אָנגענעם צו זיצן אין קילן שאָטן ווייט פון דער רוישיקער, הייסער שטאָט און אַריינשעפּן אין זיך פרישע לופט.

אָפטמאָל פלעגט דורכשניידן די לופט אַ האַרטער, טרוקענער הוסט באַ־גלייט מיט אַ כאָרכל וואָס איז געקומען פון יענער הינטערשטער אַלעע און זיך צעקייקלט איבערן גאָרטן. עפּעס האָט דער הוסט זיך ניעט געפּאַסט צום אַרומיקן לעבן דאָ, צו די געזונטע לאַכנדיקע קלאַנגען פון די קינדער.

ביי יעדן הויט פלעג איך אַ ציטער געבן. אין האַרץ האָט אַ שניט געטאָן. ס'האָט דערמאָנט עפּעס שרעקלעכעס, דאָס, פאַרוואָס יעדער האָט מורא, ציטערט דערפאַר, ווי ס'וואָלט אָנגעזאָגט אונטערגאַנג דעם גאַנצן אַרומיקן לעבן.

כ'האָב זי קיינמאָל נישט באַמערקט שפּאַצירן. זי איז שטענדיק געזעסן אַליין, אָן איינזאַמע. מיט דער צייט האָב איך זיך צוגעוווינט צו דער אומעטיקער פיגור אויף דער באַנק. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז אַ טייל פון דעם גאַנצן אַרום דאָ אין גאָרטן. און ס'וואָלט אויסגעקומען חידושדיק ווען איך טרעף זי נישט אַמאָל, פּונקט ווי כ'וואָלט אין אַ שיינעם פרימאָרגן נישט געפונען דאָס קלויסטערל, וואָס טוליעט זיך לעבן גאָרטן ניט ווייט פון אַריינגאַנג.

די שוואַרצע מיידל-פיגור אויף דער באַנק האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ מאָדנע געפיל. ס'האָט מיך געצויגן אַהין און אין דער זעלבער צייט געשראָקן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז כ'האָב עפּעס געמיינזאַמס מיטן דאָזיקן שוואַרצן סילועט. מעגלעך אַז ס'איז געווען פון רחמנות צו איר. איך ווייס נישט פאַרוואָס, כ'האָב געפילט, אַז איך מוז זיך מיט איר באַקענען. נאָר ווי אַזוי? צוגיין צו איר פשוט איז דאָך נישט פּאַסיק. איז ביי מיר געבליבן צו קומען אינדערפרי, זיך זעצן אויף איר אָרט און וואַרטן...

אין גאָרטן איז נאָך קיינער נישט געווען. אַ קאַלט ווינטל האָט זיך דורכגענומען. כ'האָב לאַנג נישט באַדאַרפט וואַרטן. זי איז אָנגעקומען מיט דער זייטיקער אַלעע. איך האָב געזען ווי זי גייט גלייך צו מיר. דאָס האַרץ האָט אין מיר געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער. זי איז צו מיר צוגעקומען און געזאָגט שטיל מיט אַ שמייכל:

— איר האָט פאַרנומען מיין אָרט. ס'מאַכט נישט אויס. כ'האָב געוווּסט אַז ס'וועט אַזוי זיין.

כ'האָב זיך אָפּגערוקט, איר אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ און געבליבן זיצן לעבן איר אָן אַ וואָרט. דאָ און דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן מענטשן. ווי נעכטן האָבן זיך קינדער געשפּילט. דער גאָרטן האָט אויפגעלעבט. ס'איז געוואָרן וואַרעמער. מיר זיינען געזעסן איינער לעבן אַנדערן און געשוויגן.

— איר ווייסט — האָט זי די ערשטע איבערגעריסן דאָס שווייגן — כ'האָב געוווּסט אַז איר וועט צוקומען. כ'האָב עס פאָרגעפילט. שוין פון לאַנג האָב איך באַמערקט, אַז איר נעמט נישט אַראָפּ פון מיר קיין אויג. וואָס אַזוינס האָט איר געזען אין מיר?

— איך ווייס אַליין נישט וואָס.

— זאָגט, צוליב וואָס האָט איר זיך מיט מיר באַקענט?

איך האָב נישט געענטפערט.

— איר ווייסט, אַז איך בין קראַנק? — האָט זי געשטיקט אין זיך דעם הוסט, געשטיקט און אַרויסגעהוסט.

— פון וואַנען זאָל איך וויסן?

— נישט ריכטיק, איר ווייסט. נאָכן הוסט דערקענט מען... איך בין שוין לאַנג קראַנק... שוין עטלעכע יאָר... דאָס האַרץ...

זי האָט מיט דער האַנט אָנגעדריקט אויף איר האַרץ.

— איר קורירט זיך? — האָב איך סתם אַזוי געפרעגט.

זי האָט זיך צעלאַכט און אָפּגעריסן:

— קורירן? ס׳קאָן העלפן? סוכאָטע... איר זענט געזונט, האַ?

— יאָ, איך בין געזונט.

— איך האָב פיינט געזונטע מענטשן. איך קאָן זיי נישט ליידן. אַלע אַזעלכע פרישע, געזונטע, שיינע...

פויזע.

— איך וועל שטאַרבן... איך ווייס. גאָר אין גיכן... און עס ווילט זיך נישט שטאַרבן... ס׳איז אַזוי שרעקעוודיק... איר האָט מורא פאַרן טויט?

— איך? איך ווייס נישט. איך טראַכט נישט וועגן דעם.

— עס שרעקט מיך דאָס נישט זיין. דאָס נישט ווערן. איר פאַרשטייט? דאכט זיך, לעבסט? איצט לעבסטו, זעסט, הערשט און פלוצלינג — אויס. ווערסט נישט, ווי גאָר קיינמאָל נישט געווען. איר פאַרשטייט דאָס נישט... און נאָך אַ ווײַלע.

— שרעקלעך איז דאָס, וואָס נאָכן טויט וועט אַלץ זיין ווי איצט. אַלץ וועט פאַרבלייבן ווי געווען. אָט יענע קינדערלעך דאָרט וועלן זיך ווייטער שפילן, און יענער ייד, איר זעט, מיט דער צייטונג אין האַנט, וועט אויף מאָרגן נאָך מיין טויט אויך אַזוי זיצן און די ביימער וועלן שטיין, ווי היינט... נאָר איך וועל נישט זיין. אַלץ, ווי געווען, אויסער מיר. קיינער וועט מיין נישט־ווערן נישט באַמערקן, קיינער נישט...

זי האָט זיך ווידער פאַרהוסט.

— ווען איך קאָן פאַרן טויט, אָט איצט, עפּעס אויפטאָן... אויפטאָן אַזוינס, אַז מיין נישט־ווערן זאָל מען באַמערקן. אויף מאָרגן, נאָך דער

קבורה זאָל מען וועגן מיר ריידן, מיך דערמאָנען. איר פאַרשטייט? מיך דער־מאָנען...

— ס'איז דאָך אָבער דאַן אַלץ איינס, — האָב איך שטיל איבער־געהאַקט.

— נישט אַלץ איינס. דו ווייסט, פאַרשווינדסט ערגעץ, אויף אייביק און וועגן דיר ריידן מענטשן. איר פאַרשטייט? עס איז עפּעס אַנדערש.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און אַראָפּגעלאָזט דעם בליק.

— ס'איז גרינגער צו שטאַרבן, דו ביסט שוין נישטאָ און אַ האַרץ ליידט, דערמאָנט זיך. אויף דיין קבר גייט עמעצער, אויסער דער מוטער האָב איך קיינעם... און די מוטער איז אויך ווייט, ווייט פון דאַנען, נאָר וואָס?... אַ מוטער... העו... אַ מוטערס בענקען איז עפּעס אַנדערש... עס פירט זיך אַזוי... צוגעווינט... עפּעס אַן אַנדער בענקשאַפט וויל איך. אַן אַנדערע... איר פאַר־שטייט עס נישט...

— איך פאַרשטיי, וואָס איר מיינט.

— איר פאַרשטייט? איז גוט. הערט זיך צו. מיר איז שלעכט, זייער שלעכט. איך בין אומגליקלעך. אַליין מיט זיך און פונדעסטוועגן, ווילט זיך נישט שטאַרבן. עס ווילט זיך נישט אַזוי אַוועקגיין. ווען איך וואָלט געווען אַביסעלע גליקלעך, אַ קליין שטיקל צייט כאָטש... און גליק איז פאַראַן. עס עקזיסטירט. איך זע, ביי פרעמדע זע איך... עס וואָלט זיך דאַן לייכטער געשטאָרבן...

זי האָט זיך אָפּגערוט.

— הערט, איר וועט בענקען נאָך מיר? נאָך מיין טויט... בענקט...

איך האָב אויף איר אַ קוק געגעבן. זי איז געווען בלייך, ווי פּאַפּיר, נאָר די שפּיצן באַקן אירע האָבן געברענט אין רויטע פלעקן. די אויגן זיינען געווען פאַרטרערטע, גלאַנציקע. אירע בריסטן האָבן זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ. זי האָט געציטערט ווי אין פיבער.

זי האָט מיר אָנגענומען פאַר די הענט.

— זאָגט, איר וועט בענקען? איך ווייס, אַז איר זענט מיר פרעמד, גאָר פרעמד... אָבער איר זענט מיר נענטער, ווי די איבעריקע מענטשן... נענ־טערע פון אייך האָב איך נישט געהאַט... כ'וועל שוין נישט האָבן אויך... איך ווייס, עס זיינען פאַראַן נענטערע... עס איז פאַראַן... פאַראַן אַן אַנדער נאָענט־קייט... נאָר איך האָב נישט געהאַט... קיינמאָל נישט...

זי איז שטיל געבליבן. איך האָב געשוויגן. איך האָב נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר.

— זאָגן אייך דו?... זאָגן?... האָ?... הער, טייערער... זאָגן „טייערער״?... זאָגן?... איך האָב דאָס וואָרט נאָך קיינמאָל נישט אַרויסגעזאָגט... כאָטש איצט פאַרן טויט... זאָגן... הער, טייערער, אַז איך וועל שטאַרבן, זאָלסטו מיך דער־מאָנען, זאָלסט דערמאָנען... אַז דו האָסט אין אַזאַ און אַזאַ טאָג זיך באַקענט מיט איר, מיט איינער אַ סוכאָטניצע, אַ קראַנקע, אין אַ שוואַרץ קלייד... אַ משוגענע... אַן אומגליקלעכע... מער וויל איך פון דיר נישט... מער נישט...

זי האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגערוט און ווייטער גערעדט.

— איר ווייסט, מאָרגן קאָן איך שוין נישט זײַן. איך ריכט זיך היינט... מאָרגן... כ׳וועל אין גאָרטן מער נישט קומען... בײַנאַכט קלעמט דאָס האַרץ... ס׳קלעמט, ווי אין צוואַנגען... בײַנאַכט טוט עס ווײ... שרעקלעך...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן.

איך האָב נישט באַמערקט ווי דער טאָג איז אַוועק. די קינדער זײַנען שוין אין גאָרטן נישט געווען. שיקסעס אין ווײַסע בלוזקעס האָבן זיך הין און צוריק געדרייט: געוואַרט אויף זייערע געליבטע. ס׳איז געווען קאַלטלעך. פּלוצלינג האָב איך דערפילט אויף מײַנע ליפּן אַ הייסן זודיקן קוש. איך האָב זיך אַ טרייסל געגעבן.

— אַנטשולדיק... איך האָב עס געמוזט... דער ערשטער קוש... קיינעם נישט... כאָטש פאַרן שטאַרבן... זאָלסט געדענקען... איך בעט דיך... טייערער... זאָלסט זיך דערמאָנען אין מיר...

זי איז אויף מיר נאָך אַמאָל אַרויפגעפאַלן. איך האָב ווידער דערפילט אויף מײַן פּנים אַ פײַכטע וואַרעמקייט. כ׳האָב געשלאָסן די אויגן. אַ פּאָר ליפּן האָבן זיך אײַנגעזויגן אין מײַן מויל.

ווען איך האָב געעפנט די אויגן איז נעבן מיר קיינער נישט געווען.

פון ערגעץ אַ ווינקל האָט זיך געטראָגן אַ שפּילן פון אַ האַרמאָניק.

***

עטלעכע טעג נאָכדעם, האָב איך זיך אין גאָרטן נישט געוויזן. נאָר איינמאָל, ווען איך בין דורכגעגאַנגען דורך דער אַלעע, איז די באַנק גע־שטאַנען ליידיק.

# פאַרפאַלן געוואָרן אַ מענטש

אין אָוונט איז אַנדרעי שפּאַגולאַ אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם און פון אַ קופּע אַלטוואַרג אַרויסגעשלעפּט זיין אַמאָליק רעקרוטן-קעסטל, מיט וועלכן ער איז מיט יאָרן צוריק אין סאָלדאַטן אַוועק און זי אַראָפּגעטראָגן אין שטוב.

מאַרפע, די ווייב זיינע, אַ יונגע, געזונטע פויערטע מיט ראָזעווע, פרישע באַקן און געזונטע ווייסע ציין, האָט דאָס קעסטל צוערשט אַרומגעווישט מיט אַ שמאַטע און נאָכדעם עס אויסגעלייגט מיט אַלטן צייטונגס-פּאַפּיר.

דאָס האָט זיך אַנדרעי שפּאַגולאַ געקליבן אינעם וועג.

הינטער די קליינע פאַרפרוירענע פענצטערלעך, איז דרויסן געשטאַנען אַ גרויער און קאַלטער טאָג. ס'האָט דאָרט געשאָטן מיט דראָבנע שטעכיקע שנייעלעך, וועלכע האָבן זיך אין הורבעס אויסגעלייגט ביי די טירן פון די דאָרפישע כאַטעס. אין קוימען האָט דער ווינט געוואָיעט, זיך פאַרגייענדיק אין אַ לאַנגן דינעם קוויטש.

און עס איז עפּעס געווען מאָדנע, וואָס אָט אין אַזאַ אָוונט, ווען יעדער ביי זיך אין כאַטע טוליעט זיך צום וואַרעמען אויוון, פוילט זיך דעם נאָז אויפן גאַס אַרויסצושטעקן, זאָל גאָר אַ מענטש, זיך פּאַקן אַ קעסטל און קלייבן זיך ערגעץ אין דער וועלט אַריין, ערגעץ וויט, וויט.

דאָס אויספּאַקן זיך, איז צוגעגאַנגען שטיל און לאַנגזאַם. מאַרפע האָט אין קעסטל געלייגט פאַרשיידענע זאַכן, וועלכע זי האָט זיי נאָך מיט עטלעכע וואָכן פריער צוגעגרייט, און אַנדרעי איז געזעסן אויף דער באַנק ביים אויוון, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און אַרויסגעלאָזט אין האַלב טונקעלן חלל, לאַנגע שנירעלעך רויך.

זיי האָבן געשוויגן און צווישן זיך נישט גערעדט. כאָטש זיי האָבן געפילט, אַז זיי האָבן נישט וועגן וואָס צו ריידן, דאָך האָט זיך זיי געוואָלט אָט איצט, אין דעם אָוונט ריידן איינער צום אַנדערן פיל, פיל; ריידן וועגן

אַלץ, פון גאַנצן לעבן זייערן. אויף די הערצער ביי זיי איז ווי אַ שווערער בליי געלעגן און געדריקט.

אַנדרעיען האָט זיך ווי נישט געגלויבט, אַז ער פאַרט עס באמת אַוועק ערגעץ-ווו, אין אַ פאַר אים אומבאַקאַנטן אָרט. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער גייט עס ווידער אין סאָלדאַטן, אָט ווי אַמאָל. ווייל אַלץ איז אים איצט געווען ענלעך צו דעמאָלט. סיי דער ווינטערדיקער אָוונט, סיי דער שניי אין דרויסן הינטער די פענצטערלעך, דאָס פייפן פון ווינט אין קוימען, די פיינטלעכע שטילקייט אין כאַטע — אַלץ האָט דערמאָנט אין דעם אַמאָל, אין יענעם אָוונט אין וועלכן ער איז אַוועק דינען „סלוזשבע".

עס האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען יאַזעפ שונדריק, אַנדרעיס אַן אַלטער חבר נאָך פון דער סאָלדאַטשינע. יאַזעפ שונדריק איז געווען אַ באַטראַק און נישט געקוקט אויף דעם, איז ער שטענדיק געווען זאָרג-לאָז, פריילעך און שטענדיק ביי אַ כוסה. מיט אַנדרעיען האָט אים פאַר-בונדן אַלטע פריינדשאַפט און איצט איז ער עס געקומען געזעגענען זיך מיט אים. זיין איצטיקע פלוצלינגע דערשיינען, האָט זייביידן דערפרייט.

— אָ, אַ גאַסט, אַ גאַסט! זיך גאָרנישט געריכט! אין אַזאַ וועטער! — האָט מאַרפע זיך אויפהייבנדיק פון איבער דעם קעסטל, אויסגעשעריגן.

— וואָס האָט איר געמיינט? אַנדרעי וועט אוועקפאָרן אָט-אַזוי זיך, הע... נישט מאַכן מיט יאַזעפן קיין טרונק? גאָרניט! ביין טייערינקע!

און ער האָט אַרויסגעצויגן פון פעלצל צוויי פלעשלעך בראָנפן און זיי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

— און דו, אַנדרעי, — איז ער צו צו אים, און אים אַ קלאַפּ געגעבן איבער דער פּלייצע. זאָרג נישט. פאַרסט נישט, ברודערקע, אויף מלחמה. פאָרסט אין אַ וועלט. פאַרשטייסט, אין אַ וועלט... איך וואָלט אויך געפאָרן. קום צום טיש!

אין שטוב איז מיטאַמאָל פריילעכער געוואָרן. מאַרפע האָט אין אַ זייט אַוועקגערוקט דאָס קעסטל און איז אַרויס אין קיך. אַנדרעי האָט זיך פויל ביים טיש געזעצט. יאַזעפ האָט פון זיך דאָס פעלצל מיט דעם היטל אַראָפּ-געוואָרפן:

אָט אַזוי איז עס, אנדרעי, ד"ר וועט שוין גוט זיין און מיר וועלן שוין אָט ווייטער אַזוי דעם יאָך טראָגן... עך, עך...

אַנדרעי האָט אויף אים געקוקט און געזען, ווי יאַזעפס פנים קרימט

זיך אין משונהדיקע תנועות. דאָס רעכטע אויג זײַנס פֿאַרמאַכט זיך און עס ווייזט זיך אַ האַלב מויל שטאַרקע געלע ציין. ער האָט זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד, וועלכע זײַנען געווען ווייכע און אײַנדרוקספֿולע און גאָרנישט געענט־פֿערט. יאַזעפֿס ווערטער האָבן אים געמוטיקט און אין האַרצן דאָרטן טיף גע־ליכטיקט. ער האָט געפֿילט, אַז יאַזעפֿ רעדט אמת. דאָ איז דאָך טאַקע קיין לעבן נישט... ערד ווייניק, פֿאַדאַטקעס גרויסע... און דערצו, דאָס שרעק און מורא פֿאַר יעדן פּאַן, פֿאַר יעדן פּאָליציאַנט, מ׳זאָל אים נישט אַרײַנזעצן, אָט פֿאַר גאָרנישט, פֿאַר עפּעס אַ וועלכן-ניט-איז קעגנערישן וואָרט. איז וואָס האָט ער טאַקע צו פֿאַרלירן?...

מאַרפֿע האָט אַרײַנגעבראַכט הערינג, ציבעלע, ברויט. יאַזעפֿ האָט אויפֿ־געריסן אַ פֿלאַש און צוטראָגנדיק אַן אָנגעגאָסן גלאָז צו מאַרפֿען, געזאָגט:

— און דו, טײַערינקע, טרינק אויך מיט אונדז. אַ נו־קאַ...

— עס זאָל זײַן גוט. — האָט מאַרפֿע נעמענדיק דאָס גלאָז צוגעווינטשט.

— געוויס וועט זײַן גוט. געוויס... עך, אַנדרעי, טײַערער מײַנער, אַלטער פֿרײַנד מײַנער! נו, זאָלן מיר זײַן געזונט...

— צו געזונט!

און זיי האָבן געטרונקען.

ביי דער דריטער כוסה איז אַנדרעיען פֿריילעכער געוואָרן. עפּעס האָט אים אַ וואַרעמקייט אין די בלוטן אַרײַנגעשטראָמט. ער האָט אָנגעהויבן פּלאַפּלען:

— מיר פֿאָרן, מיר פֿאָרן עס אויך אַוועק. זאָל די כאָליערע וויסן ווו דאָס איז. עך! שטאַרק בין איך דאָך? געזונט בין איך דאָך?

— און דאָרטן — האָט מאַרפֿע זיך אַרײַנגעמישט, ווי אויך וועלנדיק אַן אָנטייל נעמען אינעם שמועס — און דאָרטן, זאָגט מען, איז שטענדיק זומער, נישטאָ קיין ווינטער.

— מאַלע, וואָס מען רעדט. זאָל מען ריידן. —האָט יאַזעפֿ קײַענדיק אַ הע־רינג, געענטפֿערט. זאָל מען אויסטראַכטן וואָס זיי ווילן. הער נישט אַנדרעי קיינעם. עס איז אַ וועלט ווי דאָ. עס איז פֿאַראַן ווינטער און זומער און אַלץ. גלויב זיי נישט...

אַז זיי האָבן שוין די בראָנפֿן אויסגעטרונקען זײַנען זיי נאָך לאַנג געזעסן און צווישן זיך געפּלאַפּלט. האָבן גערעדט פֿון זאַכן, נישט האָבנדיק פֿון זיי קיין אַנונג. אַנדרעיען האָט זיך אין קאָפּ געוויגט און אין די שלייפֿן געקלאַפּט. ביי מאַרפֿען האָבן זיך די אויגן געקלעפּט און אין די גלידער איז אַ וואַרעמער

שטראָם געפלאָסן. און יאַזעפ איז געזעסן און מיטן קולאַק געקלאַפּט אין טיש.

— מיר וועלן אויך פאָרן. אַלע וועלן מיר פאָרן. זאָלן ברענען די פּראָקליאַטע „פּאַנעס" מיט די סערוויטוטן. און נאָכדעם וועלן מיר ווידער צוריקקומען... איר פאַרשטייט, מיר וועלן ווידער צוריקקומען און דאַן זיי אויף די בעריאָזעס פאַנאַנדערהענגען... אויפגעהאָנגען אַ „פאַניטש" — און אַוועק. אויפגעהאָנגען — און ווייטער אַוועק... און אַזוי ברידערלעך אַלעמען. אַלע-מען... קיין זכר פון זיי נישט לאָזן...

קיינער האָט אים נישט געהערט. אין שטוב איז געווען שטיל. דער ווינט הינטער די פענצטערלעך האָט מיט משונהדיקע קולות געברומט. דאָס דאָרף איז געלעגן אַ שטילער און ווייסער, אַ פאַרוויגטער אין שלאָף. נאָר ביי אַנדרעיען אין כאַטע האָט געלויכטן.

דאָס האָט מען זיך דאָרט געזעגנט.

*
**

אינדערפרי איז אַנדרעי געשלאָפן עטוואָס שפּעטער. קיין עסן דעם פערד האָט ער היינט נישט געדאַרפט געבן. און כאַטש מאַרפע האָט אויך נישט גע-האַט אין דעם באַגינען וואָס צו טאָן, דער בהמה עסן האָט זי אויך נישט געדאַרפט געבן, (זיי האָבן זיי פאַרקויפט און פאַר אַט דעם געלט פאָרט עס אַנדרעי) דאָך איז זי אויפגעשטאַנען ווי אַלעמאָל. האָט זיך געדרייט אין דער כאַטע, אין הויף, נישט וויסנדיק, וואָס זי זאָל טאָן. שוין עטלעכע יאָר, אַז זי איז צוגעוווינט צו טאָן אין דער צייט איין און די זעלבע אַרבעט: מאַכן פאַר דער קו און חזירים דעם צעבער, און היינט האָט זי דערפאַר געפילט אַ פּוסטקייט אין זיך. און זעענדיק דאָס קעסטל ביים וואַנט, האָט עס אין האַרצן אָנגעהויבן וויייטיקן, אַזש טרערן האָבן אירע אויגן פאַרגאָסן.

שפּעטער האָט מען זיך געזעגנט. אַט, פּראָסט און שטיל. אָן דראַמאַ-טישע סצענעס. עס זיינען בייגעווען יאַזעפ און נאָך עפּעס אַן אַלטע פויערטע מיט אַ גרין פּנים און גרינע אויגן, ווי גאַל.

אַנדרעי האָט געהאַלטן מאַרפען צוגעדריקט צו זיך און שווייגנדיק אויף איר געקוקט. נאָכדעם האָט ער זי אָפּגעלאָזן, אַריינגענומען איר האַנט אין זיינע שטייפע פינגער און דריקנדיק זי האָט ער ווי זיך געבעטן:

— איך פאָר דאָך, מאַרפע, ווייסט דאָך, נאָך ברויט... נאָך ברויט...

מאַרפען האָט אין האַלדז געשטיקט און זודיקע טרערן זיינען איבער איזרע באַקן גערונען:

— אַנדרעי, כאַטש אַ בריוו, כאָטש אַ בריוו, אַנדרעי...

און מער האָבן זיי שוין נישט גערעדט.

יאָזעפּ איז געשטאַנען אָן אַ זייט און געדרויכערט. די גרינע פויערטע האָט געהאַלטן אין איין צלמען די לופט און ברעכן מיט די הענט.

און אַזוי איז ער אַוועק.

מאַרפע איז געשטאַנען און געקוקט, ווי אויף דעם ווייסן וועג שלענגלען זיך צוויי שוואַרצע פינטעלעך: אַנדרעי מיט דעם קעסטל איבער דער פּלייצע און יאָזעפּ. זי האָט אויף זיי געקוקט אַזוי לאַנג, ביז וואַן זיי זיינען פאַרשוווּנדן אין דער ווייסקייט פון וועג. אין האַרץ האָט איר אַ דריק געגעבן ווי עמעץ וואָלט דאָרט מיט צוואַנגען אָנגעכאַפּט; זי איז אַריינגעלאָפן אין שטוב און זיך וואַרפנדיק אויפן טאַפּטשאַן, זיך פאַרגאַנגען אין כליפּען.

זייער פרימאָרגן איז געווען אַ ריינער און בלויער. עס האָט געפרעסטלט. פון פראָסט האָט די לופט געקנאַקט, ווי עמעץ וואָלט צווייגן געבראָכן.

שפּעטער האָט די זון אַ בלייכע איבער דעם דאָרף זיך פאַנאַנדערגעגאָסן און די באַבעס זיינען געגאַנגען צום ברונעם נאָך וואַסער, ווי אַלעמאָל.

אין עטלעכע טעג שפּעטער איז שוין אַנדרעי געזעסן אין אַ וואַגאָן מיט נאָך פיל פויערים־זעמליאַקעס, גרייט צו אָפּפאָרן פון וואַרשעווער וואָקזאַל.

אין דער ווייסער ווינטער נאַכט האָט זיך געשוואַרצט אַ לאַנגער פּאַס מיט וואַגאָנען, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַן אויסערגעוויינלעך קלאַפּן און טומל.

אַנדרעי איז געזעסן ביים פענצטערל און זיך צוגעקוקט, ווי עס געזעגנען זיך מענטשן, שרייען, ליאַרמען און פאָכען מיט היטלען און טיכלעך. צו אים איז קיינער נישט צוגעקומען און קיינער האָט זיך צו אים נישט געגריסט. און פּייניקלעך שווער איז אים געווען צו זיך כילן אַליין אָט אין דעם איצטיקן אַרומיקן געפילדער און ער האָט געוואָלט שוין וואָס גיכער אָנהויבן פאָרן.

און אַז די באַן האָט זיך אַ ריס געגעבן פאָרויס אין דער נאַכט אַריין און פאַר זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען גרינע פייערלעך, ווי אַרויסגעטאַנצטע פון דער ערד, האָט זיך אים אין האַרצן אויך אָפּגעריסן. ער האָט דערפילט ווי ביי אים דאָרטן אין האַרצן האָט אַן אָדערל געפּלאַצט און

איבער זיין קערפּער האָט זיך אַ ווייטיק צעגאָסן. אָט איצט האָט ער דערפילט, ווי ער פאַרלאָזט ווי־רקלעך זיין דאָרף, זיין ערד, זיין מאַרפען.

די באַן איז געלאָפן אין דער ווינטער-נאַכט מיט אַ גרויסער שנעלקייט. פון ערגעץ אַ וואַגאָן האָט זיך אַ האַרמאָשקע צעשפּילט און זיך פאַרגאַנגען אין הייזעריקע בענקנדיקע קלאַנגען. נאָך עמיץ האָט מיט אַ שטאַרקער שטימע פאַרצויגן:

„פּאָסלעדני נינעשני דעניאָטשעק,
הולאַיו ס'וואַמי יאַ, דרוזיאַ...

און אַ ים מיט גראָבע שטאַרקע קולות האָבן אונטערגעכאַפּט:
...זאַפּלאַטשעט ווסיא מאיא סעמיא!...

זיי האָבן זיך צעקייקלט אין דער נאַכט און לאַנג, לאַנג געציטערט אין דער לופט.

און עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס פאַרן איצטער נישט קיין מענטשן ערגעץ אין דער וועלט זוכן ברויט, גליק, נאָר עס פירט אַ באַן מענטשן-סאָלדאַטן ערגעץ אויף אַ פראָנט, אויף מלחמה, אין אָקאָפּעס...

* * *

אין בוענאָס-איירעס זיינען די טעג געשטאַנען זוניקע און הייסע. אין די גאַסן איז די לופט געהאַנגען אַ שווערע און שטיקנדיקע. דער אויסגעגאָסענער שוואַרצער אַספאַלט האָט אונטער די פיס געגליט ווי ברענענדיקע קוילן. און דאָך זיינען מענטשן געלאָפן, זיך געאיילט, געשפּרונגען אין לויפנדיקע טראַמווייען. מענטשן-מוליאַרעס זיינען אין דער הויך איבער זעקס-שטאָקיקע מויערן אויף שטריק געהאַנגען און פאַרברוינטע פון זון געאַרבעט.

אַנדרעי שפּאַגולאַ האָט געשפּאַנט איבער די גאַסן. שוין פול פרי אָן, ווי ער איז אַזוי אַרומגעקראָכן, אָט פון בלויען פרימאָרגן אָן, ווען אין די גאַסן איז אַ נעפּל אַ בלויער און קילער געהאַנגען. ער האָט געשפּאַנט פון איין גאַס אין דער צווייטער, אָט אַזוי, מיט דעם געלן פעלצל איבערן האַנט אַריבערגעוואָרפן, מיט א פאנאנדערגעשפּיליעטע „רובאשקע“ און אין לאנגע גלאַנציקע שטיוול. עס האָט זיך פון אים נאָך געטראָגן דער ריח פון דער ווייסרוסישער ערד, פון ווייסרוסישן דאָרף, אָט דער ריח, וועלכער דערמאָנט אין שווערער, געזונטער פּויערשער פּראַצע. קיינער האָט אויף אים זיך נישט אומגעקוקט, כאָטש זיין דערשיינען האָט זיך אויסגעטיילט אין דעם אַרום.

אָט, ווי קיינער וואָלט אים נישט באַמערקט. פון צייט צו צייט פלעגט ער צוגיין צו אַ פּאָליציאַנט און אים עפּעס ווייזן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. דער לעצטער האָט זיך אויף דעם מיט די הענט געמאַכט, אָנווייזנדיק וווהין ער זאָל גיין.

דאָס איז אַנדרעי שפּאַגולאַ געגאַנגען צו דער בויאונג פון אונטערערדישן טראַמוויי, אַרבעט פרעגן.

דאָרטן האָט ער צו זיין גרויס פרייד געטראָפן שוין וואַרטנדיק פיל לאַנדסלייט זיינע. ס'איז דאָרטן געווען אַ מיש־מאַש פון מענטשן. מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציעס און לענדער, מענטשן פון פאַרשיידענע שפּראַכן, אָנגעטוענע אין פאַרשיידענע, משונהדיקע מלבושים. דאָרטן זיינען געווען פּאָליאַקן, אונגאַרן, טשעכן, רוסן, דייטשן, אין פאַרשיידענעם עלטער. מען איז געשטאַנען גרופּנווייז און צווישן זיך געשמועסט.

אַנדרעי האָט זיך צונויפגעשמועסט מיט זיינע לאַנדסלייט און ער האָט זיך פון זיי דערוווסט, אַז ערשט צוויי אַזייגער וועט מען זיי אַריינרופן, און אַז קיין פאַרהייראַטע נעמט מען נישט צו, און דעריבער דאַרף מען זאָגן, אַז מען איז נאָך אַ בחור. און ער האָט זיך אויך פון זיי דערוווסט, אַז מען כאַר־דינט פון שעה: זעכציק סענט אַ שעה, און אַז די אַרבעט איז דאָ אַ געפער־לעכע, און אַז יעדן טאָג ווערן אָט דאָ מענטשן פאַרשאָטן, פאַלן אַוועק און ווערן דאָ אין דער ערד פאַרפאַלן.

צוויי אַזייגער האָט מען זיי אַריינגעלאָזט. פּאָרווייז, דורך אַ שמאָל טירל. אַנדרעי איז אַריין מיט איינעם אַ יונגן בלאָנדן טשעך.

דאָרטן האָט זיי אויפגענומען עפּעס אַ הויכער און דאַרער ענגלענדער מיט בלאָנדע האָר און בלויע פריילעכע אויגן. און כאָטש ער האָט צו זיי גערעדט אין אַ פּאַר זיי נישט פאַרשטענדלעכער שפּראַך, דאָך האָט אַנ־דרעי דעם אינהאַלט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געמיינט. אַנדרעי האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין מאַכנדיק מיט די הענט, אויסדריקנדיק מיט זיי, דאָס וואָס ער האָט אים געוואָלט זאָגן:

— יאָ, פּאַנאָטשקו, אָדין... — האָט אַנדרעי גערעדט, ווייזנדיק אַ פינגער און אַ קלאַפּ געבנדיק מיט אים זיך אין האַרצן. — יאָ, פּראַצו כאָטשו... אָ!...

— און ער האָט מיט די הענט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דער לופט.

דער ענגלענדער האָט געשמייכלט. פאַרשריבן זיין פאַמיליע און געהייסן אים קומען מאָרגן צו דער אַרבעט.

און אויף מאָרגן איז שוין ביי אַנדרעיען אויפן היטל געהאָנגען אַ נומער 416. ער האָט געאַרבעט אונטער דער ערד.

⁂

די טעג זיינען זיך געפלאָסן שטיל און איינטאָניק. ס׳זיינען שוין אַדורך וואָכן.

אַנד, עי האָט נישט באַמערקט, אַז ער איז שוין דאָ אין דעם נייעם לאַנד עטלעכע מאָנאַטן. אַזוי האָט ער די צייט נישט באַמערקט. ער האָט זי נישט געפילט.

אין אָנהויב איז אים געווען שרעקעוודיק. זיך אַראָפּלאָזן אויף אַ לאַנגן שטריק אין אַ טיפער לאָך, באַלויכטן פון אַן עלעקטרישן לעמפּל. דאָס ערשטע מאָל האָט אים פאַרפעלט אָטעם. עס האָט זיך אים אַלץ געדאַכט ווי באַלד, באַלד גיט זיך אַ רוק-אָפּ אַ וואַנט און פאַרשיט אים. נאָכדעם האָט ער זיך איבערציייגט אַז די הויכע ערדיקע ווענט שטייען פעסט און שטאַרק, איז ער געוואָרן ביי זיך אַביסל זיכערער. ער פלעגט שטיין שעהנווייז איבער אַ רידל, ער האָט אים געהאַלטן פעסט אין די הענט און דער רידל, געיאָגט פון עלעקטרישער קראַפט, האָט זיך גערוקט פאָרויס אין דער ערד. אַרום אים האָט געררישט און געקלאַפּט. גרויסע, שווערע גראָב-אייזנס מיט גרויסע אייזערנע ציינער פלעגן פון דער הויך אַראָפּפאַלן, אַריינכאַפּן אין זיך גרויסע גרודעס ערד און מיט אַ רויש זיך אַרויפציען ווידער אין דער הויך. אַנדרעי האָט עס אָבער נישט געזען און נישט געהערט. ער איז ווי געליימט געווען. נישט ער האָט געטראַכט און נישט ער האָט עפּעס געפילט. אַהיים פלעגט ער זיך צוריקקערן אַ מידער, נישט פילנדיק קיין באַוועגונג פון אַ גליד, און ווי אַ שטיין זיך אויפן בעטל אַרויפוואַרפן, אָפּטמאָל, קיין כּוח נישט האָבנדיק עפּעס צו עסן, און אָפּליגן ביז אויף מאָרגן צו דער אַרבעטס-צייט.

"וווּזשׂר" איז געווען אַנדרעיען צו לעבן אָט אין דעם נייעם לאַנד. קייז בריוו צו מאַרפען האָט ער נישט געשריבן. ער האָט די גאַנצע צייט דאָס אַלץ אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג, וועלנדיק אָפּרייסן פון זיין געהאַלט עטלעכע פּעזעס און צושיקן איר אינאיינעם מיטן בריוו. נאָר זעענדיק, אַז סוף-כּל-סוף דאַרף ער דאָך איר צו וויסן געבן וועגן זיך, האָט ער איינמאָל איז אַ זונטיק-טאָג אַ בריוו איר אָנגעשריבן, אין וועלכן ער האָט איר דערציילט, אַז ער אַרבעט ביי אַ באַן און אַז די אַרבעט איז נישט קיין שווערע און אַז

איצט פאַרדינט ער נאָך זייער ווייניק און אַז שפּעטער וועט ער פאַרדינען מערער, וועט ער איר קענען עפּעס צושיקן. און אַז זי זאָל נישט דאגהן, ווייל ער וועט מיט דער צייט אָפּשפּאָרן אַביסל געלט און ער וועט צוריקקומען, און דאַן וועט זיי ווערן גוט: ער וועט צוקויפן נאָך אַ שטיקל פעלד, וועט פאַריכטן די כאַטע, וועט ווידער פאַרמאָגן אַ פערד מיט אַ קו. און ער בעט זי, זי זאָל נישט זאָרגן און זאָל מען נאָר זיין געזונט. און ער האָט דעם בריוו מיטגענומען צו דער אַרבעט, כדי אין אָוונט עס אָפּשיקן מיט דער פּאָסט.

נאָר אָט איז פאַרגעקומען דאָס, וואָס האָט געזאָלט פאַרקומען; ס'איז געשען דאָס, וואָס מיט פיל ברידער זיינע איז פאַר אים געשען, אָט דאָס, פאַר וואָס ער האָט זיך אין דער ערשטער צייט געשראָקן.

ער איז ווי שטענדיק איבערן רידל געשטאַנען און זיך מיט אים גערוקט אין דער האַרטער ערד. עפּעס האָבן זיך אים דאַן אינעם קאָפּ משונהדיקע רעיונות געפּלאָנטערט. געזען עפּעס פאַרנעפּלטע בילדער. בילדער פון דעם אַמאָל — אין דער היים און פון דאַנען; אויפגעמישטע זיינען זיי געשפּרונגען און אַרומגעטאַנצט, ווי קליינע פליגעלעך. זיך אָנגעלייגט איינער אויפן אַנדערן, געוואָרן שווער און געשווערט און געדריקט אין קאָפּ. ער איז גאָר אין דער היים, אויפן פעלד. און אויפן פעלד איז ווּעסנע. עס שמעקט מיט פרישקייט און פרילינג. ער שטופּט דעם אַקער איבער דעם נייעם שטיקל פעלד, וואָס ער האָט נאָר וואָס אָפּגעקויפט. מאַרפע שטייט אויך נעבן אים אַ לאַכנדיקע און אַ צופרידענע. און דער אַקער ציט זיך פאָרויס, לייכט און גיך, גייט און לאָזט נאָך זיך איבער פרישע שטיקער רויע ערד. ער שמייכלט פון דעם, וואָס די ערד איז שוואַרץ און ווייך און וואָס אַרום איז ליכטיק און וואַרעם... נאָר אָט האָט פלוצלינג דער אַקער זיך פאַרהאַלטן. גייט נישט ווייטער. גיט ער אים אַ שטאַרקן צי, זעט ער — ער איז גאָר צווישן צוויי בערג. נישטאָ שוין מאַרפע, נישט קיין זון. ס'איז פינצטער אַרום און אַרום. ער דערפילט ווי עס שטיקט אים עפּעס אין האַלדז. ער פילט ווי ער פאַלט ערגעץ אַראָפּ אין דער טיף און פילט ווי ער שווייט... ער פאַלט און פאַלט, ווי ער שווימט ערגעץ... ער האָט שוין נישט קיין אָטעם — — — —

— — — — — — — — — — — — —

ער איז פאַרשאָטן. ער איז פאַרשאָטן געוואָרן אין אַ מאָנטיקדיקן פאַרנאַכט, ווען אויבן אויף דער ערד איז די נאַכט צוגעפאַלן אַ טונקעלע און האָט אויפן הימל בלייכע שטערן צעהאָנגען. ער איז פאַרשאָטן געוואָרן,

ווען אויבן אויף דער ערד זיינען מענטשן אַרויס אין דער נאַכט אַריין לעבן, געניסן, אָט ווי געכטן, ווי אייערנעכטן, ווי אַלעמאָל. און אונטן אין דער ערד זיינען אויך מענטשן געשטאַנען, איבער רידלען געשטאַנען. און עס האָט געקלאַפּט און געראַשט.

ער איז פאַרשאָטן. ער האָט זיך צונויפגעמישט מיט שטיקער גרו־דעס ערד. קיינער האָט נישט באַמערקט זיין פאַרפאַלן ווערן, אָט ווי קיינער האָט נישט באַמערקט זיין קומען. מער נישט, ווי אין דער קאַנצעלאַריע האָט דער בלאָנדער לאַנגער ענגלענדער מיט די בלויע לאַכנדיקע אויגן אָפּגע־צייכנט, אָט אַזוי גלייכגילטיק, אַ רויטן צלמל ביי דעם נומער 416 — אַנ־דרעי שפּאַגולאַ...

**
*

און דאָרט ווייט, ווייט אין דאָרף האָט זיך פרילינג צעבליט. די ערד אַ נאַסע נאָך דעם נאָר וואָס צעגאַנגענעם שניי, האָט מיט דינע גרעזעלעך גע־שפּראָצט. איבער די שטרויענע דעכער פון די כאַטעס האָבן פייגעלעך גע־זונגען און אַרומגעטאַנצט. דער קאַרשנבוים קעגנאיבער מארפעס כאַטע האָט זיך אין ווייסע קנאָספּן באַדעקט. איבערן דאָרף האָבן זיך וועגן מיט מיסט געצויגן. די לופט איז געווען אַ פרישע און דורכזיכטיקע, געגלעט דאָס פּנים און די בלוטן.

מאַרפע האָט פון זיך שוין דאָס ווינטער־קלייד מיט אַנדרעיס אַלטע שטיוול אַראָפּגעוואָרפן און זיך אָנגעטאָן זומערדיק. פון אַנדרעיען האָט זי זיך שוין מיאש געווען. קיין איין בריוול די גאַנצע צייט פון אים נישט דער־האַלטן. „אָט פאַרפאַלן געוואָרן אַ מענטש, קינדערלעך מיינע, ווי אין וואַסער אַריין". דער פרילינג האָט געמאָנט זייניקע. די פרישע, געזונטע לופט האָט אָנגעצויגן איר הויט, געשטייפט די ברוסטן, אויפגעוועקט די פאַרשלאָפענע בלוטן, און גערופן: צום לעבן.

זי האָט אַריינגענומען צו זיך אין שטוב דעם באַטראַק יאָזעפּ שונ־דריקן, ער זאָל איר צוהעלפן בייטאָג אויפן פעלד און אין דער נאַכט, זאָל ער זי גלעטן איבער איר צעשפּילטן גליענדיקן קערפּער...

און אַז זי פלעגט נאָך דעם שווערן אַרבעטס־טאָג פילן יאָזעפס לאַסקעס און זיך טוליען, פלעגט זיך איר דאַכטן, אַז עס ליגט גאָר אַנדרעי, איר אַנדרעי, וועלכער איז צוריקגעקומען פון דעם ווייטן לאַנד צוריק צו איר, מאַרפען...

פון אַ גאַנץ לעבן

# נאָכן „אַפּעל״

צום אָנדענק פון מיין קאַמפּס־חבר צוויעטקאָוו, וואָס האָט
אין דער פּוילישער דעפענסיווע זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז.

די טורמע־נאַכט האָט זיי, די דריי הונדערט מענטשן, וועלכע זיינען געווען איינגעשלאָסן אין פּירקאַנטיקע קאַסטנס, איצט פּאַנאַנדערגעלייגט אויף הילצערנע נאַרעס און שמוציקע פּאָדלאָגעס פון רויטע ציגל. די טורמע־נאַכט האָט יעדן פון די דריי הונדערט אַריינגענומען צו זיך אין די אָרעמס און אין שלאָפן פאַרוויגט.

צוויי זיינען געווען, וועלכע די טורמע־נאַכט האָט איינשלעפערן נישט געקענט: דעם אַלטן צוויעטקאָוו און דעם יוגנטלעכן יאַנקאָ.

דער אַלטער צוויעטקאָוו האָט געהאַט אַ טונקל־בלאָנדע באָרד, דורכגעשטרייפט ערטערווייז מיט זשמוטעס גרויע האָר; און אויגן האָט ער געהאַט קינדערשע, גוטע, בלויע, גרויסע און קיילעכדיקע. ער איז געלעגן דער ערשטער אויפן נאַרע, נעבן צעמענטענעם פענצטער. דאָס איז געווען דאָס בכבודיקסטע אָרט, ווייל דער אַלטער צוויעטקאָוו איז געווען אין יאָרן דער עלטסטער צווישן אַלע 18 מאַן אין זיין קאַמער: ער איז שוין געווען אין די זעכציקער.

יאַנקאָ איז געווען אַ יוגנטלעכער, 17 זומערן דורכגעלעבט. געהאַט גראָבע פיס מיט גראָבע הענט, אַן אָפּגעשאָרן קעפּל אין פאָרם פון אַ קריגל, קליינע שוואַרצע אייגעלעך, ווי ביי אַ מייזל, און אַ צעהאַקטע אויבערשטע ליפּ. ער איז געלעגן אויף דער שמוציקער פּאָדלאָגע, ווייל עס איז קיין אָרט „אויבן״ מער נישט געווען.

אָט זיי האָט עס די נאַכט נישט געקענט איינשלעפערן.

און כאָטש יאַנקאָ איז געווען אין יאָרן דער יינגסטער, איז ער אָבער

געווען איינגערעכנט אין דער קאַטעגאָריע פון די אַלטע אַרעסטאַנטן. ווייל ער האָט זיך שוין געפונען אָט צווישן די גרויע ווענט באַלד דריי יאָר צייט. ד. ה. דריי יאָר צייט האָט ער נישט געזען קיין גרינע לאָנקע זומער און פאַרשנייטן דאָרף, ווינטער. האָט שוין דורכגעמאַכט עטלעכע הונגער-שטרייקן, זיך שוין געוואַלגערט אין פינצטערן קאַרצער און דורכגעלעבט נאָך שווערע שטראָפן. און גאָרניט — געלעבט. געלעבט און געווען ווייטער גרייט אויף שווערע צייטן.

יאַנקאָן איז קיינמאָל נישט געווען גוט. ושטענדיק האָט ער געליטן. אָנ-הייבנדיק פון זיינע קינדער־יאָרן ביז איצט. זיין טאַטן האָט ער קיינמאָל נישט געקענט. ווייל, ווען זיין טאַטע איז געשטאָרבן איז ער נאָך געווען גאָר קליין, ער האָט נישט געוווסט, וואָס „טאַטע" איז. האָט ער זיך אויפגעהאָדעוועט צווישן מענטשן פרעמדע. געפּאַשט חזירימלעך און בהמות ביי אַ פּריץ מיט לאַנגע אַראָפּגעהאַנגענע וואָנצעס און אויך געשניצט פאַר דעם פּריצס קינ-דער פייפעלעך פון ווערבע. די מאַמען פלעגט ער זען זונטיק. זונטיק פלעגט ער אויפשטיין פרי און אַוועקגיין צופוס אין אַ ווייטן דאָרף, און דאָרטן פלעגט ער אין אַ שיינער הילצערנער הויז מיט ווייסע פענצטער זען די מאַמען. און ער געדענקט, אַז זיין מאַמע איז געווען אַ הויכע און אַ גוטע, זי פלעגט אים גלעטן איבערן קעפּל, קושן אים און פאַרן אַוועקגיין אים אַריינשטופּן אין די קעשענעס זיסע פּלעצלעך. שפּעטער האָט ער זיך דערוווסט, אַז זיין מאַמע האָט געדינט, ווי ער, ביי אַ פּריץ. נאָכדעם איז די מאַמע געשטאָרבן. האָט ער שוין אין די זונטיקן נישט געהאַט וווהין צו גיין, פלעגט ער ליגן אין טאָק (שייער) אין די היי. אַזוי האָט זיך געצויגן זיין לעבן. אַן איינזאַמס, אַ פאַריתומטס. איז ער אַזוי געוואַקסן און געוואַקסן, ביז וואַנען אים איז געוואָרן צוועלף יאָר. און האָט נישט פאַרשטאַנען די סיבות, פאַרוואָס אים איז שלעכט, פאַרוואָס ער האָט נישט קיין טאַטן, פאַרוואָס זיין מאַמע איז גע-שטאָרבן און פאַרוואָס ער איז אַזוי עלנט. שפּעטער האָט ער שוין געגראָבן ביי די „פּוילישע" אָקאָפּעס און האָט שוין אויך געזען, ווי מענטשן שיסן מענטשן. געזען און נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. האָט ער געלעבט אַזוי אין אומוויסן, ביז וואַנען ער איז אָנגעקומען אין אַ טאַרטאַק (זעגמיל) אַרבעטן. אין טאַרטאַק האָט ער געשלעפּט פון אונטער אַ מאַשין קורצע נאַסע ברעטלעך און זיי געוואָרפן אין אַ קופּע. ביי דער קופּע איז געשטאַנען אַליאָשקע און האָט די ברעטלעך געלייגט אויף וואַגאָנעטקעס. אַליאָשקע איז געווען עט-

וואָס עלטער פֿאַר אים. מיט אים האָט ער זיך צוזיפֿגעלעבט און געוואָרן חברים. אָט דער אַליאָשקע האָט אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס ער האָט נישט קיין טאַטן, פֿאַרוואָס איז זיין מאַמע געשטאָרבן, פֿאַרוואָס ער האָט געגראָבן אָקאָפּעס און פֿאַרוואָס ביידע שלעפֿן זיי איצט ברעטער. און אַז יאַנקאָ האָט עס שוין פֿאַרשטאַנען, האָט שוין אַליאָשקע אים מיטגענומען נאָך דער אַרבעט אין אַ וואַלד, אין קוסטעס און נאָך אין ערטער, ווו עס איז שטיל און קיינער זעט נישט. און דאָרט האָט שוין יאַנקאָ געטראָפֿן נאָך אַרבעטער און מען האָט שוין צווישן זיך גערעדט, ווי עס זאָל אים, יאַנקאָן, אַליאָשקען און אַלע אַרבעטער, ווערן גרינגער. פֿון דעמאָלסט אָן האָט זיך שוין פֿאַר יאַנקאָן אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. ער האָט שוין פֿאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך מיט אים. אָבער אָט דאָס לעבן האָט לאַנג נישט געדויערט, מען האָט אים צוזאַמען מיט אַליאָשקען אַרויסגעשלעפּט איינמאָל ביינאַכט פֿון באַראַק, ווען זיי זיינען נאָך געשלאָפֿן. מען האָט אים אַוועקגעפֿירט אין שטאָט, אַ פֿאַר־שמידטן אין קייטן. דאָרטן, אין דעפֿענסיווע, האָט מען אים געשלאָגן אין קאָפּ און אין די פֿיס מיט גומענע שטעקנס: ער זאָל דערציילן, וואָס ער האָט געטאָן אין וואַלד, מיט וועמען האָט ער גערעדט, און ער זאָל ריידן שלעכטס אויף אַליאָשקען. ער האָט אָבער געשוויגן און קיין זאַך נישט גערעדט. האָט מען אים אָפּגעהאַלטן אַ וואָך צייט און אָפּגעפֿירט אין טורמע. אין טורמע איז ער שוין אַריין מיט אַן איבערגעהאַקטער ליפּ. וואַלגערט ער זיך שוין אַזוי באַלד דריי יאָר און וואַרט אויפֿן משפּט. דאָס איז יאַנקאָס לעבן.

דאָ אין טורמע האָט ער זיך צונויפֿגעלעבט מיט סאַשע צוועטקאָוון, אַ זון פֿון דעם אַלטן צוועטקאָוו. אָט דער סאַשע איז עטלעכע מאָל אין תּפֿיסה געוועזן. אָפּגעזעסן אַ שטיקל צייט — אַרויסגעלאָזט. ווידער אַריינגעפֿאַלן, און ווידער אַרויסגעלאָזט. סאַשע פֿלעגט אים לערנען לייענען און שרייבן און נאָך „אַפּעל“, פֿלעגט ער אים דערציילן געשיכטעס פֿון דער אַרבעטער באַוועגונג. און איצט, אַז סאַשע איז שוין אויף דער וועלט נישטאָ, און אויף זיין אָרט ליגט דער טאַטע זיינער, דער אַלטער צוויעטקאָוו, האָט ער זיך צוגעטוליעט צום אַלטן און מיט אים זיך אויפֿגעלעבט.

דער אַלטער צוויעטקאָוו האָט אים אויך ליב געקריגן. ער איז דאָ געווען עלנט און קיינער, חוץ יאַנקאָ, האָט אים נישט אַזוי מיטגעפֿילט אין זיין איצ־טיקער טראַגעדיע. יאַנקאָן פֿלעגט ער נאָך „אַפּעל“ רופֿן צו זיך אויפֿן נאַרע און מיט אים ריידן וועגן סאַשען. דער אַלטער האָט גערעדט וועגן דעם,

ווייל דערצייילנדיק עס, פלעגט אים ווערן גוט. אויפן האַרצן פלעגט אים ווערן לייכט און גרינג, פונקט, ווי אַ שווערער שטיין וואָלט זיך אַראָפּגעקייקלט. פלעגט ער יעדן אָוונט אויסדערציילן פאַר יאַנקאָן זיין שווער לעבן.

אַזוי אויך היינט, אַז דער „אַפּעל" איז דורך און אין דער קאָרידאָרפּוסטקייט זיינען פאַרשלונגען געוואָרן די טריט פון די אַרויסגייענדיקע טורמעאינספּעקטאָר און דאָזאָרעס, האָבן זיי זיך ביידע אויסגעלייגט און געוואַרט, אַז עס זאָל ווערן גוט פינצטער און שטיל, זיי זאָלן, ווי שטענדיק, שמועסן.

איז דער אַלטער געלעגן ביים צעמענט פון פענצטער און געזען, ווי אויף יענער זייט גראַטעס זומער-טאָג גוסט און איבער דעם טורמע-הויף וויקלט זיך אויס נאַכט. געזען, ווי צוערשט האָבן אויף דער הויכער, ווייסער וואַנט, באַוואָקסן פון אַלטקייט ווו-ביט-ווו מיט גרוי-שוואַרצן מאָך, געבלייכט, ווי אָפּגעריסענע פעדים, שטיקלעך זונען-שטראַלן. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זון ערגעץ אין ווייטקייט פאַרגייט. שפּעטער האָט ער שוין געזען די וואַנט אַ פאַרנעפּלטע, באַצויגן מיט גרויקייט, אַ ליידיקע. און נאָך שפּעטער, האָט ער שוין די וואַנט אינגאַנצן נישט געזען. עס איז שוין געווען פינצטער און שטיל.

יאַנקאָ איז געלעגן אויף דער ערד נעבן נאַרע און געקוקט מיט זיינע קליינע שוואַרצע אייגעלעך אויף אַ פלעק, וואָס האָט זיך געשוואַרצט אויף דער גרויקייט פון סופיט. האָט ער געקוקט און געקוקט, ביז וואַנען דער פלעק איז פאַרשוווּנדן — און ס'איז געבליבן אַ טיפע שוואַרצקייט. האָט ער אויך פאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין נאַכט.

איצט האָט דער אַלטער גערופן:

— יאַנקאָ, קום אַרויף, יאַנקאָ.

איז יאַנקאָ, אין די צעריסענע גאַטקעס און ברודיק העמדל, אַרויפגעקראָכן און זיך אַנידערגעזעצט ביי דעם אַלטנס פיס.

אַז זיי זיינען אין שווייגן אַ שטיקל צייט געלעגן, האָט דער אַלטער אָנגעהויבן דער ערשטער:

— איז ווו, זאָגסטו, איז ער געלעגן?

מיט דער פראַגע פלעגט ער יעדעס מאָל אָנהייבן דעם שמועס.

— אָט דאָרט, נעבן אויוון, דער ערשטער פון וואַנט. ער איז געלעגן דער ערשטער, נאָך אים איך, נאָך מיר — מיקאָלאַי, נאָך מיקאָלאַיען — דער אַלטער גריגאָר, נאָך גריגאָרן...

דער אַלטער האָט איבערגעשלאָגן:

— ער איז געווען עפּעס אַ ווילער יאַט?

— האָ, האָ, האָ! שוין איינמאָל אַ ווילער!

— נאָ, לייג זיך.

דער אַלטער האָט זיך איבערגעלייגט אויף דער זייט מיט דער פּלייצע צו די גראַטעס, און יאַנקאָ האָט זיך אַריינגערוקט אין מיטן.

— און ער האָט זיך גוט אויפגעפירט?

— האָ, האָ! שוין איינמאָל גוט! איינמאָל, אין אַ הונגער־שטרייק איז עס געווען. דאָס איז געווען דער ערשטער הונגער־שטרייק, אין וועלכן איך האָב צום ערשטן מאָל געהונגערט. איז אויפן דריטן טאָג געקומען צו אונדז דער פּראָקוראָר. אַ געלער אַזאַ, אַ דאַרער מיט שטעכיקע אויגן. איז ער געקומען. אַריין אין קאַמער. אַ קוק געגעבן, ווי מיר ליגן און געסטראַשעט, אַז עס וועט גאָרנישט העלפן, מען וועט אונדז עסן, מיט גוואַלד אַריינגעבן. „מיט קישקעס גומענע" — האָט ער געזאָגט — וועט ער אונדז אַריינצאַפּן מילך. אַלע האָבן געשוויגן און ער האָט געשריגן און געשריגן. פּלוצלינג, האָט זיך געגעבן אַ הויב אויף סאַשע און אַ געשריי געטאָן: „וואָן פון דאַנען, קאַט!" — און דער פּראָקוראָר איז אַנטלאָפן...

יאַנקאָ האָט עס דערציילט מיט אַ יוגנטלעכער נאַאיוויטעט, פּשוט, מיט האַרציקע ווערטער, פון וועלכעביים אַלטן האָט זיך אין האַרצן אַ לייכט־קייט צעוויגט, און די אויגן האָבן זיך פון טרערן געשפּיגלט. ער האָט מיט דער קאָלדרע איבערגעדעקט יאַנקאָן.

— און דו, יאַנקאָ, בענקסט נאָך אים?

— געוויס בענק איך. ער איז אַזאַ גוטער געווען. בעסער פאַר אַלעמען. בייטאָג האָט ער מיך געלערנט לייענען און שרייבן און אין אָוונט, נאָך „אַפּעל", האָט ער מיר דערציילט וועגן רעוואָלוציאָנערן און קאַמפן. אָך, האָב איך אים ליב געהאַט!

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. עס האָט געשוויגן אויף צוויטעקאָוו. נאַכט האָט זיך איצט שאַרפער אין קאַמער אַריינגעשניטן און עס איז געווען שטיל, אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט, ווי אַ פור קייקלט זיך ווייט, ווייט איבער אַ בריק.

— און זייער אָבֿט — האָט ווייטער געריידט יאַנקאָ — דוכט זיך מיר, אַז ער איז נישט געשטאָרבן, נאָר ער לעבט ערגעץ אין אַן אַנדער טורמע. אַ געפיל פון צוגעבונדנקייט צום יינגל האָט זיך איבער צוויטעקאָווס

קערפּער צעגאָסן. אים איז געווען אַזוי גוט צו ליגן נעבן אַזאַ, וועלכער פּילט אים אַזוי שטאַרק מיט. ליגן און הערן, ווי ער רעדט וועגן זיין סאַשען מיט אַזאַ בענקשאַפט און ליבשאַפט. יאַנקאָ איז אים געווען אַזוי נאָענט און טייער, און אים האָט זיך געדוכט, אַז נענטער פון אים האָט ער דאָ אַרום זיך קיינעם נישט. ער האָט אים מערער מיט דער קאָלדרע איבערגעדעקט און מיט ליבשאַפט געקוקט אויף זיין אָפּגעשוירן קעפּל.

— דיר איז קאַלט, יאַנקאָ?

— ניין, נישט קאַלט, נאָר אַזוי עפּעס מאָדנע.

— יאָ, יאַנקאָ, מיר דוכט זיך עס שוין נישט. צום ערשטן, ווען איך האָב וועגן דעם דערהערט, האָט זיך נישט געגלויבט, אָבער שפּעטער, ווען איך האָב שוין מיט מיינע אייגענע אויגן געזען...

ער האָט פּלוצלינג אָפּגעהאַקט. טרערן האָבן זיך אים אין האַלדז גע־קייקלט און ער האָט קיין וואָרט נישט געקענט אויסריידן. אַ ווײַלע איז ער אַזוי, אין שוויגן, געלעגן און נאָכדעם ווייטער גערעדט:

— און געווען איז עס, יאַנקאָ, אין פאַרנאַכט-צייט. מיטוואָך איז עס געווען, איך געדענק אַפילו דעם טאָג, אויף מאָרגן האָב איך געזאָלט צופאָרן אין שטאָט זיך דערוויסן עפּעס; און פאָרן, פאָר איך דאָך דאָנערשטיק. יאָ, קום איך פון פעלד. דאָס פערד שפּאַן איך אויס, לאָז עס איבערן הויף אַרומגיין און גיי אַריין אין כאַטע. זע, עפּעס איז אין כאַטע שטיל, אַ מאָדנע שטילקייט, קיינמאָל אַזאַ שטילקייט נישט געווען. די קינדער זיינען נישטאָ. אין האַרצן האָט מיר אָנגעהויבן צו נאָגן, שוין דערפילט, אַז עפּעס איז דאָ געשען. כ׳גיי ווייטער, זע, מיין אַלטע ליגט אויפן טאַפּטשאַן, מיטן פּנים אין די ברעטער איינגעגראָבן. גיי איך צו איר צו, נעם זי אָן ביים האַנט... נו, האָט זי מיר דערציילט וועגן אַלץ. אין יענעם פאַרנאַכט האָב איך זיך עס דערוווּסט...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. יאַנקאָ איז די גאַנצע צייט געלעגן, ווי אַ פאַר־גליווערטער און האָט געשלונגען יעדעס וואָרט. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער ליגט, ווי גאָר אַמאָל, זייענדיק נאָך גאָר קליין, אויפן „נאָטשלעג" מיט די חברים און זיי דערציילן זיך סטראַשנע מעשׂות פון שדים, גזלנים, און שלעכטע רוחות. כאָטש די דערציילונג האָט ער געוווּסט; פון יעדן אָוונט הערן עס, האָט ער עס אַזש אויף אויסנווייניק געקענט, דאָך, האָט זיך אים פאָרגע־שטעלט ווי ער הערט זי צום ערשטן מאָל און, ווי נעכטן און אייער־נעכטן, ווי יעדעס מאָל, איז אים געוואָרן שרעקעדיק. ער האָט זיך אויפגעז־

דרייט און געקוקט מיט אָפענע אויגן אין דער פינצטערניש, וועלכע איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ געדיכטער און געדיכטער, אַזוי אַז ער האָט קוים די ווענט פון קאָמער אונטערגעשיידט.

— יאָ, — האָט נאָך אַ שטיקל צייט שווייגן ווידער דער אַלטער אָנגע־הויבן. — יענעם אָוונט בין איך אַרומגעגאַנגען, ווי אַ משוגענער. אין האַרצן האָט זיך אַ פייער אַ מאָדנער אָנגעצונדן און געברענט און געוויייטיקט. אין די שלייפן האָט ווי מיט האַמערס געקלאַפט. איך האָב געפילט, אַז מען האָט קעגן מיר אַן עוולה באַגאַנגען, גאָר אַ גרויסן פאַרברעכן. קוים דערלעבט טאָג, פאַרטאָג, די זון האָט נאָך ערשט אָנגעהויבן אויפגיין, בין איך אויפגעשטאַנען, אײַנגעשפּאַנט דאָס פערד און אַוועקגעפאָרן אין שטאָט. קום אין שטאָט, ווייס איך נישט, וואָס צו טאָן. לויף איך איבער די גאַסן, ווי אַ משוגענער צום „סענדזשע", צום „פּראָקוראָר", צום „קאָמיסאַר", יעדער שיקט צום צווייטן אָפּ. זיך זען מיט מײַן זון האָבן זיי נאָך נישט געוואָלט לאָזן. מיט שוועריקייטן, דורך אַן אַדוואָקאַט האָט זיך פאָרט אײַנגעגעבן אַ דערלויבעניש אַרויסקריגן. אין שפּיטאָל איז ער געלעגן. קום אין שפּיטאָל. פאַרשפּעטיקט. טויט. און אַ פּאָליציאַנט נעבן אים, היט אים, ער זאָל נישט אַנטלויפן... יאָ, יאַנקאָ, איז ער געלעגן, סאַשע מײַנער, אַזוי, אַן אויסגעצויגענער, אַ גלײַכער, ווי אַ סטרונע, מער נישט דער קאָפּ עטוואָס אין אַ זייט פאַרוואָרפן און אויף די ליפּן אַ שמייכל אויסגעשפּרייט, אַזוי אַ צופרידענער און פאַרביטערטער... נאָענט צו אים בין איך נישט צוגעגאַנגען, נישט געקענט, די פיס האָבן זיך נישט געהויבן, ווי אָפּגעחלשטע. בין איך געשטאַנען אַזוי פון ווייטן ביים טיר און געקוקט אויף אים, ווי ער ליגט. געקוקט, געקוקט... און געזען האָב איך, יאַנקאָ, ווי ער שמייכלט צו מיר אַזוי צופרידן, שטאָלציק, פאַרביטערט און עס האָט זיך מיר געדאַכט, ווי דער שמייכל רעדט: „אויסגעהאַלטן, טאַטע, איצט איז מיר גוט, אָבער שענק זיי נישט". בין איך אַרויס און מער אים שוין נישט געזען...

— זיי האָבן אים פאַרמאַטערט, תלינים! — האָט יאַנקאָ שטיל איבער־געהאַקט.

— יאָ, די חברים זײַנע האָבן מיר אַ בריוועלע באַוויזן, זײַנס אַ ברי־וועלע, וואָס ער האָט זיי אַרויסגעשיקט מיט עטלעכע טעג פאַר דעם. שרייבט ער צו זיי, „אַז מען מאַטערט מיך שוין עטלעכע טעג און נעכט, שפּילקעס אונטער די נעגל לאָזן זיי אַריין, שמוציקע וואַסער אין נאָז גיסן זיי און נאָך

פייניקונגען. איך בין שוואַך, האָב מורא פאַר זיך, זאָל איך כאָטש קיינעם ניט אַרויסגעבן, כאָטש פאַרבלייבן אַ רעוואָלוציאָנער". אויף אויסנווייניק קען איך דאָס בריוועלע. נו, האָט ער זיך געקוילעט... נישט געקענט אויסהאַלטן מער...

דער אַלטער האָט אַ ווײַלע אָפּגערוט און ווייטער גערעדט:

— אָבער דער שמייכל, וועלכן איך האָב געזען, אויף זיין טויטן פּנים, האָט געשוועבט פאַר מיינע אויגן. געשוועבט, יאַנקאָ, און גערעדט, נאָך מער, זיך געבעטן: „טאַטע, שענק זיי נישט!" ווו איך זאָל נישט גיין, האָב איך דעם שמייכל געזען. אויפן פעלד, ביים פּלוג, אין שטוב, ביינאַכט אויפן געלעגער, אומעטום איז ער פאַר מיינע אויגן געהאנגען, און נישט געלאָזט רוען... נו, האָב איך עס טאַקע געטאָן. קיינער האָט נישט געוווסט, אַז איך טראָג זיך אַרום מיט אַזאַ געדאַנק, קיינער. באַמערקט האָט מען יאָ, אַז איך בין נישט מיט אַלעמען. די שכנים האָבן מיך געטרייסט: „עך, אַנדרעי, אים איז שוין בעסער פאַר אונדז", „ס'וועט קומען אויף זיי אַ צייט". איך פלעג נישט ענטפערן און שווייגן. און געוואָרן איז עס, יאַנקאָ, פּלוצלינג. אינמיטן נאַכט איז עס געווען. איינשלאָפן האָב איך נישט געקענט: דער שמייכל פאַר מיינע אויגן — און בעט זיך: „טאַטע, שענק זיי נישט!". איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר איז דאַן פאָרגעקומען, איך בין שטיל אַראָפּ פון בעט, אַרויס אויפן הויף. אויפן הויף הינטערן שטאַל האָב איך געהאַט פאַרבאַהאַלטן שוין פון גאָר לאַנג אַ ביקס. דאָס איז געווען אַ דייטשישער ביקס, ווען זיי זיינען אַוועק פון אונדז האָב איך עס געקריגן. אַ דריי געגעבן דעם קוראָק, גוט, ער טויג. געווען איז עס ביינאַכט. אַ נאַכט, אַ פינצטערע, סוף־חודשדיקע. אָט אַזוי, ווי איצט. גיי איך גלייך אַוועק צום פּאָסטערונעק. אין פּאָסטערונעק איז ליכטיק געווען. אַ פייערל געברענט. האָב איך זיך געשטעלט אַזוי, הינטערן וואַנט און געוואַרט: ווער עס וועט אַרויסגיין פון זיי, וועל איך פּטרן. פּטרן און פאַרטיק. אַזוי, יאַנקאָ, בין איך געשטאַנען. וויפל צייט געדענק איך נישט. איך האָב נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, איך האָב קיין זאַך נישט געפילט... איך זע, עס האָט זיך געגעבן אַן עפן אויף די טיר און איינער איז אַרויס. קיין פּנים האָב איך נישט געזען נאָר אַ גראָבער איז ער געווען. איך שטיי און קוק. זע, ער פאַרנעמט זיך רעכטס אויף דעם וועג צו טשעפּעלאָווע און גייט... איך, ברודערקע, אויך נאָך אים. שטיל, טראָט נאָך טראָט... דעם ביקס אין האַנט אָנגעגרייט... מיר גייען. ער פאָרויס, איך נאָך אים.

נו, ביים וואַלד האָב איך אים אַוועקגעלייגט... ער האָט זיך געגעבן אַ ציִ-אויס אינגאַנצן און געבליבן ליגן. און מיר, יאַנקאָ, איז געווען אין יענעם מאָמענט אַזוי גוט, אַזוי גוט... און ווייסט, וואָס נאָך איך האָב געטאָן? איך האָב זיך איינגעבויגן צו אים און אָנגעשפּיגן אין פּנים... נו, אין עטלעכע טעג באַלד דעם האָט מען מיך געבונדן.

— און פון וואַנען האָבן זיי זיך דערוווּסט, ווער עס האָט דערהרגעט?

— האָט מיט צער יאַנקאָ געפרעגט.

— מיינסט, מיך אַרט, יאַנקאָ? — האָט ווייטער גערעדט דער אַלטער, נישט ענטפערנדיק אויף דער פראַגע. — איך בין געווען אַזוי צופרידן, אַז איך האָב פון שמחה געוויינט, געוויינט, יאַנקאָ, פאַר מיר אַרט נישט. שוין אָפּגעלעבט די יאָרן מיינע, נאָר פאַר מיין אַלטער און קינדער, ווער וועט זען פאַר זיי... עך, ווען איך בין יונג, אַליין...

— שוין אין גיכן מיין משפּט.

— נו, איז וואָס?...

— וויפל קען מען מיר געבן? דריי יאָר, פיר יאָר, וועלן זיי איינרעכענען די צייט, וואָס איך בין געזעסן ביזן געריכט, נו, וועל איך אַרויסגיין... וועל איך אַוועקפאָרן צו אייך אין דאָרף, וועל אַרבעטן אויף אייער האָספּאָדאַרסקע (ווירטשאַפט)... קיין היים האָב איך דאָך נישט...

זיי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. שוין אַלץ אויסגערעדט, אויסדערציילט. אויפן האַרצן איז זיי געווען גרינג און גוט. יאַנקאָ האָט זיך איינגעבורעט אין אַלטנס ביינערדיקע ברוסט און דער אַלטער האָט אים געגלעט איבערן קאָפּ. אין קאַמער איז נאָך אַלץ די פּינצטערניש געהאַנגען. די אַרעסטאַנטן האָבן געכראָפּעט. איבערן הויף האָט אַ דאָזאָרצע מיט שטילע טריט געטראָטן.

בנימין סקודיצקי

# דאָס לעבן

— 1 —

קיינער פון פייגלס מיטרייזנדע, וועלכע זיינען מיטגעפאָרן מיט איר אויפן שיף און געפאָרן ווי זי, אין דער פרעמדער, אומבאַקאַנטער וועלט, — האָט נישט באַמערקט, נישט זי, פייגלען און נישט איר וויינען, אַזוי ווי קיינער האָט נישט באַמערקט דאָס פאַרשווינדן פון דער רויטער זון, וואָס האָט אין ים זיך געטונקט.

פייגל איז געזעסן אין אַ ווינקל אויפן דעק און געוויינט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע וויינען אירס פאַר דעם גאַנצן רייזע־וועג. זי האָט נישט געוויינט אַרויסגייענדיק דאָס לעצטע מאָל פון דער שטוב, פון דער שטוב, אין וועלכער זי האָט פאַרבראַכט עטלעכע און צוואַנציק יאָר; זי האָט נישט געוויינט ביים געזעגענען זיך מיט איר אַלטער מאַמען, וועלכע האָט זי, פייגלען, אַרומגענומען, אפשר צום לעצטן מאָל שוין מיט אירע איינגעדאַרטע, ביינערדיקע הענט, שטייף, שטייף, זי געדריקט און געקושט; אויך נישט ביים באַן געזעגענענדיק זיך מיט אירע פריינט, באַקאַנטע און נאָענטסטע חברים און חברטעס. דאַן האָט זי נישט געקענט וויינען. דאָס האַרץ איז ווי פאַרשטיינערט געווען און האָט קיין זאַך נישט געפילט. נאָר שפּעטער, ווען די באַן האָט זיך אַ ריס געגעבן און זיך דערלאַנגט אַ טראָג אַוועק אין דער נאַכט אַריין און פאַרביי די פענצטערלעך האָבן אָנגעהויבן לויפן גרינע און רויטע פייערלעך, האָט זי אין האַרצן דערשפּירט אַ צעווייטיקטע צופרידנקייט. זי האָט דערפילט, אַז היינטן האָט זי איבערגעלאָזן אַ גרויסע שטיק גרויקייט, וועלכע זי וועט שוין קיינמאָל מער זען, און פאָרט איצט אין אַ נייער, אומבאַקאַנטער וועלט, אין יענער וועלט, אין וועלכער עס לעבט איר דודל שוין פיר יאָר צייט; פאָרט זי איצט אַהין בויען צוזאַמען מיט אים אַ נייעם לעבן אַזאַ, פון וועלכן זי האָט מיט פיר יאָר צוריק צוזאַמען מיט אים

געחלומט אין די קליינשטעטלדיקע האַרבסטיקע אָוונטן און זומערדיקע פאַר-נאַכטן.

פאַרוואָס האָט זי איצט געוויינט, האָט זי נישט געוווסט. אָט, איבעווייניק דאָרט, האָט עפּעס געפּלאַצט און ס'האָבן זיך אַרויסגעריסן צעווייטיקטע און צופרידענע געפילן, אָט די וועלכע האָבן דעם גאַנצן וועג איר געדריקט.

איצט, מיט דעם דערנענטערן פון שיף צום אָרט, האָט זי אָנגעהויבן פילן אַ שרעק פאַר דאָס נייע און אומבאַקאַנטע, וואָס הייבט זיך אָן אָפּרעקן. און די שרעק האָט אַרויסגעצויגן פון ערגעץ דאָס איבערגעלאָזענע שטיק לעבן אירס, וואָס צאַפּלט זיך הינטער איר ווייט. ווייט און האָט עס אויסגעוויקלט פאַר אירע אויגן שאַרף און בולט.

האָט זי געזען דאָס לעבן אירס, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שטעטעלע מיט אויסגעקרימטע געסלעך און ברייטע, גרינע פעלדער. אַ היים מיט אַן אַלטער מאַמען, וועלכע פאַרמאָגט אונטער די אויגן צוויי אָנגעבלאָזענע ווי גראָבע שנירעלעך קנייטשן; די שולע, די לערער, די חברים און חברטעס און דודלען, דעם דודלען, וועלכן זי האָט נישט געזען פיר יאָר צייט און באַלד, באַלד, וועט זי אים דערזען. איצט איז אויפגעשווומען פאַר איר די באַ-קאַנטשאַפט מיט אים און זייער צוזאַמענלעבן. זי האָט געזען די ווינטערדיקע נאָכמיטיקן אין וועלכע זי פלעגט אָפּשטיין שעהן-לאַנג ביים טורמע-טויער, אַריינקוקן אין אַ שפּאַלט, וואַרטן, ווען מען וועט אים דורכפירן אין קאָרידאָר און דאָרטן ביי דער דראָטענער סעטקע וועט זי אים זען. שפּעטער, זייער צוזאַמענאַרבעטן אין דער פּאַרטיי, דאָס כסדרדיקע שרעק און ציטערנישן איינער איבער דעם צווייטן; די גוטע, פרייע שעהן, ווען זיי פלעגן צוזאַמען זיין און חלומען פון אַן אַנדער לעבן, פון אַזאַ, אין וועלכן עס איז נישט פאַראַן די דריקנדיקע גרויקייט און שרעק. זי האָט איצט אַ צווייט מאָל ווי דורכגעלעבט יענע נאַכט, ווען דודל איז אָפּגעפאָרן אין די ווייטקייטן. די באַן האָט אים געגעבן אַ שלעפּ אַוועק אין דער פינצטערניש און מיט אים פאַרפאַלן געוואָרן... זי איז געבליבן פון הינטן שטיין אַליין אין פוסטקייט און איינזאַמקייט דערפילנדיק, ווי נאָר וואָס איז אָפּגעריסן געוואָרן פון איר דאָס בעסטע און נאָענטסטע און האָט זיך אַליין מיט אַ ווייטיק אין האַרצן צוריקגע-קערט... כון יענער נאַכט זיינען די טעג, די ווייטערדיקע געוואָרן נאָך גרויער און ענגער. עס איז איר געוואָרן אַזוי ענג אַרום זיך, אַז זי האָט געמיינט, זי ווערט דערשטיקט. נאָר איין פעדימל האָפענונג האָט זיך אין האַרצן געפונען

און ער האָט געשפּינט און געשפּינט זיסע און גליקלעכע חלומות...

זי פֿאָרט איצט צו אים, און איר האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי זיי באַגעגענען זיך. דער אייגענער דודל, דער אייגענער. דאָס זעלבע בלייכע פּנים און די זעלבע אויסגעמאַטערטע בלויע אויגן... לעבן צוזאַמען אין דער גרויסער שטאָט... ביידע אַרבעטן... פֿילן זיך גוט, פֿריי... דעם אייגענעם קוק אויפֿן לעבן, וואָס ער... די זעלבע שטרעבונג...

פֿון די טרוימען איז פֿייגלען אויפֿן האַרצן געוואָרן אַזוי גוט און לייכט, אַז זי האָט דורך די טרערן אַ שמייכל געגעבן.

די נאַכט האָט זיך אַוועקגעצויגן איבער די וואַסערן ווייט, ווייט און דער ים האָט זיך אין אַ ווײַסן שוים געהוידעט און געהוידעט.

ווייט, ווייט אין דער פֿינצטער, האָבן זיך פֿייערלעך אָנגעצונדן און האָבן זיך געוויגט אין לאַנגע, לאַנגע בלויאינקע שנירעלעך. די שיף האָט עטלעכע מאָל אַ רעווע געטאָן. האָט זיך אויף אַ ווײַלע אויפֿגעריסן די אַרומיקע שטילקייט און ווידער, ווי פֿריער שטיל געוואָרן. נאָר ערגעץ טיף, טיף האָט זיך נאָך געקייקלט אַ טויבער עכאָ.

די שיף האָט זיך דערנענטערט צום פּאָרט.

פֿייגל איז געשטאַנען שוין אַ צוגעגרייטע צום אַראָפּשטייגן. די וואַליזקע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפֿונען אירע קליינינקייטן, איז געלעגן נעבן איר און אַליין איז זי געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויפֿן פּאַרענטש און געקוקט פֿאָרויס אין דער נאַכט אַריין.

אויפֿן שיף איז געווען טומלדיק. מענטשן, פּעק, קערבלעך, קינדער, מאַטראָסן, — אַלץ האָט זיך אויפֿגעמישט אין איין קופּע, וועלכע האָט פֿון זיך אַרויסגעגעבן משונהדיקע, ווילדע קולות און הין און צוריק זיך אַרומגעשליידערט.

פֿייגל האָט געזען, ווי פֿייערלעך ווערן, וואָס ווייטער אַלץ גרעסער און בלויער, ציען זיך צו איר נענטער און נענטער. איר האַרץ האָט זיך אַ צאַפּל געגעבן און פֿריידיק געשלאָגן. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו קוקן טיפֿער און ווייטער, דערזען עפּעס, נאָר חוץ נאַכט און פֿייערלעך האָט זי קיין זאַך נישט געזען.

מיט אַמאָל זיינען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן די בלויאינקע שנירעלעך און עס

איז אַרויסגעשווומען אַ העלער אין ליכט באַגאָסענער הימל. אונטן זײַנען מענטשן פיל, פיל געשטאַנען האָבן געפּאָכעט מיט די הענט און געשריגן.

פייגל האָט טיפער אַראָפּגעקוקט אין דער שוואַרצער מאַסע אונטן און געזוכט אים. נאָר דאָרט האָט געווירבלט פון פאַרשידנקאָלירטע היט און קליי־דער, אַז זי האָט קיין זאַך נישט געקאָנט אונטערשיידן.

אַראָפּשטייגנדיק האָט זי אים געטראָפן. זי האָט אים נישט דערקענט, אַזוי האָט ער זיך געענדערט. ער איז געוואָרן העכער און דיקער. ער איז צו איר צוגעשפּרונגען, אַרויסגעריסן פון האַנט די וואַליזקע, מיט איין האַנט זי אַרומגעכאַפּט, צוגעדריקט זי שטײַף, שטײַף צו זײַן ברוסט און לאַנג, לאַנג געקושט.

שפּעטער זײַנען זיי געזעסן אין אויטאָ. ער האָט געהאַלטן איר האַנט אין זײַנער און געשעפּטשעט:

— פייגעלע, טײַערע מײַנע, פייגעלע...

פייגל איז געזעסן מיט אַ מאָדנעם געפיל אין האַרצן. זי האָט זיך געפילט אַזוי הילפלאָז און שוואַך, ווי אַ קראַנק קינד ביי פרעמדע מענטשן.

זי האָט געקוקט אויף דעם הויכן און דיקן מענטשן, וועלכער האָט גע־גלעט איר האַנט און איר האָט זיך געדאַכט אַז ס'איז נישט דודל, נאָר אַ פרעמ־דער, וועלכן זי האָט קיינמאָל נישט געזען. אין האַרצן האָט ווי אַ שטיין געדריקט און אָנגעהויבן קוועטשן. טרערן האָבן זיך איר אין די אויגן געשטעלט און שטיל, אין דער פינצטער זיך געגליטשט איבער אירע באַקן.

נישט וועלנדיק, ער זאָל עס באַמערקן, האָט זי מיט אַ געמאַכטער צופרידנ־קייט געזאָגט:

— אַך, ווי דו האָסט זיך געענדערט, דודל...

דודל האָט איר צערטלעך געגלעט איבער די הענט און געענטפערט:

— פיר יאָר, טײַערינקע, פיר יאָר...

אויף מאָרגן איז זי אויפגעשטאַנען אַ מונטערע און אַ פרישע. דער פרימאָרגן איז געווען אַ שיינער און אַ לויטערער. אין די גאַסן האָט גערוישט און געקלאַפּט, ווי שטענדיק.

ווען דודל איז צו איר אין צימער אַרײַן, האָט זי אים איצט דײַטלעך געזען. יאָ, ער האָט זיך געענדערט, אינגאַנצן נישט צו דערקענען אים. דאָס איז שוין נישט געווען יענער, אַמאָליקער דודל מיט די אויסגעדאַרטע באַקן און אויסגעמאַטערטע אויגן, אָט יענער, וועלכן זי פלעגט זען אין די זונטיקן

אויף די „זעאונגען״ הינטער דער דראָטענער סעטקע. פאַר איר איז איצט געשטאַנען אַ מאַן, אַ הויכער מיט אַ פולן פּנים און לעבעדיקע באַוועגלעכע אויגן. נאָר אַז זי האָט זיך אין אים איינגעקוקט טיף, טיף, האָט זי געפונען אָפּגעריסענע שטריכן פון אַמאָל.

— קום, פייגעלע, איך וועל דיר ווייזן די שטוב, מיין גאַנצע רייכקייט — האָט דודל מיט אַ שמייכל געזאָגט. ער האָט זי גענומען ביים האַנט און אַרויסגעפירט פון צימער. פייגל איז מיטגעגאַנגען ווי אַ קליין קינד.

— אָט איז איין צימער, אָט איז דער צווייטער, אָט איז דער דריטער... יענער, פייגעלע, וועט זיין אונדזער סאַלע... און אָט איז דער „טאַזשער״. היינט, פייגעלע, אַרבעט מען נישט. היינט איז יום-טוב ביי מיר.

ער האָט איר באַוויזן מיט די הענט די ווענט, די טירן און הילכיק גערעדט. פייגל האָט באַטראַכט די צימערן און געזען, אַז זיי זיינען טאַקע שיינע און ברייטע, נאָר אַז זי האָט געזען דעם „טאַזשער״ מיט די אויסגעשטעלטע לאַנגע טישן, נישט קיין פאַרענדיקטע שאַפעס, שטולן און בלויע אַרבעטס-קליידער אויף די ווענט, האָט איר אין האַרצן עפּעס אַ קוועטש געגעבן. האָט זי מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— ביי דיר אַרבעטן אַרבעטער, דודל...

— פינף מאַן, פייגעלע, פינף.

ער האָט געענטפערט מיט אַ פאַרבאָרגענער שטאָלץ און אַנטשוויגן געוואָרן. פייגל האָט אויך געשוויגן.

זיי זיינען אַרויס אין גאַס.

פייגל האָט באַטראַכט די גאַסן. זי האָט זיך אין זיי מיט אַמאָל דערשפּירט אַ פרייע, אַזוי ווי זי וואָלט נאָר וואָס פון טורמע אַרויס. אַזעלכע פרייע און פריילעכע גאַסן האָבן זיי איר זיך אויסגעוויזן און די זון איז אַ יום-טובדיקע איבער זיי געווען אויסגעשפּרייט. דודל איז נעבן איר געגאַנגען און גערעדט פון דעם לאַנד, סאַראַ רייכע זי איז און אַ פרייע.

— וואָס פייגעלע — האָט ער צופרידן גערעדט — מען האָט ביי אונדז אין שטעטעלע געמיינט, אַז אַרגענטינע איז אַ וויסטע, הא, אַ וויסטע? דאָ, טייערע איז פאַראַן קולטור, דאָ איז פריי. רייד, שרייב, קיינער שטערט דיר נישט, דאָ זיינען אַלע גלייך...

פייגל האָט עס געהערט און געשוויגן. זי האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין צוליב וואָס רעדט ער איר דאָס. פאַרוואָס פרעגט ער זיך נישט אויף די

חברים זיינע אין דער היים, אפילו אויף זיינע עלטערן פרעגט ער זיך נישט, גאָרנישט, ווי ער וואָלט קיינעם דאָרט נישט געהאַט.

זיי זיינען אַריין אין אַ קאַפע. האָט זי געזען ווי דודל פּאַטשט איבערן פּלייצע אַ מענטשן אין אַ ווייסן פאַרטוך. רעדט צו אים ציגיינעריש און יענער שמייכלט צופרידן מיט שטאַרקע, ווייסע ציין.

ביים עסן האָט זי זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און געפרעגט:

— דודל, פאַרוואָס פרעגסטו זיך גאָרנישט נאָך אויף דיינע חברים, פריינד, עלטערן, אויף קיינעם נישט. אַזוי ווי דו וואָלסט קיינעם נישט געהאט, דודל?

— אָך, טאַקע, פייגעלע, וואָס מאַכן זיי, גאָר פאַרגעסן... בין אַזוי גליקלעך מיט דיר, אַז פאַרגעסן... איז וואָס אַכן זיי דאָרט אין לאָך?...

די לעצטע ווערטער האָבן פייגלען באַליידיקט. עפּעס אין אַ מאָדנעם שפּאָטישן טאָן האָט ער עס אַרויסגעזאָגט. זי האָט געענטפערט:

— יאַנקל זיצט נאָך אַלץ, שוין דאָס פינפטע יאָר... משה׳קע איז ווידער אַריינגעפאַלן... נאָר נייע זיינען צוגעקומען, עס אַרבעט זיך שטאַרק...

— יאַנקל זיצט נאָך אַלץ, אָך! — האָט ער מיט מיטגעפיל איבערגעשלאָגן — דאָ, פייגעלע, איז פריי, דאָ איז גאָרנישט.

זי האָט אין יענעם פרימאָרגן דערציילט לאַנג, לאַנג. זי האָט דערציילט פון דער אַרבעט, פון שטאָט, ווי איר איז געווען אַזוי אומעטיק אָן אים, אַזוי ענג... ווי די שפּיקעס האָבן באַדויערט, וואָס זיי האָבן אים, דודלען, אַ צווייט מאָל נישט געקענט אַריינפּאַקן... ווי זיי פלעגן זיך טשעפּען אויף צו איר... ווי די באַוועגונג איז איצט שטאַרקער געוואָרן...

זי האָט דערציילט און דערציילט. און דודל איז געזעסן און אַרויסגעלאָזט פון נאָז בלויע קנוילן רויך און, ווי פאַרחלומט אין זיי אַריינגעקוקט.

— 3 —

און די טעג זיינען געפלאָסן מיט זייער רואיקן, מאָנאָטאָנעם גאַנג, ווי דאָס פליסן פון וואַסער אין טייך.

שוין זעקס חדשים, ווי פייגל איז דאָ אין דער גרויסער שטאָט און עס דאַכט זיך איר, ווי זי איז שוין דאָ יאָרן. און מאָדנע האָט זיך אַוועקגעצויגן איר נייער לעבן. עפּעס ווידער אַ גרויקייט האָט זיך אַרום איר אַרומגעוויקלט און איר שווער געדריקט. וואָס אַ טאָג ווייטער האָט זי אָנגעהויבן דערפילן

איר אַנטוישונג אין דעם נייעם לעבן. עס איז איר געווען עקלדיק די נייע אומגעבונג. זי האָט געפילט, ווי פון טאָג צו טאָג ווערן לויזער די שנירלעך, וועלכע פאַרבינדן זי מיט דעם נייעם לעבן.

אָט איז דאָס לעבן אירס:

אינדערפרי שטייט זי אויף, ברענגט אין אָרדענונג די שטוב און גייט ארויס אין „מערקאדע“ איינקויפן שפייז. נאָכדעם איז זי פאַרנומען אין קיך מיטן צוגרייטן מיטיק. צו מיטיק קומט פון גאַס דודל און זיי עסן צוזאַמען. ביים עסן רעדט איר דודל פון זיינע געשעפטן: ווי נייע קליענטן זיינען צוגעקומען, ווי שיער, שיער, האָט ער די „גראַנדע“ געגנומען, אינגאַנצן צוליב איין ציפער... און נאָך אַזעלכע טרוקענע רייד. נאָכדעם פלעגט ער ווידער פאַרפאַלן ווערן ביז אין דער נאַכט אַריין. פלעגט זי זיך דרייען איבער די צימערן און זיך פילן ווי אַ פויגל אין שטייגל. און הינטן אין אַ צימער האָט געקלאַפּט און געברוישט. דודס אַרבעטער זיינען איבער לאַנגע טישן געשטאַנען געהובלט און געזעגט. האָט פייגל געזען, ווי עס בייגן זיך אין אַ שטילן שווייגן בלויע מענטשן אַרויף און אַראָפּ. און פון צייט צו צייט שפּרינגט אַרויס אין אַ ווינקל, אַ טיש, אַ שטול, אַ שאַפע. האָט זי זיך דערמאָנט אין איר שטעטל, ווו אַמאָל איז זי דאָרט אין אַזאַ צימער אַריין און אַזעלכע מענטשן, געטיילט ווייסע פאַפּירלעך. איז איר איצט אויפן האַרצן געוואָרן אומעטיקער און שווערער.

ביינאַכט פלעגט דודל קומען און ווידער ריידן פון זיינע געשעפטן, וועלכע זיינען איר פרעמד געווען. פלעגט זי אַזוי שווייגן און שווייגן. נאָכדעם, פלעגן זיי גיין שלאָפן. פלעגט זי פילן, ווי דודל טוליעט זיך אין איר, ווערט אַזוי שוואַך, אַזוי שוואַך, ווי גאָר אַמאָל, פלעגט זי זיך אויף צו אים צודריקן...

און דער פרימאָרגן איז ווידער געווען, ווי דער נעכטיקער.

אָט אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס לעבן אירס.

אַז זי האָט איינמאָל געזאָגט דודלען, ווי איר איז דאָ אומעטיק און פרעמד, האָט ער זיך הילכיק צעלאַכט:

— נאַרעלע, דאָ איז אַמעריקע, וועסט זיך צוגעוווינען.

נאָר עס זיינען פאַריבער נאָך טעג, וואָכן, חדשים און זי האָט זיך נישט געקענט צוגעוווינען. איר איז געוואָרן נאָך שווערער. זי האָט דערפילט אַ פוסטקייט אין האַרצן, וועלכע האָט איר געוויייטיקט.

די סביבה אין וועלכער דודל האָט זי אַריינגעפירט האָט איר געעקלט.

קליין-קעפּלדיקע מענטשן, וואָס נאָר זיי ריידן וועגן פּעזעס און געשעפט. די אומגעבונג האָט זי אָפּגעשטויסן.

אין אַזאַ לעבן קען זי נישט זיין. זי מוז אַוועקגיין פון אים. זוכן אַן אַנדער לעבן.

זי האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָ טאַקע, נישט ווייט פון איר, געפינט זיך אַ צווייטע וועלט. זי האָט פון דערוווייטנס געזען פאַר זיך אַ פרייען פעלד פון אַרבעט: אַרבעטער-שולן, אַרבעטער-קלובן, פּראָלעטאַרישע אויסגאַבן, קינדער-אָרגאַניזאַציעס. זי האָט געוווּסט, אַז אין דער וועלט וואָלט זי זיך געפילט גוט, נאָר זי האָט נישט געקענט אַהין אַריינטרעטן. אויפן וועג איז געשטאַנען דודל, וועלכער האָט איר געשטערט. קעמפן אין זיין אַנוועזנהייט איז זי געווען שוואַך. האָט זי פאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף אים נישט זען קיינ-מאָל. ווייט פון אים זיין.

האָט איר איצט אַרומגענומען אַ בענקשאַפט נאָכן אַמאָל. נאָך אַמאָלי-קער גרויקייט. אַנטקעגן דעם לעבן דאָ, האָט יענער איצט געהעלט און גע-ליכטיקט. פלעגט זי זען דעם אַמאָליקן דודלען מיטן אויסגעמאַטערטן פּנים, ווי ער קומט צו איר און דערציילט איר וועגן דער אַרבעט און באַוועגונג, וואָס ער האָט געטאָן... אויך זי דערציילט אים, ווו זי איז געווען... איז האָפע-נונגען דאַן געווען ליכטיקע...

און איצט? — גאָרנישט. פּוסט.

יענער דודל איז שוין נישטאָ מער. זי האָט אים נישט געפונען. אויף זיין אָרט האָט זי געטראָפן אַ סוחר, אַ פאַבריקאַנט... וועלכער דערציילט איר פון געלט און געשעפט... איז וואָס האָט איר דאָ איצט געקענט בינדן מיט דעם לעבן?

זי האָט אין דער שטיל געליטן און געוויינטיקט.

נאָר איינמאָל האָט זי זיך פאַר אים אויסגעדערציילט.

נאַכט איז דאַן געווען. זיי זיינען אין דער פינצטער געלעגן. זי האָט זיך אין אים איינגעגנורעט און גערעדט:

— דודל, טייערער, מיר איז נישט גוט. מיר איז נישט גוט, דודל, דאָ. עפּעס נישט דאָס האָב איך געמיינט טרעפן דאָ. נישט דאָס איז דאָס לעבן פון וועלכן מיר פלעגן אַמאָל צוזאַמען חלומען. דאָ איז אַזוי שרעקלעך, דודל, אַזוי פּוסט... איך פיל זיך, ווי אַן איבעריקע, יאָ, דודל, אַן איבעריקע... דאָס איז דאָך אַ באַלעבאַטישער לעבן. דאָס אייגענע, וועלכן מיין טאַטע און

מאַמע און דיינע עלטערן האָבן געלעבט און לעבן נאָך איצט דאָרטן. דאָס איז דאָך דאָס לעבן, וועלכן מיר האָבן ביידע געהאַסט און אַנטלאָפן פון אים... דו ביסט אויך אַן אַנדערער... פון ערשטן טאָג אָן האָב איך דיך שוין נישט דערקענט... ניין, נישט אַזאַ לעבן האָב איך געהאָפט צו זען...

— נאָר וועלכן, פייגעלע, וועלכן?...

— איך ווייס נישט... נאָר נישט אַזאַ, אַזאַ ווי עס איז, איז מיר עקלדיק... זאָג אַליין, דודל, איז דאָס טאַקע, אָט דאָס לעבן, פון וועלכן מיר האָבן געחלומט דאָרט, אַמאָל, אַמאָל... דודל...

ער האָט זיך צו איר צוגעטוליעט און געשוויגן. זי האָט געפילט, ווי ער ציטערט.

— בייגעלע טייערע, נאָר וועלכן לעבן האָסטו געוואָלט... וועלכן?...

— איך ווייס נישט דודל, וועלכן... איך ווייס נישט, נאָר נישט אַזאַ... נישט אַזאַ...

זיי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. זיי האָבן געפילט, ווי אַ וואַנט איז אויסגעוואַקסן צווישן זיי און שפּאַרט זיי אָפּ איינעם פון צווייטן.

— דו האָסט מיך שוין נישט ליב, פייגעלע...

— ניין, דודל, איך האָב דיך ליב. איך ליב דיך נאָך שטאַרקער, ווי פריער. קיינמאָל וועל איך דיך נישט אויפהערן ליבן... אָבער... אָבער... יענעם... דודלען... יענעם...

זיי זיינען ווידער ביידע אַנטשוויגן געוואָרן. זיי האָבן געפילט, ווי זיי ווערן וואָס ווייטער פרעמדער.

— דודל, און דו האָסט מיך ליב, דודל?

— פייגעלע, פייגעלע...

ער האָט זי אַרומגעכאַפּט און געקושט אין די האָר, אין די אויגן, אין פּנים.

— דודל, אויב אַזוי... אויב אַזוי... שיק מיך צוריק... צוריק... אַהיים...

— פייגעלע!...

ווייטער האָט ער נישט געקאָנט ריידן. ער איז אַרויפגעפאַלן אויף איר ברוסט און זיך פאַנאַנדערגעוויינט. ער האָט געוויינט האַרציק און ביטער. אַזוי ווײנט אַ יתום ביי זיין טאַטנס טויטן קערפּער. פייגלען אין האַרצן האָט אַ

שלאָג געטאָן אַ שטראָם פון רחמנות צו אים. זי האָט אים אַרומגענומען און שטיל געכליפּעט.

— 4 —

אין יענעם אָוונט, האָט אַ דראָבנער, שטעכיקער רעגנדל געשפּריצט און געשפּריצט. פון פרי אָן האָט ער אַזוי געשפּריצט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס וועט אייביק אַזוי קאַפּען און קיינמאָל וועט שוין ליכטיק נישט ווערן. אין די גאַסן האָבן די עלעקטרישע לעמפּלעך זיך אָנגעצונדן און די רעקלאַמעס מיט זייערע פאַרשיידנפאַרביקע פייערן האָבן זיך געוויגט און געשווינדלט.

די שיף איז שוין געווען גרייט צום אָפּגיין. אין כמורנעם פאַרנאַכט אַריין האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן אַ לאַנגער, שווערער סיגנאַל. האָט אויפגעטרייסלט די אַרומיקע לופט און זיך מיט אומעט אויסגעצויגן אין די הערצער פון פייגלען און דודלען.

זיי זיינען געשטאַנען אין שטילן שווייגן. דודל האָט געהאַלטן אין איין האַנט איר אַמאָליקע וואַליזקע און מיט דער צווייטער איר וואַרעם געדריקט די האַנט.

שוין דעם צווייטן מאָל געזעגענען זיי זיך אַזוי אין שטילן שווייגן. דעם ערשטן מאָל איז געווען מיט פינף יאָר צוריק, ווען ער איז אָפּגעפאָרן אַהער. אויפן הארצן איז זיי איצט געווען שווער און פייגלעך, ווי אַ שווערע משא וואָלט דאָרטן זיך געפונען. זיי האָבן איינע די צווייטע זיך אָנגעקוקט, ווי צום לעצטן מאָל. טרערן האָבן אין זייערע אויגן געשפּיגלט.

די שיף האָט צום צווייטן מאָל אַ רעווע געטאָן.

זיי האָבן דערפילט אַ צאַפּל אין האַרצן און זיך אַרומגענומען.

דודל האָט זי געדריקט שטאַרק, שטאַרק צו זיך, ווי ער וואָלט זי וועלן איינפלעכטן אין זיין ברוסט. זי האָט זיך צו אים שטייפער צוגעדריקט און הייס געקושט.

— פייגעלע, — האָט ער ענדלעך אָנגעהויבן צו ריידן — פאַר געזונט, פייגעלע... איך בין נישט שולדיק... דאָס לעבן, פייגעלע... דאָס לעבן... זיי געזונט... דערמאָן נישט צום שלעכטן...

פייגעלע האָט מיט אים איצט געוואָלט ריידן לאַנג, לאַנג, נאָר זי האָט נישט געקענט. האָט זי אים נאָך שטייפער אַרומגענומען און געשטאַמלט:

— איך ווייס, דודל... איך ווייס... זיי גליקלעך...

זיי האָבן זיך נאָך אַמאָל אַרומגענומען און האָבן זיך שטיל פאַנאַנדער־גענומען.

אַז די שיף האָט זיך אַ וויג געגעבן און זיך דערלאַנגט אַ צי, איז כּייגל געשטאַנען ביים פּאַרענטשע און געקוקט. האָט זי געזען צווישן דער גרויסער שוואַרצער מחנה אים, וועלכער האָט צו איר געפאָכעט מיט אַ ווייס טיכעלע.

און דאָס טיכעלע האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער געפלאַטערט און פאַרפאַלן געוואָרן.

האָט זיך ווי מיט אַ יאָר צוריק אויסגעשפּרייט אַ שוואַרצע נאַכט און זיך אַוועקגעצויגן ווייט, ווייט. און דער ים האָט זיך ווי אַמאָל אין אַ ווייסן שוים געהוידעט. און כּייגלען האָט זיך געדאַכט, אַז ערגעץ ווייט, ווייט געפינט זיך איר דודל, איר אַמאָליקער דודל און זי שווימט איצט צו אים פאַרווירקלעכן זייער אויסגעטרוימט לעבן.

# פרייד

ערשט איצט, אויף דער גאַס, האָט ער דערפילט, אַז ער איז טאַקע גליקלעך.

די פרייד, וועלכע האָט זיך פאַר די עטלעכע שעה פון דער נאַר-וואָס אָפּגעהאַלטענער קעמערל-זיצונג, אָנגעקליבן אין זיין האַרצן אין איין מאַסע, — האָט זיך איצט פאַנאַנדערגעגאָסן און זיך צעשטראָמט איבער אַלע זיינע אברים און אים אינגאַנצן אַדורכגענומען. זיין ברוסט האָט ברייט און פריי געאָטעמט און זיין האַרץ האָט געשלאָגן מיט אָט-די ציטער-פריידיקע ווערטער:

— צוריק... צוריק... צו דער ארבעט!...

עס איז שוין געווען שפּעטלעך אין נאַכט. דער גאַסן-רויש האָט שוין צוביסלעך אָנגעהויבן אָפּשטאַרבן. אין די ביי-גאַסן, ווו עס וווינט די אָרעמ-שאַפט, האָט מען שוין די עלעקטרישע גאַסן-לאָמפּן געלאָשן און פינצטערע ברייטע שאָטנס האָבן זיך אויסגעלייגט. פונעם ים האָט געטריבן אַ פייכטער און קילער ווינט. שיפן האָבן גערעוועט אָט מיט יענע גוט-באַקאַנטע סיגנאַלן, וואָס ווייען מיט היים-אומעט.

— אָך, ווי גליקלעך איך בין, — האָט ער ווי צו זיך גערעדט — איך בין דאָך ווידער צווישן די אייגענע, כ'בין ווידער אָט יענע טיילכל אין דער גרויסער מאַסע, וואָס קעמפט און זיגט... איך בין דאָך ווידער אַ כוח...

און ווי לעבערלעך עס האָבן זיך אים אויסגעוויזן איצט אָט די עטלעכע יאָר, וואָס ער איז געווען „אין א זייט״, געלעבט עפּעס א זינלאָז לעבן, אָן פרייד, אָן אינהאַלט...

— כ'בין פשוט געווען טויט... נישט עקזיסטירט...

ער איז געגאַנגען מיט גיכע ברייטע טריט. געקרייצט גאַסן און געסלעך. ווי געטריבן פון אָט דעם נייעם כוח, וואָס האָט אים ווידער אויפגעלעבט.

— הייסט עס, בין איך ווידער אויף דעם גרויסן קאַמפּס-שליאַך, וואָס פירט צו דעם שיינעם און גליקלעכן לעבן פאַר אַלעמען.

און עס איז אים געווען אנגענעם צו אָנקניפּן יענעם רויטן שנור, וועלכער האָט זיך איבערגעריסן מיט זיין אָנקומען אַהער, אָט אין דעם נייעם לאַנד. איצט, גייענדיק אַליין האָט ער עס געשפּונען אָט יענעם, איבערגעהאַקטן לעבן נאָך פון זיין קליין שטעטל:

ווייטע, שנייאיקע ווינטער-נעכט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן מערב-ווייס-רוסישן דאָרף. אַ פויערישע כאַטע. מוטיקע יונגען — אַ מאָפּר-קאָנפערענץ. שטילע, גרויע שאָסייען, פעלדער, אַ וואַלד, אַ טאָל — אַ קעמערל-זיצונג. מאַכן-אַקציעס, דעפּענסיוועס, טורמעס, עמיגראַציע...

— האָב איך ווידער געפונען אָט דעם ציטער-פריידיקן לעבן, וואָס פילט אָן דיין גאַנצן וועזן, פאַרכאַפּט די נשמה און דאָס האַרץ...

און עס איז אים געווען אַזוי גוט צו טראַכטן, וואָס ער איז אָט אין דעם לעבן נישט אַליין, וואָס אומעטום, אין דער גאַנצער וועלט, אָנהייבנדיק פון זיין איבערגעלאָזט ווייט שטעטל אויף יענער זייט ים — קומען זיך צונויף אָט אַזעלכע איינציקע ווי ער, אין מיליאָנען, און בילדן אָט דעם גרויסן אַלוועלטלעכן קאַמפּס-פראָנט.

אין קאָפּ איז אים געווען קלאָר און לייכט. די פיס האָבן האַסטיק געשפּאַנט. דער גאַנצער קערפּער איז געווען באַהערשט מיט פרישקייט, ענערגיע און דערוואַכונג:

— מען וועט זיך דאַרפן פעסט אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט. ווייל אַרבעט איז דאָך פאַראַן איצט אַזויפיל, אַזויפיל. און יעדער איז איצט אַזוי נויטיק...

ווען ער איז געקומען אין שטוב, זיינען שוין אַלע געשלאָפן. ער איז אריין שטיל. דאָס ליכט ניט אָנגעצונדן. די פינצטערניש אין שטוב איז ביסלעכווייז גרויער געוואָרן. די קעגנשטאַנדן אין צימער האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצוטיילן. ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען אינמיטן צימער. נאָכדעם שטיל צוגעגאַנגען צום קינדס בעטעלע. האָט זיך איבערגעבויגן. דאָס קינד האָט רואיק געאָטעמט. און ווי וועלנדיק זיך טיילן מיט זיין קינד זיין היינטיקע גרויסע פרייד — האָט ער אויף אים לאַנג, לאַנג געקוקט...

# אַ פרימאָרגן

דער הונגער-שטרייק האָט זיך פאַרצויגן.

אין טורמע-הויף האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די פינפטע נאַכט.

אַ ווייסע איז זי געווען די נאַכט און אַ זומערדיקע. אַ גרויסע, קיילעכדיקע לבנה איז פון הינטער דער הויכער, געמויערטער וואַנט אַרויסגעשווומען און האָט אין צוויי בלוילעכע פּאַסן ליכט פאַרגאָסן די הוילע שטיינער פון הויף.

שטיל איז געווען אין הויף. אַ שרעקעדיקע, אָנגעשטרענגטע שטילקייט. אַ שטילקייט, וועלכע זאָגט אָן דאָס אָנקומען פון אַ שטורעם, מיט שטילערע טריט. ווי אַלעמאָל, זיינען היינט די דאָזאָרצעס ארומגעקראָכן, זיך געשאַרט ביי די ווענט און אַלץ געקוקט צו די קליינע פענצטערלעך הינטער וועלכע עס האָבן זיך געצויגן צימערלעך פון פינף טריט די לענג און פיר טריט די ברייט און אין זיי אַ בעטל, אַ טישל, אַ „פּאַראַשקע“ מיט אַ מענטש, וואָס האָט שוין געהונגערט פיר טעג. היינט זיינען די דאָזאָרצעס געווען מער אויפוואַכנ־דיקער, ווי אַלעמאָל; ביי יעדן שאָרך פלעגן זיי גיך אַ כאַפּ-טאָן די ביקס און אויסשטעלן צעשראָקענע אויגן.

רואיק האָט די נאַכט אין די „איינצעלען“ זיך אַריינגעגאָסן. דורך די קליינע געגראַטעטע פענצטערלעך האָט זיך צום ערשט אַ שאָטן אַריינגע־וואָרפן, האָט ער זיך אויסגעלייגט אויפן טישל און ביסלעכוויז, ביסלעכווייז זיך פאַנאַנדערגעצויגן לענגער, לענגער און געטונקלט די ווענט.

אַזוי איז די נאַכט, די פינפטע פון הונגער-שטרייק, אין די צעלעס אַריין —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ קורצער, אָפּגעהאַקטער געשריי באַגלייט מיט עטלעכע אָפּגעהאַקטע קרעכצן האָט שורען אויפגעוועקט.

זי האָט געעפנט די אויגן און האָט דערזען נאַכט. אויפן סופיט זיינען געווען אויסגעצויגן צוויי לענגלעך-שמאָלע פּאַסן ליכט — אָפּשיין פון דער

לבנה. זי האָט זיך דערשראָקן. פֿאַר די נעכט האָט זי געציטערט. עפּעס אַ מאָדנע בענקענדיקע שטילקייט, אַ שטילקייט, וועלכע וועבט שרעקלעכע געדאַנ־קען פֿלעגן די נעכט אין צימערל אויסציען. זי האָט צוריק פֿאַרמאַכט די אויגן צום איינשלאָפֿן, נאָר די אויגן האָבן זיך געעפֿנט און זיינען געבליבן אויפֿגע־עפֿנטע אין פֿאַרגליווערטקייט. קיין הונגער האָט זי איצט שוין נישט געפֿילט, נאָר אַ מידקייט, וועלכע האָט געדריקט, ווי מיט צוואַנגען אירע פֿיס, הענט — דעם גאַנצן קערפּער, האָט זי אָנגעהויבן צו פּילן. אין מויל און האַלדז איז גע־שטאַנען אַ מוראדיקע טריקעניש, ווי אַ פֿייערל וואָלט דאָרט געפֿלאַקערט. זי האָט צוגעדריקט איר שטערן צו דער ציגלנער וואַנט. זי האָט געדריקט שטייף, שטייף, עס זאָל איר ווערן קאַלט. נאָר פֿון דעם האָט זי דערפֿילט אין שטערן אַ טרוקענעם ווייטיק. האָט זי אים צוגענומען.

דער געשריי האָט זיך איבערגעחזרט אַ צווייט מאָל. נאָר איצט איז ער געווען אַן אַנדערער. געוועז מער צעצויגן און האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ קוויטש. שורען האָט זיך געדאַכט, ווי אַ הינטל האָט עס אַ קוויטש געגעבן. זי איז געוואָרן אומרואיק. זי האָט פֿאַרשטאַנען אַז „מען נעמט מיט גוואַלד", און פֿון געדאַנק, אַז באַלד וועט מען אויך צו איר אַריינקומען, האָט איר איר האַרצן אָנגעהויבן צו זעצן. זי האָט געפֿילט, ווי עס חלשט איר הענט און פֿיס.

— וואָס וועט איצט זיין?

ביי דער פֿראַגע איז אַ שוידער איבער איר קערפּער דורכגעלאָפֿן. זי האָט געזען, אַז דער שטרייק איז דורכגעפֿאַלן. אומזיסט אָפּגעהונגערט פֿיר מעת-לעת. קעגנשטעלן זיך וועט זי שוין נישט קענען, צו שוואַך פֿילט זי זיך.

די געשרייען האָבן זיך אָנגעהויבן צו איבערחזרן אָפֿטער. פֿון פֿאַרשיי־דענע ערטער פֿלעגן זיי זיך אַריינרייסן אין דער נאַכט אַריין. ווי געקוילעטע בהמות וואָלטן איצט אין דער נאַכט גערעוועט.

זי האָט דערהערט שטילע טריט הינטער איר טיר. זי האָט זיך אַ צאַפּל געגעבן. פֿאַרמאַכט די אויגן און זיך געמאַכט שלאָפֿנדיק.

— ווסטאַוואַטש!...

זי האָט פֿאַר שרעק אויפֿגעעפֿנט די אויגן און האָט געזען איבער איר בעטל די ברוינע היטלען פֿון די דזשאַנדאַרמען. איצט זיינען זיי איר אויסגעקומען קען, פֿלעגן די נעכט אין צימערל אויסציען. זי האָט צוריק פֿאַרמאַכט די אויגן פֿנימער האָבן צו איר גערעדט גיך, גיך, נאָר זי האָט נישט פֿאַרשטאַנען וואָס. זי האָט נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט איר, נאָר פּלוצלינג האָט זי

דערפּילט, ווי אַ שווערע זאַך האָט זיך אויף אירע פּיס אַראָפּגעלאָזן און געבליבן ליגן. זי האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן, האָט זי דערפּילט צווישן די ציין אַ קאַלטן האַרטן קעגנשטאַנד, האָט זי עס געביסן און געביסן. אין קאָפּ האָט איר געשווינדלט און אין האַלדז האָט איר געשטיקט, ווי מען וואָלט מיט אַ שטריק געצויגן. פּלוצלינג האָט זי דערפּילט, ווי אַ הייסער, נאַסער שטראָם האָט זיך אין איר בויך אַריינגעגאָסן און איר איז געוואָרן גרינגער...

אַז זי האָט געעפנט די אויגן איז קיינער נעבן איר נישט געווען. שטיל איז ווידער אין צעלע געווען. אויפן סופיט זיינען די פּאַסן ליכט, ווי פריער געהאָנגען, זי האָט געפילט, ווי אין בויך ביי איר איז עפּעס פול געוואָרן. זי איז געלעגן אַ פאַרמאַטערטע, ווי אַ קליין קעצל, וועלכע קינדער פאַרמאַטערן, און ווען זי האָט דערזען, אירע נאַקעטע, אָפּגעדעקטע פּיס, האָט זי זיך שטיל, שטיל פאַנאַנדערגעוויינט...

שטיל איז די נאַכט איבערן טורמע-הויף געהאָנגען. אַ ווייסע איז זי געווען די נאַכט, און אַ זומערדיקע.

**
*

אין שטאָט האָט טאָג געבלייכט. אַ שטילקייט, אַ פרימאָרגנדיקע איז איבער די ברייטע גאַסן געהאָנגען. די גרויע מויערן און באַלקאָנען זיינען נאָך געווען פאַרשלאָפן און געשטאַנען שוויגנדיקע און שטילע. איבער די גאַסן האָבן זיך פויל, פאַרשלאָפן די פּאָליציאַנטן געשלעפּט.

נאָר אין די ווייטע גאַסן, וווּ אין שטילקייט שטייען הייזלעך נידעריקע, אָרעמע און שמוציקע, אָט דאָרט, וווּ שטאָט ענדיקט זיך און עס ציען זיך אָוועק פאַרמיסטיקטע פעלצער, הויכע שוואַרצע קוימענס, — אָט אין יענע גאַסן איז שוין געווען וואַכנדיק. ביי די ווענט פון די נידעריקע הייזלעך זיינען קופּקעלעך מענטשן געשטאַנען און נערוועז פון קליינע שמאָלע בלעטלעך געלייענט:

פאַרטיי פון מערב ווייסרוסלאַנד.

חברים אַרבעטער!

שוין דער פינפטער טאָג, ווי עס הונגערן אייערע ברידער און שוועסטער צווישן די גרויע טורמע-ווענט. אייערע ברידער און שוועסטער, וועלכע שמאַכטן פאַר וועלן אויסקעמפן אַ בעסערן לעבן.

זיי פאָדערן מער לופט, בעסערע באַהאַנדלונגען, ביכער, צייטונגען.

חברים, קומט זיי צוהילף! דריקט אויס אייער פראָטעסט קעגן די גוואַלד-טאַטן אויף אייערע חברים!

אַלע אויף דער דעמאָנסטראַציע!

נידער מיטן ווייסן טעראָר!

באַפרייען פון די טפיסות די אַרבעטער און פויערים!

מענטשן האָבן עס איבערגעלייענט און אָפּגעגאַנגען. זיי זיינען אָפּגעגאַנגען און זייער אָרט האָבן אַנדערע פאַרנומען.

קיינער האָט נישט גערעדט. אַ שטילקייט. אַ דריקנדע האָט אַרויסגעקוקט ביי יעדן פון זיינע נישט-אויסגעשלאָפענע, מידע אויגן.

די שטילקייט האָט איבערגעריסן סטאַשעק. אַ שמיד איז סטאַשעק געווען. ער איז געשטאַנען אין ברודיקן פאַרטוך, מיט אַ שליסל אין האַנט און זיך געגרייט שטעלן צו דער אַרבעט. אַז ער האָט עס איבערגעלייענט, האָבן זיינע אויגן זיך אָנגעצונדן. ער האָט צונויפגעדריקט שטייף די פויסטן, ווי ער וואָלט געדאַרפט אַ האַמער אויפהייבן. ער האָט אויסגעשריגן:

— חברים, מיר ועלן גיין. נישטאָ וואָס צו קלערן!

און ווי ער איז געשטאַנען אין פאַרטוך דעם שמידישן און שלאָס אין האַנט, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט פאַרויס.

די קופּקעלעך האָבן נישט אָפּגעענטפערט און זיינען אין שטילקייט אים נאָכגעגאַנגען.

האָבן זיי זיך דורך די ברייטע פאַרשלאָפענע גאַסן, זיך געצויגן, געצויגן אין גרופּקעלעך און אַרבעטס-קליידער, גיך, גיך, ווי צו דער אַרבעט וואָלטן זיי זיך געאיילט. און אַז זיי זיינען דערגאַנגען צום טורמע-טויער, זיינען זיי שטיין געבליבן.

די טורמע איז געשטאַנען ווי אין אַלע פרימאָרגנס אַ שווייגנדיקע און קאַלטע. דאָס ערשטע מאָל האָט דער רויטער טויער אַזוי פיל מענטשן געזען.

אין די גאַסן איז געוואָרן רוישיקער. די גרויע מויערן זיינען פון שלאָף אויפגעשטאַנען. אַ דינסט-מיידל מיט צעוואָרפענע האָר האָט אַ לאָדן פון אַ פענצטער אויפגעפּראַלט און האָט מיט פאַרשלאָפענע אויגן אַרויסגעקוקט אין דער שוואַרצער גאַס אַריין.

און פון די גאַסן האָבן געשטראָמט און געשטראָמט. אַלץ אין בלויע הויזן און רעקלעך. זיך געצויגן צו דער מאַסע ביים טויער און זיך צו איר צוגע-

קלעפּט. און די קופּע איז געוואקסן און געוואקסן, זיך צעשפּרייט און צע־שפּרייט. שוואַרץ איז געווען אין גאַס.

אַ געריוש ווי אַ ווינט צווישן זאַנגען, איז דער מאַסע אַדורך, נאָר אַז סטאַ־שעק האָט זיך געשטעלט אויפן פּאַרקאַן איז געוואָרן שטיל, אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט, ווי אַ פליג פליט דורך.

סטאַשעק איז געשטאַנען אויפן שפּיץ אין שמוציקן פאַרטוך און שלאָס אין האַנט. ער האָט זיך צעשראָקן פאַר אַזוי פיל מענטשן, האָט ער זיך אַ טרייסל געגעבן, אויסגעשריגן אינגאַנצן עטלעכע ווערטער:

— חברים, מיר פאָדערן באַפרייען אונדזערע ברידער און שוועסטער!

מער האָט ער נישט גערעדט. שווערע הילכיקע קלאַנגען פון אינטערנאַ־ציאָנאַל האָבן אויפגעריסן די לופט. זיי האָבן זיך צעקייקלט איבער דער ברייטער גאַס; האָבן איבערגעקלעטערט דעם געלן טורמע־טויער און דאָרט אין הויף האָבן זיי זיך צונויפגעמישט מיט די שוואַכע, פאַרשטיקטע שטימען פון די זינגענדיקע הונגער־שטרייקער.

ב נ י מ י ן   ס ק ו ד י צ ק י

# אַ מ ע ר ד ע ר

מיר איז אויסגעקומען אַמאָל צו גיין אין אַ נאָענטסטן דאָרף צו דערליידיקן אַן ענין. פאָרן מיט אַ פור האָב איך קיין חשק נישט געהאַט, בין איך געגאַנגען צופוס.

ס׳איז געווען אין אַ זומער פאַרנאַכט, איינער פון די זומער פאַרנאַכטן, ווען דער מענטש איז אַזוי צופרידן מיט דער נאַטור, אַז ער וואָלט וועלן זי זאָל דויערן אייביק. די זון האָט זיך שוין געהאַט געזעצט אין מערב און אין אַ ווינקל הימל איז די לבנה אין בלייכקייט אויפגעגאַנגען. שוין אַרויסגייענדיק פון שטאָט האָט מיך אַ קילקייט אַרומגענומען און איך האָב געפילט, ווי מיין קערפער פרישט זיך אָפּ נאָך דעם לאַנגן, הייסן זומער-טאָג. געאיילט האָב איך זיך נישט, בין איך לאַנגזאַם געגאַנגען.

איך בין שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ היפּש שטיק וועג, ווי איך דערהער אַ פּלוצלינגן פייפן אויף אַ דודקע. אַזוי ווי עס איז געווען שטיל, האָב איך געהערט יעדן קלאַנג. און זינט איך לעב האָב איך אַזאַ שפּילן נישט געהערט! דאָס האָט נישט געשפּילט, נאָר גערעדט, דערציילט, זיך געקלאָגט. איך האָב געהערט אַ קלאָגן נאָך עפּעס אַ פאַרפאַלענעס, אַ פאַרלוירענעס, נאָך אַזאַ זאַך, וואָס מען קען שוין נישט אומקערן. יעדער קלאַנג האָט געשניטן איבערן האַרצן, זיך געבעטן, באַדויערט, באַוויינט. איך בין אַזוי פאַרכשופט געוואָרן פון דעם שפּילן, אַז איך האָב נישט באַמערקט, ווי די נאַכט האָט זיך אויסגעלייגט איבער די פעלדער און איך געפין זיך נעבן אַ ברעג טייכל אויף וועלכן עס זיצט דער שפּילער. דייטלעך ווער דער שפּילער איז געווען, האָב איך נישט געזען, ווייל די לבנה איז געווען הינטער אונדז און דערצו נאָך פאַרשטעלט פון אַ וואַלד. נאָר פיל-ווייניק האָב איך באַמערקט, אַז דאָס איז אַן אָרעם אַלטיטשקער פויערל. ער האָט קענטיק דערשפּירט מיין צוגיין, האָט ער אויפגעהערט שפּילן און נישט אומדרייענדיק זיך צו מיר, האָט ער געזאָגט: „גוט אָוונט”.

— גוט אָוונט — האָב איך געענטפערט, — שפּילסט גוט. ס׳נעמט ביים האַרצן.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און געענטפערט:

— מ׳האָט אויסגעלערנט. געקענט אַמאָל גאָר ווייניק.

— ווער האָט עס דיך אויסגעלערנט?

— די צייט.

— וואָס הייסט די צייט? — בין איך שוין נײַגעריק צו וויסן און פרעג אים. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך האָב צוטאָן מיט אַ מענטשן, וועלכער האָט גרויזאַמעס דורכגעלעבט און איך האָב געוואָלט דערגיין, וואָס אַזוינס.

— יאָ, מײַן זון, — האָט ער ווייטער צוגעגעבן — די צייט. אַלץ די צייט... איך בין צוגעטראָטן גלייך צום עצם ענין.

— איך זע, ייִדע, אַז דו האָסט עפּעס אַמאָל אַזוינס דורכגעלעבט, וואָס האָט אַ ריס אין דײַן גאַנצן לעבן געלאָזן. דערצייל עס מיר. נאָך דײַן שפּילן האָב איך עס פאַרשטאַנען.

ער האָט אייניקע סעקונדן געשוויגן און נאָכהער זיך צעלאַכט.

— הע... הע... הע... אַלע ווילט איר וויסן, וואָס מיט מיר איז געשען. פאַרוואָס נישט? איך וועל דערציילן. אַלעמען דערצייל איך. אפילו, ווען דו וואָלסט נישט בעטן וואָלט איך אויך דערציילט. זעץ זיך אַנידער, וואָס שטייסטו?

דערהערנדיק אַזעלכע דיבורים האָב איך זיך דערפרייט. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט.

ער האָט אַ קראַץ געטאָן דעם קאָפּ. אַרויסגענומען פון לאַכמאַן אַ הילצער־נע פושקעלע מיט טאַבאַק און אין אַ שטיקל פּאַפּיר אויפגעדרייט אַ פּאַפּי־ראָס. דערנאָך אַרויסגענומען אַ שטיקל פייער-שטיינדל, וואָל און שטאָל און אייניקע מאָל אַ קלאַפּ געגעבן. ס׳האָבן אויפגעשפּרונגען פייערלעך און ער האָט פאַרויכערט. און אַרײַנציענדיק אין זיך דעם רויך, האָט ער אָנגעהויבן.

— יאָ, מײַנסטו, פאַרוואָס דערצייל איך עס? ס׳איז דאָך אַלץ אייניס. ס׳איז דאָך פאַרפאַלן. נאָר ס׳איז מיר אָנגענעם עס צו דערציילן. ס׳ווערט גרינגער...

ער האָט זיך אָפּגעהאַקט. אַ קוק געגעבן אויפן הימל, דערנאָך אויפן טײַכל, אַ הוסט געטאָן און ווייטער גערעדט:

— אַליין בין איך פון דעם לאַנד. אַ היגער פון דאָרף וואסילעווקע. אָט

דאָ טאַקע נישט ווייט פֿון דאַן. געבוירן געוואָרן אין דעם דאָרף, זיך אויפֿגעהאָדעוועט, געלעבט און מסתמא שטאַרבן אויך דאָ — האָט ער שטיל צוגעגעבן. — געווען זיינען מיר פּויערים פֿאַרמעגלעכע — געהאַט ערד. זיך דורכגעלעבט. געווען זיינען מיר זעקס. מיין טאַטע און מאַמע, דריי יינגלעך און אַ מיידל. איך, דער יינגסטער. ווען די עלטערן זיינען געשטאָרבן האָט איבערגענומען די מאַכט דער עלטערער ברודער וואַלאָדיע. די שוועסטער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אָפֿיצער. זי איז געווען זייער אַ שיינע. דערנאָך מיט אים אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע. וואָס זי מאַכט דאָרט ווייס איך נישט. שרייבט נישט. מסתמא געשטאָרבן. איך מיטן צווייטן ברודער קאָליע, האָבן זיך געלערנט אין שטאָט, אין גימנאַזיע. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער יאָפּאַנישער קריג, האָט מען מיין עלטערן ברודער צוגענומען, און צוריק האָט ער זיך שוין ניט אומגעקערט... בין איך געבליבן מיט קאָליען. לערנען, פֿאַרשטייט זיך, האָבן מיר זיך אויפֿגעהערט. געקומען אַהיים. זיך פֿאַרנומען מיט אַרבעט. יאָ, יענע צייט ווייסט דאָך, איז געווען אַ צייט פֿון קאַמף, רעוואָלוציע. דער רעוואָלוציאָנערער געדאַנק איז אַריינגעדרונגען צו אונדז אין דאָרף אויך. איך האָב זיך אָנגעשטעקט. ווי אַזוי איך בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג, אַוועק מיטן שטראָם, וועל איך דיר נישט דערציילן. נישט אינטערעסאַנט. דער עיקר איז, איך האָב זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט מיטן גאַנצן ברען. קיין היימישע שטערונגען האָב איך נישט געהאַט. קאָליע איז געווען פֿאַרנומען מיט דער האָספּאָדאַרקע. וועגן לערנען, פֿאַרשטייט זיך, ווייטער האָב איך שוין נישט געקלערט און איך האָב געאַרבעט. אַזוי לאַנג ביז איך פֿאַל אַריין. האָב אַ פּראָצעס: באַקום אַ יאָר טורמע. זיץ אָפּ. ווער באַפֿרייט. אַ כלאָפּעץ בין איך דאַן פֿון אַ יאָר צוואַנציק. שטאַרק. געזונט. יונג. די טורמע נישט געווירקט. פֿאַרקערט, מער מוט, מער ענטוזיאַזם, מען אַרבעט... און דאָ הויבט זיך עס אָן...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. דורכגעפֿירט מיטן האַנט איבערן שטערן און ווייטער גערעדט:

— געוווינט האָט ביי אונדז אין דאָרף אַ פֿאַרמעגלעכער פּויער. די פֿאַמיליע, דאַכט זיך פּלעשיץ, צי קרעשיץ, נאָר דאָס איז דאָך נישט וויכטיק. ער אַליין האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ ליבעראַל, געקליבן נחת פֿון טאָלסטאָיען. זיין הויז האָט זיך גערעכנט פֿון די אינטעליגענטע. צו אים אין שטוב פֿלעגן זיך צונויפֿקומען די אַנטוויקלטע פֿון דאָרף. ביי אים פֿלעגט מען קריגן אַ צײַ-

טונג, אַ נייעם זשורנאַל, אַ בוך. עס פלעגן דאָרטן פאָרקומען שמועסן וועגן אַלץ, וועגן ליטעראַטור, פּאָליטיק, פילאָזאָפיע און איבער נאָך פאַרשיידענע פראַגן. זײַן פרוי איז ביי אים אָפּגעשטאָרבן. געווען אַן אַלמן. געווען איז ער מיט זיינע דריי קינדער. צוויי מיידלעך און איין יינגל. דאָס יינגל אין מיינע יאָרן, אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנער. דאָס עלטערע מיידל איז געווען פאַרנומען מיט שטוביקער אַרבעט און דאָס צווייטע, די יינגערע, האָט זיך געלערנט אין שטאָט. איך האָב זיך מיט זיי צונויפגעלעבט און געוואָרן דאָרט אַ גאַנצער בן-בית. אין די פרייע שעהן פלעג איך זיצן דאָרטן, פאַרברענגען.

אין אַ שטיקל צייט אַרום, קומט צו פאָרן פון שטאָט דאָס יינגערע מיידל, מאַשע. געענדיקט גימנאַזיע, נישט אַזוי גלענצנדיק. אַ מיידל איז זי געווען, ווי מען זאָגט „בלוט און מילך" אַ לעבעדיקע אַ שיינע, אַ שוואַרץ-חנעוודיקע, ענלעך צו אייערער, אויגן שוואַרצע, שטיפעריש. פאַרשטייט זיך, מיר האָבן זיך באַקענט. איך בין איר געפעלן געוואָרן, זי מיר אויך און ס'האָט זיך פאַר־וויקלט אַ ראָמאַן. פאַרברענגען פלעגן מיר צוזאַמען. גיין אין וואַלד קלייבן יאַגדעס, אין סאָד מאַלינעס. שמועסן פלעגן מיר וועגן קונסט, פּאָליטיק, ליבע און נאָך אַנדערע זאַכן. און דאָס דאַרף איך אונטערשטרייכן, אַז געווען איז זי אַ פּעאיקע און אַ קלוגע. פלעגן מיר באַהאַנדלען אַן ערנסטע טעמע, פלעגט זי ווערן אַן אַנדערע, ווערן ערנסט און אַרויסזאָגן ריכטיקע געדאַנקען. מיט דער צייט האָבן מיר זיך אַזוי צונויפגעבונדן, זיך אַזוי צוגעוווינט, אַז איך האָב איר דערציילט פון מיין אַרבעט, וואָס איך טו, און וואָס איך דאַרף טאָן, אַלץ אַזעלכע זאַכן, וועלכע איך דאַרף האַלטן בסוד און ווען מען דערוווסט זיך, וואָלט מען מיך אויסגעשלאָסן. און דאָס האָב איך באַמערקט, אַז ווען איך האָב איר דערציילט וועגן דער אַרבעט, פלעגט זי קוקן אויף מיר מיט אַזאַ ערנסטקייט, מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט און די אויגן אירע פלעגן אַזוי ברענען, ווי זיי וואָלטן מיך וועלן אויפעסן. און דאַן פלעגט זי ווערן אַזוי גוט צו מיר, מיך אַרומנעמען, קושן, האַלדזן...

ער האָט זיך פאַרהוסט. אַרום אונדז איז געווען שטיל. אין טייכל האָט זיך די לבנה געשפּיגלט און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי שטעקט דאָרט זיך, טיף. ס'איז מיר געווען זייער אנגענעם צו הערן און איך האָב שוין געוואָלט גיכער וויסן די ענדע. ער האָט גערעדט רואיק, דייטלעך, קלאָר.

— אַ הוסט האָט זיך צוגעטשעפּעט. נו, נו... פאַרקילט...

ער האָט אויסגעשפּיגן און מיט אַ טיכעלע די ליפּן אָפּגעווישט.

— יאָ, איז ווו האַלט איך? ביי איר דאַכט זיך. יאָ, האָבן מיר זיך ליב געהאַט. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך פון אונדזער ליבע שטאַרק נישט גע־האַלטן. איך ווייס, אַ מיידל, ערשט פון גימנאַזיע, זיך אָנגעלייענט ראָמאַנען. אַ מיידל אין די סאַמע יאָרן. ליבן דאַרף מען זיך. נו... יאָ, וואָס וויל איך דאָ אויספירן? מיט דער צייט האָב איך באַמערקט, אַז מיין מיידל האָט זיך אינגאַנצן איבערגעאַנדערשט. פאַרשווונדן די פריילעכקייט, די שטיפערישקייט, געוואָרן אומעטיק, בלאַס, חושך, מער שווייגנדיקער: נישט צו דערקענען. איך האָב זיך דערשראָקן, אָנגעהויבן צו פרעגן, אויספאָרשן, וואָס? ווען? — די וואַנט ענטפערט? — אַזוי זי. שווייגט. וואָס איז דיר? — פרעג איך זי. — דערציייל, ביזט קראַנק? — גאָרניט, ענטפערט זי לאַכנדיק, — גאָרניט. און בעת מעשה נעמט זי מיך אַרום און קושט... איך פיל, ווי איך ווער צעזעצט, ווי איך ברען. — וואָס איז דאָ? — זאָג איך איר, — דערצייל, אפשר קען איך העלפן, דערצייל. — נישט גוט — זאָגט זי שטיל — ס'איז פוסט. — וואָס פרעג איך זי — וואָס איז דיר נישט גוט, פוסט? — שווייגט זי.

איך האָב געזען, ווי דאָס מיידל ליידט. ווי זי גייט אויס פון טאָג צו טאָג, ווי אַ ליכט. איך בין אַרומגעגאַנגען ווי משוגע. ליב האָב איך זי געהאַט...

בקיצור, איינמאָל גיי איך אַזוי אין פעלד. זומער איז דאַן געווען. הייס. ס'האָט געברענט, ווי אין אַ קאַלך־אויוון. אינמיטן טאָג איז עס געווען. פּלוצים, איך דערזען זי. ווי פון דער ערד וואַלט זי אַרויסגעשפּרונגען און גלייך צו מיר.

— פונוואַנען האָסטו זיך גענומען? — פרעג איך זי.

— דאָ בין איך געווען — און לאַכט. — איך האָב געוווּסט, אַז דו וועסט דאָ דורכגיין, האָב איך אָפּגעוואַרט.

— פונוואַנען — פרעג איך, — האָסטו געוווּסט, אַז איך וועל דאָ דורכ־גיין? עמעצער האָט דיר געזאָגט?

— קיינער האָט מיר נישט געזאָגט. איך האָב געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז דו וועסט דאָ דורכגיין. און נעמט מיך ביים אָרעם און גייט. — נעם מיך מיט דאָרט, ווו דו גייסט — מאַכט זי צו מיר שטיל. — צוזאַמען וועלן מיר גיין, צוזאַמען.

— וווּהין — זאָג איך — וועלן מיר גיין. איך ווייס אַליין נישט, וווּהין איך גיי. — און בשעת מעשה ציטער איך. דאָס האַרץ מיינס קלאַפּט. „אפשר איז זי גאָר משוגע". „וואָס רעדט זי?" איך האָב געמאַכט ווי מען זאָגט, אַ האַרץ, אָנגענומען מוט און פרעג גלייך:

— הער, מאַשע, איך זע, דו ליידסט. וואָס, ווייס איך נישט. זאָג! דו מוזט זאָגן. איך ווער משוגע. —

איך האָב עס אַרויסגערעדט מיט אַזאַ טאָן, אַז איך האָב באַמערקט, אַז עס האָט אויף איר אַן איינדרוק געמאַכט.

— דערציילֿ, — זאָג איך איר, — ווייל איך מוז וויסן. און איך נעם זי ביי דער האַנט און דריק זי. — מיר זיינען אַליין דאָ אין פעלד. קיינער הערט אונדז נישט. רעד!

ביי די ווערטער האָט זי מיך פלוצים אַרומגעכאַפּט, צוגעדריקט צו זיך און שטיל אַרויסגעשעפּטשעט:

— איך וויל אַרבעטן... מיט דיר... צוזאַמען... אַזוי איז פּוסט...

— הערסט, זונינקע, וואָס זאָל איך דיר זאָגן? ווי זי האָט עס מיר אַרויסגערעדט, האָב איך געמיינט, אַז אַ דונער האָט מיך געטראָפן. איך בין געוואָרן ווי צעמישט. וואָס, זי אַרבעטן, מאַשע? ניין. איך וועל עס נישט דערלאָזן. איך נישט. איך געדענק נישט וואָס איז געווען דערנאָך. איך געדענק נישט וואָס זי האָט מיר גערעדט, וואָס איך האָב גערעדט. נאָר פון יענעם שמועס אָן בין איך אַרומגעגאַנגען ווי אַ משוגענער. איך בין געווען, ווי אין אַ הינער-פּלעט. „דאָס איז די סיבה פון איר ענדערונג" — קלער איך מיר. איך האָב נישט געוווסט וואָס צו טאָן. אַריינציען זי אין דער אַרבעט? מקריב זיין זי פאַר דער אידעע, האָב איך נישט געוואָלט. איך האָב זי ליב געהאַט. איך האָב אָבער נישט געקענט, נישט אַריינציען? — ליידט זי, עס טוט מיר ווי... איך ווייס, האָב איך זיך פאַרענטפערט, ביי מיר איז געבליבן, נישט אַריינציען זי. האָט זיך אָנגעלייענט מיט דעם ברודערס ביכלעך, באַגייסטערט געוואָרן. ס'וועט איבערגיין; און אַריינציען דאַרפסטו וויסן, האָט זיך געווענדעט אָן מיר. איך בין געשטאַנען דאָן אין דער שפּיץ, געהאַט אויטאָריטעט. וואָס איך האָב געזאָגט, איז געווען געזאָגט. מיר איז געווען שלעכט. איך האָב געליטן. איך האָב נישט געקענט צוזען, ווי זי ליידט און מיר האָט געביסן דאָס געוויסן: איך פאַרראַט די פּאַרטיי; דערלאָז נישט קיין נייע מיטגלידער. מיר זיינען, דאָס הייסט, איך און זי, אַרומגעגאַנגען, ווי שאָטנס. זייטיקע האָבן עס אַזש באַמערקט. געליבט האָבן מיר זיך, ווי פריער. נאָר איצט האָט שוין עפּעס געפעלט. עפּעס האָט אונדז פונאַנדערגעטיילט. עפּעס איז געשטאַנען צווישן אונדז.

בקיצור, כ'וועל פאַרענדיקן. עס האָבן זיך אַזוי געצויגן טעג, וואָכן,

חדשים. איך האָב געאַרבעט און מיר האָבן געליטן. און וואָס האָב איך גע־קענט טאָן? — איך האָב זי ליב געהאַט, מיט דער גאַנצער נשמה. איך וואָלט פאַר איר זיך אַלס קרבן געבראַכט. אָבער מקריב זיין זי פאַר עפּעס האָב איך נישט געקענט. איך האָב זי צו שטאַרק ליב געהאַט. אַריינוואַרפן זי אַליין, מיט אייגענע הענט אין די טורמעס, שיקן זי אויף קאַטאָרגע האָב איך נישט געקענט. ס׳איז געווען שווער. זייער שווער. צו שטאַרק ליב געהאַט. און דאָס איז געווען דאָס אומגליק.

ער האָט זיך ווידער פאַרהוסט. ווידער אָפּגעווישט זיך מיט דעם טיכל די ליפּן און ווייטער גערעדט:

— און אָט איז דער סוף. זיץ איך איינמאָל אויפן גאַניק פון שטוב און לייען. אַ זומערדיקער פרימאָרגן. אין דרויסן שיין, פריש... קאַליע אין פעלד. מ׳טרייבט די בהמות. מיידלעך מיט ווייסע טיכלעך, מיט גראַבליעס, ווידלעס, געזונטע, באָרוועסע גייען און לאַכן. די לופט שמעקט...

פלוצלינג, איך זע, קאַליע לויפט. אַ פאַרסאַפּעטער. בלאַס, ווי קאַלך. ווי איך האָב אים דערזען, אַזוי האָט זיך מיר אין האַרצן אָפּגעריסן. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז עפּעס געשען. איך בין צוגעלאָפן צו קאַליען און קוים פון אים דערהערט: „זיך דערטרונקען...״

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. ס׳האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. אַ בלויער באַ־גינען האָט זיך אַרום אונדז פאַנאַנדערגעשפּרייט. דאָס וואַסער אין טייכל איז געוואָרן בלויער. די שטערנדלעך האָבן זיך ווו ניט ווו געלאָשן, און דער הימל איז געוואָרן העלער און קענטיקער. איצט האָב איך געזען מיין דערציילער. דאָס איז געווען אַ קליין נידעריק בלייך פּויערל פון אַ יאָר פערציק. אָרעם געקליידעט. אין דער גרויער סערמיַיענקע, פאַרגאַרטלט מיט אַ סלוצקער גאַרטל. ס׳האָט זיך געזען אַ האַריק האַרץ. איינגעפאַלענע באַקן, באַוואַקסן ווו-ניט-ווו מיט עטלעכע בלאָנדע הערעלעך. אַ קליין שיטער בערדל, אויך בלאָנד. דאָס גאַנצע פּנים זיינס, איז געווען ענלעך צו אַן אָפּגעבאַקטן עפּל. נאָר דאָס, וואָס איז געווען שיין אין אים זיינען געווען די אויגן. העל־גרויע, גרויסע, קיילעכדיקע, רואיקע, נאָכשפּירנדיקע, טיפיש ווייסרוסישע אויגן.

— דאָ, ווו איך זיץ איז איר טיכל געלעגן. פאַרשטייסט... איך האָב זי אַריינגעוואָרפן... איך בין איר מערדער... האַ... צו שטאַרק ליב געהאַט... צו שטאַרק... געדאַרפט זי אין דער אַרבעט אַריינציען, וואָלט עס נישט גע־שען... איך בין שולדיק?... האַ?... אַליין דערהרגעט זי... פון ליבע... האַ?...

איך האָב נישט געענטפערט. ער האָט גערעדט און זיך געטרייסלט. זיינע אויגן זיינען געווען פאַרטרערט און געקוקט, ווי פאַרגליווערט אויפן וואַסער. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין געווען ביי דער געשעעניש און אַ שטיקל אנטייל גענומען.

— וואָס, אַ מערדער? שולדיק... האַ?...

איך האָב געשוויגן.

— אַלעמען דערציייל איך עס. אַלעמען. איך זיץ דאָ שטענדיק. און שפּיל. יאָרן לאַנג אַזוי... און דו ווייסט, אַז אָפּטמאָל ווען ס'איז שטיל, זע איך זי... דו ווייסט, איך זע זי...

איך האָב געוואָלט וואָס גיכער אַוועקגיין. איך בין געווען, ווי צעבראָכן.

— איך האָב אויך געוואָלט זיך טרינקען. געפּרוווט. קען נישט. נישטאָ קיין מוט. צו שוואַך...

ער האָט אַ דריי געגעבן דאָס דודקעלע אין האַנט און געזאָגט:

— זייער גוט דאָ צו זיצן... איר טיכל דאָ געלעגן... דאָ זיך אויסגעטאָן... אויף דעם אָרט... פון דאַנען נישט געוואָרן...

ער האָט זיך ווידער פאַרהוסט.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון אָרט. געזאָגט שטיל „אַ גוטן" און נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף אַן ענטפער, אַוועקגעגאַנגען.

אַז איך בין אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג, האָב איך זיך אומגעדרייט: ער איז געזעסן, ווי פריער.

בנימין סקודיצקי

# אויף מערב ווייס־רוסלאַנד

„אַך וויעקי מי ספאַלי
אי נאַם ראָזבודזילי..."
(„מיר זיינען דורות געשלאָפן
און מען האָט אונדז אויפגעוועקט...")

## 1. גיי, זונינקע, גיי...

דעצעמבער. אַ פראָסטיקע נאַכט אויף דער ווייסרוסישער ערד. שניי. שניי. שניי. דאָס דאָרף, ווי אַ שטילער, שוואַרצער בר־מינן אין ווייסקייט ליגט. די כאַטקעס פאַרגליווערטע אין שווייגן.

ביי אַנופריען שלאָפט מען נאָך נישט. עס נעמט נישט קיין שלאָף: שוין עטלעכע טעג, ווי פעדיאַ האָט אין שטוב נישט געזעהן. אַוועק זון ווי אין וואַסער אַריין. זיצט אַנופרי ביים אויוון און פאַריכט לאַפּטשעס און זיין ווייב אַגאַפיע וואָל שפּינט.

ציט אַנופרי די לאַנגע שוואַרצע לעדער־פאַסקעס. דרייט אַגאַפיע דאָס רעדל. אַרבעטן. וועגן פעדיאַן טראַכטן. שווייגן.

— ווער ווייסט — רופט זיך פלוצלינג אָפּ אַנופרי — ווער ווייסט, אפשר זיצט ער שוין? — זאָגט ער און ווערט אַנטשוויגן.

ענטפערט נישט אַגאַפיע. וואָס קען זי ענטפערן. גיט אַ קוק אויפן מאַן, גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ און דרייט ווייטער.

זיפצט צו דער אַלטער אַנופרי. פלעכט די שוואַרצע פאַסקעס. טראַכט:

„אַ וווילער יאַט דער פעדיאַ, אַ שטילער. אַלע ליבן אים. דאָס גאַנצע דאָרף. אַפילו יאָזעף מיט וועלכן ער לעבט נישט בשלום, האָט מיט אים אַ שטיקל סיכסוך פאַר ערד, — האָט אויך אָפּשיי פאַר פעדיאַן. געהאָדעוועט

אַ קינד. אַרבעט. דערשלאָפט נישט, דערעסט נישט. אַלץ די דיניקע פּאַפּירלעך אין וועלכע עס שטייט געשריבן אַזעלכע שיינע, אמתע זאַכן אין וועלכע עס איז גוט מאַכאָרקע צו איינדרייען. און זיין פעדקאַ היט יעדעס פּאַפּירעלע. קלייבט צונויף אין די אָוונטן די אַרומיקע שכנים. לייענט פאַר זיי פון די פּאַפּירלעך. דערציילט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט... און אַ קלוגער איז ער, פעדיאַ, אַך, סאַראַ קלוגער! רעדט אַזוי ריכטיק, אַז ס׳נעמט ביים האַרצן. קוים אים דערלעבט. אַ בן-יחיד".

ווישט מיט דעם פאַרטוך די אויגן אַגאַפיע. מיטן פוס דאָס רעדל דרייט. דרייט און קוקט אין קליין פענצטערל.

זעט אַגאַפיע, ווי אין דער ווייטער פינצטערניש אַ פייערל פינקלט. ווייס זי, אַגאַפיע, אַז דאָרטן איז דער פּאָסטערונעק. דאַכט זיך איר: אַז ס׳ליגט דאָרט איר פעדקאַ אויף דער פּאָדלאָגע. אַ צעשלאָגענער, אין קייטן פאַר-שמידט. ליגט און פון ווייטיק קרעכצט. ער קרעכצט און די פּאָליציאַנטן מיט גומענע שטעקנס שלאָגן, שלאָגן... גייט דורך אַ קאַלטער ציטער איבער איר קערפּער. קלאַפּט שטאַרק דאָס האַרץ.

האַלט נישט אויס אַ מאַמעס האַרץ. שטעלט אָפּ דאָס רעדל. פאַרבינדט שטייפער דאָס קלייד. נעמט אַראָפּ פון אויוון דאָס פעלצל. טוט זיך אָן.

זעט פלוצלינג אַנופרי ווי זיין ווייב קלייבט זיך אַוועקגיין. לייגט ער אַנידער די שוואַרצע פּאַסקעס, גיט אַ קראַץ די פּאַטילניצע.

— וווהין, אַגאַפיע, וווהין?

— ווער ווייסט, אפשר גיין צום פּאָסטערונעק. אַ קוק דאָרטן געבן.

ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן אַנופרי. בלייבט שטיין פאַרשעמט: הלמאי איז אים אַזאַ געדאַנק נישט איינגעפאַלן. מאַכט ער שטיל:

— ס׳איז אַ ריזיקע זיך דרייען דאָרט.

— גאָרנישט, איך וועל זיך אונטערגנבענען שטילערהייט, קיינער זאָל נישט זען און אַ קוק געבן.

— איך וועל גיין. איך וועל עס מאַכן גיכער פאַר דיר.

נעמט איבער אַנופרי דעם פעלץ. טוט זיך אָן. ציט אַראָפּ דאָס היטל איבערן שטערן. גיט אַ קוק אויף זיין ווייב און גייט אַרויס.

גייט צו אַגאַפיע צום שוואַרצן פענצטערל. זעט, ווי איר מאַן רוקט זיך אָפּ אַלץ טיפער, טיפער. ווערט פאַרשווונדן.

נעמט איר דורך אַ רחמנות-געפיל אויף איר אַלטן. „משוגע געוואָרן.

אים געלאָזט גיין ביינאַכט אין אַזאַ אָרט". גיט זי אַ דריי דאָס רעדל און זי שפּינט.

שטעלט זיך איר פאָר: מען בריינגט צו טראָגן אין קייטן פאַרשמידט פעדקאַן מיט אַנופריען. צעשלאָגענע, פאַרווונדעטע. מען זוכט אין שטוב. אונטערן אויוון, אין קאָטוך, ווערט איר שרעקעדיק. שאָקלט זיך דאָס האַרץ. עפנט זי די אויגן. זעט זי: עס שטייט פעדקאַ אַ לאַכנדיקער מיט אָנגעפּרוי־רענע באַקן און אויערן. גלויבט זי נישט פאַר שמחה. לויפט זי צו אים צו און גיט אים אַ טאַפּ. יאָ, פעדקאַ. איר פעדקאַ.

— האָסט נישט באַמערקט, ווי איך בין אַריין, — זאָגט לאַכנדיק פעדקאַ. אַרבעטסט און אַרבעטסט. שוין שפּעט. שוין צייט אויפן אויוון. וווּ דער טאַטע?

וויינט אַגאַפיע צופרידן. דערציילט אים וועגן אַלץ.

לאַכט פעדקאַ. וואַרפט אַראָפּ דאָס פעלצל. ציט אַראָפּ די שטיוול. קריכט נישט אַראָפּ איין שטיוול, ווערט ער אין כעס. שעלט ער זיך. גייט צו אַגאַ־פיע, העלפט אים דעם שטיוול אַראָפּציען.

— עס ווילט זיך שלאָפן. צוויי נעכט נישט געשלאָפן. אָך, וויפיל אַרבעט!..

קוקט צופרידן אַגאַפיע אויף איר פעדקאַן. זעט זי איר פעדקאַן אין אַ כאַטע און אַרום אים מענטשן. אַ סך, אַ סך. פעדקאַ רעדט, און אַלע שאָקלען מיט די קעפּ. קריגט זי אים מער ליב. גייט צו און גיט אים אַ קוש.

— הע, מאַמע, נאַרישקייטן. בעסער, עפּעס עסן גיב.

פאַרשעמט זיך אַגאַפיע: גאָר פאַרגעסן, אַז פעדקאַ איז הונגעריק. גייט גיך אַוועק, ברענגט קאַרטאָפלעס מיט הערינג.

עסט פעדיאַ, קוקט אויף אים אַגאַפיע. ווישט די אויגן.

עפנט זיך די טיר, גייט אַריין אַנופרי. די פּיס אין די לאַפּטשעס פאַר־שנייט. זעט, ווי פעדקאַ זיצט און עסט. בלייבט ער שטיין.

— וואָס, טאַטע, האָסט מיך געזען דאָרט?

רעדט פעדקאַ און לאַכט. שמייכלט דער טאַטע.

— נו, וואָס הערט זיך ביי אייך? — פרעגט אַנופרי.

— גאָרניט. מען אַרבעט. מען וועט דאַרפן מן הסתם אַרויסטרעטן. אין קאָסאָווע פיר טויטע. פיל פאַרווונדעטע. מען דאַרף פּראָטעסטירן.

פאַרשטייט ניִשט אַנופּרי דאָס לעצטע וואָרט. אָבער דעם תּוך פאַרשטייט ער. ענטפערט ער:

אוודאי דאַרף מען, אוודאי...

— און וואָס הערט זיך ביי אייך? אין הורטאָק האָסטו כאָטש גערעדט וועגן דעם, וואָס איך האָב דיר געזאָגט? שלעכט. די הראָמאַדע איז פּאָגראָמירט. די דעפּוטאַטן הינטער די קראַטעס. פּילסודסקי שטיקט מוראַדיק. אומעטום אַרעסטן, אַרעסטן, אַרעסטן... דאָ איז נאָך שטיל? די בילעטן זאָל קיינער נישט אומקערן...

— איך האָב אַלץ גערעדט וועגן וואָס דו האָסט מיר געזאָגט. עס טומלט זיך שוין ביי אונדז אויך. נייע פּאָליציאַנטן צוגעקומען. מען שנאָרט. אַ סך קערן אום די בילעטן. האָבן מורא...

שטייט אַגאַפּיע פון ווייטן. זעט, ווי די מאַנסבילן ריידן וועגן גרויסע זאַכן. פאַרשטייט זי נישט. נאָר זי פילט, אַז פעדקאָ רעדט קלוג. קלייבט זי נחת.

עפנט זיך די טיר. גייט אַריין סטעפּאַנס יאַט קאָליע.

זאָגט „גוטן אָוונט". גייט צו גלייך צו פעדקאָן. גיט אים אַ צעטעלע.

גיט אַ קוק פעדקאָ אין צעטעלע. גיט זיך אַ הויב אויף.

— מען דאַרף זיך אָנטאָן.

לאָזט דאָס עסן. זוכט די שטיוול.

בלייבט טאַטע מאַמע, ווי פאַרשטיינערט.

פּלאַצט ישיעור דאָס האַרץ ביי אַגאַפּיען. בעט זי זיך:

— זון מיינער, אפשר קענסטו מאָרגן... רו זיך אויס... אַזאַ לאַנגע צייט זיך נישט געזען...

גיט אַ קוק אויף איר אַנופּרי. עפּעס מיט אַ מאָדנעם קוק. די אויגן גלאַנצן. ס'שפּיגלט אין זיי טרערן.

— גיי, זונינקע, גיי... וואָס פאַרשטייט די אַלטע... איך פאַרשטיי... איך האָב שוין נישט קיין כוח... שוין אַלט... וואָלט אויך געגאַנגען...

זאָגט עס דער אַלטער און דאָס האַרץ אינעווייניק ווייטיקט.

ער ווייסט וווהין פעדקאָן רופט מען. וואַקסט אויס פעדקאָ ביי אים אין די אויגן, ווי אַ העלד, וועלכער גייט באַפרייען אים, זיין ווייב אַגאַפּיען, סטעפּאַנען, יאָזעפן, אַלעמען, דאָס גאַנצע דאָרף זיינס פון ביטערן לעבן, פון די פּאָדאַטקעס, פון נויט. נעמט אים דורך אַ ליבשאַפט און מורא פאַרן קינד.

די אויגן פון שמחה גלאַנצן. זיין פעדקאַ! זיינער. אַלץ ער. גייט איצט אַוועק. ווער ווייסט צי ער וועט זיך צוריקקערן...

און פעדקאַ איז שוין אַן אָנגעטועטער. רוקט זיך צום טיר. פּאַרויס קאַליע.

שטייט אַגאַפיע, קען זיך פון אָרט נישט רירן. צאַפּלט ביי איר דאָס האַרץ איבערן גורל פון קינד. דערמאָנט זיך איר חתונה מיט אָנופריען. דאָס געבורט פון פעדקאַן. אירע ליידן, ביז וואַן זי האָט אים אויסגעהאָדעוועט. שטענדיק אַ שוואַכער געווען... קיין כוח נישט געהאַט דעם אַקער צו פירן. אויסגעהאָדעוועט אים פאַר אַנדערע... אַנדערע נעמען אים ביי איר אַוועק... זי טאָר אפילו קיין וואָרט נישט ריידן...

— נו, טאַטינקע, מאַמינקע, זייט געזונט...

קרייצט אין דער לופט אַ צלם אַגאַפיע. אין האַלדז שטיקן טרערן. ווער ווייסט, צי זי וועט נאָך אים זען... קען נישט ענטפערן.

קראַצט די פּאַטילניצע אָנופרי. אין האַרצן אַ ווונד. שטאַרקט זיך. גייט אים נאָך און מונטערט:

— גיי, זונינקע, גיי... איך פאַרשטיי... וואָלט אויך געגאַנגען... נאָר נישטאָ קיין כוח... שוין אַלט... גיי שוין פאַר מיר אויך... נאָר היט זיך, פעדקאַ. פאַל נישט אַריין... אָך, שלאָגט מען דאָרט... אָך... אָך...

וויל שוין פעדקאַ אַרויסגיין. דערמאָנט ער זיך עפּעס. לויפט צו צום טאַטן, זאָגט אים שטיל עפּעס אין אויער אַריין.

— זיי זיכער, פעדקאַ, זיי זיכער. איך וועל פאַרשטעקן, מיט טויזנט קעפּ וועלן זיי נישט געפינען...

די טיר ווערט פאַרמאַכט. גיט אַרויס אַ טויבן קלאַפּ.

שטייען אָנופרי מיט אַגאַפיען, ווי צוגעשמידטע, קענען זיך נישט רירן.

אין קוימען פייפט דער ווינט. קרייעט ערגעץ־ווו אַ האָן. דורך די קליינע פענצטערלעך קוקט אַריין אַ שוואַרצע נאַכט, ווי דאָס לעבן פון אָנופריען און אַגאַפיען.

## באַטקאָ... פּאַרוואָס?..

אין די נעכט האָט מען זיי געפירט.
אין דער פינצטער.
קיינער זאָל נישט זען.
חוץ נאַכט מיט באַן.
צענדליקער, הונדערטער.

אין פאַרקלאַפּטע רויטע וואַגאָנעס, געשמידט איינער צום צווייטן, צווייטער צום דריטן, דריטער צום פערטן — אַלע מיט איין קייט דורכגעפלאָכטן. איין קנויל.

ווי קעלבער, געבונדענע צו דער שחיטה.
צענדליקער, הונדערטער.
די בעסטע זין פון מערב-ווייסרוסלאַנד.

פּויערים מיט קודלאַטע בערד, כלאָפּצעס מיט בלויע אויגן, ווייבער שוואַנגעריקע, מיידלעך פון נאַכט צעשראָקענע. אַלע אויסגעמאַטערטע, גע־פייניקטע, הונגעריקע.

אין די נעכט האָט מען זיי געפירט.
ווייט, ווייט.
אין „לענטשיצע", אין „וואָרקי", אין „שוויענטי קזשיש".
ווייט —

די גרינע פעלדער זאָלן זיי מער נישט זען, אין די ווייסרוסישע פאַר־נאַכטן זייערע לידער מער נישט זינגען.
אויף יאָרן, יאָרן, יאָרן.

***

דער וואַגאָן אין וועלכן דער אַלטער סטעפּאַן ליגט, איז שוואַך באַלויכטן פון אַ גראָב חלבן ליכטל, אַריינגעשטעקט אין אַ ברעטל.

אַ צוגעבונדענער צו גרישעס האַנט, צוגעדריקט צום וואַנט ליגט ער, ווי אַ מײַזל אויפגעדרייט און קוקט מיט אָפענע אויגן אין דער טונקלקייט.

און פון דער טונקלקייט שווימען אַרויס שטיקלעך אָפגעריסענע בילדער, וויקלען זיך פאַנאַנדער, ווערן וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער, בולטער: ער הייבט אָן אַזש ציטערן.

איצט ווייסט ער, וואָס מיט אים איז געווען. ער זעט די נאַכט אין וועלכער זײַן זון יאַכימקאָ איז אַוועק, זעט אפילו די טריט זײַנע אויפן שניי. נאָכדעם, דאָס קלאַפּן אין טיר, די רעוויזיע, נאַסטיען אין איין העמד, אַ בלאַסע מיט צעשראָקענע אויגן, ברעכט די הענט און טרייסלט זיך אינ־גאַנצן, דאָס קלאַפּן מיט די ביקסן אין וואַנט, אין אויוון — דאָס פּעקעלע פּאַפּירלעך... די טאָרבע מיט ברויט, וועלכע נאַסטיע האָט אים דערלאַנגט פאַרן אַרויסגיין. דעם ברונעם אין ראָג דאָרף... דאָס אַלץ זעט ער קלאָר, דײַטלעך.

ווייטער ווערט בײַ אים אַלץ צונויפגעמישט אין איין קנויל און קען זיך נישט פאַנאַנדערקלייבן. דאָ זעט ער זיך אַ געבונדענער אויף דער פּאָד־לאָגע אין אַ פינצטערן צימער... דאָ פילט ער, ווי ער קייקלט זיך איבער טרעפּ ערגעץ טיף אַראָפּ... און דאָ זעט ער זיך גאָר בײַ אַ טיש און שרײַבט...

שווער אַלץ זיך צו דערמאָנען.

נאָר דאָס געדענקט ער גוט. ער געדענקט, אַז געשריגן האָט ער: „נישט איך", „נישט מײַנע".

נאָר ער ווייסט, אַז פון דעם וועט אים גרינגער נישט זײַן. ער איז אַלץ איינס אַ פאַרפאַלענער: גרישע האָט אויף אים „געשאָטן".

— גרישע, הע, גרישע, וואָס האָסטו גערעדט?

גרישעס קערפּער גיט זיך אַ צאַפּל. קוים, וואָס ער ענטפערט:

— באַטקאָ... איך נישט שולדיק... אַזוי שלעכט געווען... אונטער די נעגל געשטאָכן... אַזוי ווי געטאָן... באַטקאָ...

סטעפּאַן דערפילט, ווי עס טריפט אויף זײַן האַנט זודיקע, קינדערשע טרערן. ער פילט, ווי עס וואַרפט זיך נעבן אים זײַן קערפּערל, — ווערט ער גערירט. אין האַרץ הייבט אָן צו ווייטיקן: „צו וואָס האָב איך אים עס גע־זאָגט? צו וואָס? ווייניק לײַדט אַ קינד? נישט געקענט אויסהאַלטן די פּײַ־ניקונגען, שוואַך..."

אַ שטראָם פון רחמנות און מיטגעפיל צו גרישען גיט אַ פיל אָן זײַן

האַרץ. ער רוקט זיך שטייפער צו צו אים.

— וויין נישט, גרישע, וויין נישט. מער וועל איך דיר דאָס נישט זאָגן. וויין נישט...

— באַטקאָ...

אין וואַגאָן ווערט שטיל. אויף די ביקסן אָנגעשפּאַרט דרעמלען די פּאַליציאַנטן. כראָפּענס אויסגעצויגענע, פאַרענדיקטע מיט אַ קוויטש, אָפּגעריסענע קייטן-קלאַנגען, ברוסטיקע שווערע „אויען" רייסן זיך דורך די גרויע ווענט אין נאַכט אַריין, ווערן איינגעפּלאָנטערט אין דעם קלאַפּן פון די רעדער.

— טראַטאָ... טראַטאָ... טאָ... טאָ...

קייקלען זיך די וואַגאָנעס איבער די פאַרשנייטע ווייסרוסישע פעלדער. גיך, גיך, גיט אַ שניט אַריין אין ווייסרוסישער נאַכט דאָ אַ לאַנגער, דאָ אַ קורצער לאָקאָמאָטיוו-פייף; צעקייקלט זיך וויט, וויט אין דער פינצטערניש, שפּרייט זיך אויס איבערן שניי אין אָן אָפּגעריסענעם:

הו... הו...

ווי סטאַדעס וועלף וואָלטן געריטשעט איבער די פעלדער.

סטעפּאַן סטאַרעט זיך איינצושלאָפן. שוין אַזוי פיל נעכט נישט געשלאָפן. אַלץ געמאַטערט; קען ער נישט. פאַר די אויגן שטייט נאַסטיע, דאָס דאָרף, דער „הורטאָק", די כאַטע, יאָכימקאָ... „וואָס וועט זי עס טאָן איצט, איינע אַליין? זי וועט שטאַרבן אָן מיר, וועט אויסגיין פאַר הונגער. אָך... אָך... אָך... איצט וועט שוין דער וואָיט טאָן, וואָס ער וויל. וועט צונעמען דאָס שטיקל פעלד און פאַרטיק... וואָס קען אַ באַבע טאָן אַליין?... אָט תּליינים! יאָכימקאָ נישטאָ. ווער ווייסט ווו ער איז איצט... אפשר איז ער שוין גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. מיך צוגענומען. נאַסטיע אַליין... אָך... אָך... אָך...

נאָר פון איין ווינקעלע אין זיין האַרץ ציט זיך אַ ליכטיקער שטראַל, פילט אָן זיין קערפּער, זיין נשמה מיט זיסער האָפענונג:

— אָבער, ״שטענדיק וועט אַזוי נישט זיין.

און ער זעט זיך פלוצלינג ביי אים אין כאַטע אַרומגערינגלט מיט מענטשן. יאָכימקאָ אין אַ לעדערנער קורטקע, מיט אַ רויטן שטערן אויפן היטל. דער זעלבער יאָכימקאָ, נאָר עטוואָס העכער. מיט אַרויסגעשפּראָצטע וואָנסעלעך. און די כאַטע איז עפּעס ווי אַן אַנדערע, אַ ברייטערע, אַ ווייסערע... און נאַסטיע איז אויך שענער געוואָרן, העכער... און אַלע לאַכן און ער דערציילט... און אין דרויסן איז אַ זון, אַ וואַרעמע, אַ ליבלעכע, כלאָפּ-

צעס אין רויטע בלוזקעס מיט האַרמאָניעס אין די הענט. דעווטשאַטעס אין רויטע טיכלעך. מען גייט און מען שפּילט. אויפן האַרצן איז ליכטיק. יום-טובדיק. ער קושט זיך מיט אַלעמען... נעמט אַרום יעדן... איינע האַלט אים אַזוי שטאַרק ביי דער האַנט, דריקט זיך אַזוי פעסט, אַז דאָס האַרץ הייבט אָן נאָגן... ער וויל זיך אַרויסרייסן פון איר... קען ער נישט... אָט אַ שטאַרקע... האַלט פעסט... נו, אָט וועלן מיר זען...

ער גיט זיך אַ ריס. איבערן וואַגאָן צעטראָגט זיך אַ שטאַרקער קייטן-קלאַנג. די פּאָליציאַנטן גיבן זיך אַ טרייסל, מיט אויסגעגלאָצטע, פאַרשלאָפענע אויגן גיבן זיי אַ קוק אין דער טונקלקייט און פאַרמאַכן זיי ווידער.

און עס זעט זיך ווידער סטעפּאַן אויף דער פּאָדלאָגע אין וואַגאָן. אַ צונויפגעקייטלטער צו גרישען.

— אַ חלום.

ווערט אים שווער אויפן האַרצן.

— אָך... אָך... אָך...

— אוי... אוי...

עס קרעכצט אויך גרישע.

— גרישע, שלאָפסט, גרישע?

— ניין... באַטקאָ... איך קען נישט... די האַנט...

— אפשר, זאָגן דעם קאָמענדאַנט...

— ווער ווייסט...

אוודאי דאַרף מען זאָגן. אוודאי, וואָס וועלן זיי אים טאָן? וואָס? ערגער, ווי איצט קען דאָך שוין נישט זיין. וועלן זיי נישט שוואַכער מאַכן דאָס קייטל? — איז נישט. זאָלן זיי כאָטש וויסן, תלינים.

— פּאַניע קאָמענדאַנט, פּאַניע...

פון טיר גיבן זיך אַ שאָקל קעפּ.

— טשעגאָ טאַם כצעש?...

— דיטיאַטי... רוקאָ...

— פּאַנאָטשקו... באָליט... — גיט צו וויינענדיק גרישע.

— יאַ טשע פּאָקאַזשע „באָליט"... סקורווי סינו...

אין וואַגאָן ווערט אַ גערודער.

עס עפענען זיך צעשראָקענע אויגן. ס'קלינגען קייטן. נאָכדעם באַרויִקט זיך עס. ווערט שטיל.

— מיר האָבן שוין נישט ווייט — טרייסט סטעפּאַן גרישען. — נישט ווייט, גרישע, שוין באַלד טאָג, תּלינים.

גרישע ענטפערט נישט. אויפן האַרצן איז אים שווער. זיין קינדערש האַרץ קען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס ליידט ער? וואָס האָט ער אַזוינס גע־טאָן? מער נישט ווי אין יענער נאַכט האָט ער די פּאַפּירלעך געקלעפּט...

— באַטקאָ... פאַרוואָס איז עס אַזוי?...

— וואָס, גרישע, פאַרוואָס?

— פאַרוואָס זיינען מיר געשמידט. באַטקאָ... פאַרוואָס?

סטעפּאַן ווייסט פאַרוואָס. ער ווייסט שוין עטלעכע יאָר פאַרוואָס. אָבער גרישען דערקלערן קען ער נישט. אָט, יאָכימקאָ, ער וואָלט אים שוין גע־געבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס...

— פאַרוואָס, באַטקאָ, איך צו אַזויפיל מענטשן געשמידט? איך האָב דאָך קיין שלעכטע זאַך נישט געטאָן... מער נישט ווי די בלעטלעך אין יענער נאַכט געקלעפּט... און דו, באַטקאָ, ביסט דאָך אַזאַ גוטער...

סטעפּאַנען מאַטערט דעם קינדס פראַגן. פאַרמאַכט אויף אַ ווײַלע די אויגן, קנייטשט אויף דעם שטערן, שטאַמלט:

— פאַרוואָס?... פאַרוואָס?... ווייל מיר ווילן ברויט, גרישע... ערד און ברויט... נאָר סטעפּאַנען דאַכט זיך אַז ער האָט נישט דערזאָגט אינגאַנצן. גיט ער צו:

— פאַרשטייסט, גרישע, איך, דיין טאַטע האָט נישט קיין ערד. און פאַן זיגמונד האָט זייער פיל, פיל... פעלדער, וועלדער. ער האָט פערד, זיינע קינדער זיינען געלערנט. ער איז געלערנט. און איך, דיין טאַטע, מיר אַלע זיינען פּראָסטע מוזשיקעס, מען לאַכט פון אונדז, מיר זיינען אָרעם. ווילן מיר נישט זאָל זיין אַזוי...

דערמאָנט זיך גרישע, ווי ער איז אַמאָל, יאָ, עס איז שוין געווען לאַנג, לאַנג, איז ער געגאַנגען מיט דער שוועסטער וואַריען אין וואַלד אַריין נאָך יאַגדעס. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי געקליבן, געקליבן ביז די זון איז שוין פאַרגאַנגען. צוויי קריגלעך אָנגעקליבן. פּלוצים טרעפט זיי אָן אויפן וועג פאַרנדיק פאַן זיגמונד. ווי ער האָט זיי געזען, האָט ער עפּעס דעם קוטשער געזאָגט. און די קאַרעטע מיט די פערד האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַך, סאַראַ שיינע פערד! מיט גלעקעלעך... און דער קוטשער אַזאַ שלעכטער, מיט

לאַנגע וואָנצעס, איז צו צו זיי און ביי אים מיט דער שוועסטער די קריגלעך יאַגדעס צוגענומען...

— באַטקאָ, ביי מיר און מיין שוועסטער וואַריען האָט פאַן זיגמונדס קו־טשער יאַגדעס אַוועקגענומען...

סטעפּאַן ענטפערט נישט. לאָזט אַרויס אַ שווערן זיפץ.

— אוי... אוי...

ביי סטעפּאַנען אין קאָפּ הייבט אָן שווינדלען. ער פילט שוין נישט קיין ווייטיקן. נאָר אַ זיסע מידקייט צעגיסט זיך איבער זיינע הענט און פיס. ער זעט שוין נישט קיין וואַגאָן, קיין קייטן. אים דאַכט זיך, ווי ער ליגט אויף אַ פור היי און די פור וויגט זיך, וויגט זיך.

באַטקאָ, אומעטום טאָר מען נישט קלייבן קיין יאַגדעס?... אומעטום שלאָגט מען?...

ווי דורכן שלאָף הערט עס דער אַלטער סטעפּאַן.

— ניין, גרישענקע, ניין... דאָרטן נישט... דאָרטן איז גוט... פריי...

גרישקעס אויגן צינדן זיך אָן.

— באַטקאָ... ווו דאָרטן... באַטקאָ...

— אויף יענער זייט, קינדעלע... אויף יענער זייט... אוי... אוי... אוי...

זעט גרישע אַ וואַלד. יאַגדעס. פעלדער. זון. זיין שוועסטער וואַריען. דעם טאַטן, דער מאַמען. די האַנט טוט אים שוין נישט וויי. ער נורעט זיך אין סטעפּאַנען. מיט דער פרייער האַנט נעמט ער אַרום זיין האַלדז. פון די אויגן גיסן זיך טרערן.

— באַטקאָ... אַז מיר וועלן אַרויסגיין... באַטקאָ, וועלן מיר ביידע פאָרן דאָרטן... גוט... וועסט מיך מיטנעמען?... באַטקאָ!...

דאָ דערמאָנט ער זיך, אַז דער „באַטקאָ" ליגט צוליב אים. ער האָט אויף אים געערדט. הייבט אָן נאָגן זיין האַרץ. ער טוליעט זיך צו סטעפּאַנס קערפּער.

— באַטקאָ, נישט געקענט אויסהאַלטן... אַזוי ווי געטאָן... אַז איך וועל זיין אַ גרויסער, באַטקאָ... קיינמאָל מער נישט זאָגן... אויף טויט זאָלן זיי מיר דערהרגענען...

דער „באַטקאָ" הערט נישט. ער שלאָפט. פון זיין האָריקער נאָז ציען זיך לאַנגע פייפן, ווערן צונויפגעמיישט מיט גרישעס כליפּען.

קייקלען זיך די וואַגאָנעס איבער די פאַרשנייטע ווייסרוסישע פעלדער.

שניידט דורך די ווייסרוסישע נאַכט, דאָ לאַנגע, דאָ אָפּגעהאַקטע לאָקאָמאָ-
טיוו-פייפן:
— הוהוהו... הו... הו...
צייכנס אויף סטאַנציעס.

**
*

אין די נעכט האָט מען זיי געפירט.
איבער דער פאַרשנייטער ווייסרוסישער ערד.
די בעסטע זין און טעכטער פון ווייסרוסישן אַרבעטנדן פאָלק.

ב נ י מ י ן   ס ק ו ד י צ ק י

## אַ מ אָ ל   א י ן   אַ   נ אַ כ ט

אַמאָל אין אַ נאַכט פלעגט זי אים זען.

אַמאָל, ווען די נאַכט האָט זיך ווי אַ שוואַרצע טוך איבער דער ערד אויסגעשפּרייט אין דעם דאָרף מיט די כאַטקעס, מיט די מענטשן, קי און הינט אין אַ שטילער טויטקייט איינגעוויקלט, פלעגט ער זיך קומען צושלעפּן.

ער פלעגט קומען פון ווייט, פון דער ווייטער און בלאָטיקער פּאָלעסיע.

ווי אַ שאָטן, שטיל, פלעגט ער דורך דעם ליידיקן דאָרף זיך דורכשאַרן און צו איר אין כאַטע אַריינגיין.

ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן.

אין יענער נאַכט פלעגט ער זען אַ שלאָפנדיקן זיין בלוי־אויגיקן פּעטיען, וועמען אויף „קרעשטשעניע“ ווערט פולע זעקס יאָר.

און אין יענער נאַכט פלעגט אים כריסטיניע צו זיך אין בעט אַריינגעמען און זיך איינטוליענדיק אין אים שעפּטשען:

— איגנאַט טייערער, איגנאַט זיסער.

און ליגנדיק נעבן איר אין דער פינצטער, פלעגט ער איר אויסדערציילן וועגן אַלץ, וועגן זיין „אַרבעט“ צווישן די פּויערים, פון זייער שווערן לעבן. פלעגט פאַר איר דערציילן, וועגן דעמאָנסטראַציעס, אַרויסטרעטונגען, בונטן. פלעגט פאַר איר פאָרשטעלן און צוזאָגן אַ שיין און אַ נייעם לעבן, אין וועלכן ער, איגנאַט, וועט שוין נישט דאַרפן מער זיך אויסבאַהאַלטן און זיי וועלן לעבן גליקלעך: פּעטיע וועט זיך לערנען; ערד וועלן זיי האָבן גענוג און די ערד וועט געבן ווייץ, קאָרן, קאַרטאָפל... קי וועלן זיי האָבן, וועלכע וועלן געבן מילך... און עס וועט זיי זיין גוט און דעם גאַנצן דאָרף זייערן וועט אויך זיין גוט...

— אָט וועט זיין גוט... כריסטיניטשקע, אָט וועט זיין גוט...

און פון די רייד פלעגט כריסטיניעס קערפּער אַ וואַרעמע ליבע אַרומ-

כאַפּן. די שרעק „טאָמער כאַפּט מען אים" פלעגט פאַרשווינדן. זי האָט גע-
פילט, אַז איר איגנאַט איז אַ שטאַרקער, גאָר אַ שטאַרקער, פלעגט זי זיך
צורוקן צו אים נאָך שטייפער און שעפטשען:

— איגנאַט טייערינקער, נעם מיך מיט. נעם מיך דאָרט...

און איגנאַט פלעגט דערציילן און דערציילן.

און ווען די פינצטערניש אין כאַטע האָט זיך נאָך מער געשוואַרצט,
און הינטער די פענצטערלעך האָט דער ווינט אויף אַ טויער אַ הילצערנעם
אין אַן אָפּגעריסענעם ברעט געקלאַפּט, פלעגט זי אים איבערגעבן אירע נאַקע-
טע פולע בריסטן אָנגעקליבענע פאַר דער גאַנצער צייט מיט ליידנשאַפט...

נאָר אָט האָט זיך הינטער די פענצטערלעך טאָג געשאַריעט און אַ גרוי-
גרויענקער פּאַס ליכטיקייט האָט זיך אין כאַטע אַריינגעשאַרט. אַ האָן האָט
אומעטיק ערגעץ־ווו געקרייט, פלעגט כריסטיניע זיך אויפכאַפּן. אין האַרצן
האָט טאָג געשראָקן. פלעגט זי טרייבן איגנאַטן:

— שטיי אויף, איגנאַט טייערינקער, גיי שוין אַוועק, לעבן מיינער, און
קום וואָס גיכער צוריק.

פלעגט איגנאַט גיך פון בעט אַראָפּשפּרינגען. פון אויסגעמאַטערטן פּנים
האָט שרעק אַרויסגעקוקט. שנעל, די סערמענקע אויף זיך אַרויפגעוואָרפן,
די לאַפּטשעס, ווי נישט ווי, אויף גיך פאַרציען און וואַרפנדיק אַ בליק אויפן
שלאָפנדן פעטיען, גיך, שטיל פון כאַטע זיך אַרויסשאַרן.

און נאָך יעדן אַוועקגיין זיינעם, פלעגט כריסטיניע פאַר דער איקאָנע
צונויפפלייגן די הענט און בעטן פאַר איר איגנאַטן, אַז קיין שלעכטס זאָל
מיט אים נישט טרעפן, ער זאָל אַ געזונטער צו איר צוריקקערן און טרערן
זודיקע פלעגט זיך אויף דער פאָדלאָגע קייקלען און קייקלען.

און אַזוי האָט געלעבט כריסטינע מיט איגנאַטן.

ער — אַ פאַרוואָרפענער אין דער ווייטער און בלאָטיקער פּאָלעסיע.

זי — מיט פעטיען אין דער אָרעמער כאַטע ביי דער שטיקל אָרעמער
ערד.

נאָר אַמאָל, אַמאָל, ווען נאַכט פלעגט די ערד אין אַ שוואַרצער טוך פאַר-
וויקלען, דעם דאָרף מיט די כאַטקעס, מענטשן, קי און הינט, אין שווייגן
איינהילן — פלעגט ער זיך קומען צושלעפּן.

ב נ י מ י ן  ס ק ו ד י צ ק י

## ק א ס אָ ו ע

דער טאָג איז אָנגעקומען.

און אין יענעם פרימאָרגן האָט אַ זון אַ ליכטיקע זיך צעגאָסן איבער די צעבראַשטשעטע, פאַרשנייטע וועגן. האָט אַריינגעקוקט דורך די קליינע פאַרפרוירענע פענצטערלעך אין די כאַטעס אַריין און פריילעכדיק אין מו-זשיקישן האַרץ אָנגעקלאַפּט:

— אַרויס.

און אין יענעם פרימאָרגן איז אַ קראָ אַ שוואַרצער איבער די דערפער דורכגעפלויגן און דער קאַלטער לופט דורכגעשניטן:

— קראַ... קראַ... קראַ...

— אַרויס.

און מען איז אַרויס.

אין פעלצן, געלע, רויטע, אין לאַפּטשעס די פיס איינגעוויקלט, אויף די קעפּ פאַרשידנקאָלירטע טיכלעך, זיך געלאָזט איבער די וועגן.

אין קאַסאָווע.

פון פראָסט האָבן די פאַרשנייטע ביימער געקנאַקט. אונטער די פיס האָט די ערד געסקריפּעט. זאַלפּן שטעכיקע שנייען האָבן זיך, ווי זאַמד, אין מוזשיקישע גרויע, בלויע אויגן געשאָטן און באַזילבערט די פויערשע גרויע וואָנצעס און בערד.

און מען איז געגאַנגען און געגאַנגען.

אַלטע, יונגע, באַבעס, קינדער.

אַלע מיט איין געפיל אין האַרצן, מיט איין ווייטיק.

— פּראָטעסטירן.

אַהין, צום מאַרק-פּלאַץ.

אָט דאָרט, צווישן די צוויי שורות קראָמען, קעגנאיבער דעם קלויסטער,

וועלן זיי זייער וווּטיק אויסשרייען. אָט דאָרט, אין דרויסן אויפן פאַרפרוי-רענעם ברוק, וועלן זיי זייער פּיין און צאָרן אויסגיסן.

זאָל בלוט גיסן! זאָל גיסן! שוין אַלץ איינס!

צווישן די צוויי שורות קראָמען, ביי וועלכע יידענעס אויף פּייערטעפּ האָבן זייערע פאַרקילטע ביינער געוואַרעמט, זיינען זיי שטיין געבליבן.

מען האָט זיך געזאַמלט.

און פון מינוט צו מינוט איז די מחנה געוואַקסן. זיך צעשפּרייט איבער דעם ברייטן ברוק, שוין דערגרייכט די טראָטואַרן.

אַ פאַרגליווערטע אין וואַרטן איז די מאַסע געשטאַנען.

און זון האָט געלויכטן איבער רויטע און געלע פעלצלעך און פאַר-שידנקאָלירטע טיכלעך. און ווינט האָט מיט שטעכיקע שנייען כּון דעכער געשאָטן.

שטיל איז געווען, שטיל, שטיל. ווי ערב אַ שטורעם.

נאָר הערצער האָבן זיך געשאָקלט, געקלאַפּט:

באַלד, באַלד.

— פּלוצלינג

האָט געגעבן אַ שניט דורך די קאַלטע לופט אַ שטאָלענער קלינג און האָט זיך צעקייקלט אין דער גרויער מאַסע.

— טאָ-וואַרי-שי!

האָבן זיך געגעבן אַ צינד־אָן טויזנטער הערצער, האָבן זיך געגעבן אַ וויג טויזנטער קעפּ, ווי אַ כוואַליע אויפן ים. און די מאַסע, ווי אַ ווילדע, הונגעריקע חיה האָט געגעבן אַ שפּרונג און אַ רעווע געטאָן:

— הוראַ... הוראַ... הוראַ...

און, ווי אַ בליץ אין אַ פינצטערער נאַכט, האָט אַ בליאַסק געטאָן אַ בלוט-רויטע פאָן, זיך געגעבן אַ וויג אַרויף און אַראָפּ איבער די פיל-טויזנט-קעפּיקע, און קאַלטע ווייסע ווערטער זיינען אין קאַלטן חלל געבליבן הענגען:

— ניכאַי זשיווע בעלאַרוס!

און פון טויזנטער פויערישע אָנגעווייטיקטע הערצער האָט זיך אַרויס-געריסן:

— ניאַכאַי זשיווע...

און —

— פּלוצלינג

די מאַסע אַרומגעהילט. ווי פון קנוילן רויך האָט זיך צעוואקסן און — טראַק... הורא... טראַק...

די מאַסע האָט זיך געוואָרפן, געשליידערט אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, מיט ווילדע קולות גערעוועט, געברומט:

— הורא... הורא...

זי האָט זיך געוואָרפן אונטער די פערד. געכאַפּט פאַר די גריוועס. זיך געקייקלט אויפן שניי.

מיט אַמאָל זיינען די קולות פאַרשטיקט געוואָרן. אַ ליידיקער מאַרק-פּלאַץ.

און אין דער ליידיקייט האָט זיך געוואַלגערט אַ פויעריש היטל מיט אַ צעריסן קאָלירט טיכל.

וויטער, נעבן רינשטאָק — פיר טויטע פויערשע קערפּערס.

און פיר געלע פּעלצן.

און זון האָט איבער זיי געלויכטן. און ווינט האָט פון דעכער שטעכיקע שנייען אַראָפּגעטריבן און אויף זיי געשאָטן.

אַ שווערע פוסטקייט איז איבערן מאַרק געהאנגען.

און אַ בלייערנער הימל האָט פון דער הויך אַראָפּגעקוקט.

פון אַ גאַנץ לעבן

# ביינאַכט

איצט האָט געדאַרפט אָנקומען אָט דער ישרעקלעכער מאָמענט פאַר וועלכן זי האָט זיך די גאַנצע צייט אַזוי געשראָקן און געהאַסט. זי האָט זיך נאָך אײנגאַנצן נישט אויסגעניכטערט פון דעם משונהדיקן, ווילדן, שיכורן קאַראַהאָד, וועלכער טראָגט דעם נאָמען: חתונה. דער קאָפּ האָט איר ווייגעטאָן, געוועזן שווער, און אינעם קערפּער האָט זי געפילט אַ שווערע מידקייט, ווי נאָך אַ שווערער אָנגעשטרענגטער אַרבעט. וואָס אַ מינוט, אַ שעה מערער, אַלץ דייטלעכער, קלאָרער פלעגט איר ווערן דער געדאַנק, אַז זי איז צו אים צוגעבונדן, אַז זי איז זיין ווייב, און ער — איר מאַן; זיי געהערן אײנער דעם צווייטן, זי מוז זיך אים איבערגעבן מיט אַלץ: מיטן קערפּער און מיט דער נשמה. און וואָס בעסער זי האָט עס פאַרשטאַנען, אַלץ שטאַרקער, מיט מער קראַפט, פלעגט זיך דערוועקן צו אים אַ געפיל פון עקל און האַס. דער געדאַנק, אַז זי וועט זיך קענען איבערגעבן אַ מענטשן, וועלכן זי האָט נישט ליב, פּשוט, פיינט; דערלויבן אים טאָן איבער איר, וואָס נאָר ער וויל, האָט זיך אײנגעגעסן אין איר מוח און ווי אַ פליג געדראָטשעט. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט אַרויסטרייבן פונעם קאָפּ אָט דעם געדאַנק, נישט טראַכטן וועגן אים, זיך אײנשמועסן מיטן ווערטל: „וואָס וועט זיין, וועט זיין", אָבער דאָס איז געווען אוממעגלעך. ביי יעדן קוק אויף אים, פלעגט זיך איר פאָרשטעלן דער מאָמענט מיט אַלע זיינע פּרטים, ווי ער לאַשטשעט זיך צו איר, ווי אַ הינטל און זי אויף זיינע לאַסקעס ענטפערט אים גאָרנישט. ביי אַזאַ פאָרשטעלונג פלעגט איר אינעם מויל ווערן טרוקן, זי פלעגט דערפילן אַן איבל.

ס'איז שוין געווען איין טאָג נאָך דער חתונה, און היינט ביינאַכט האָט זי געוווסט, וועט געוויס אָנקומען אָט דאָס עקלהאַפט-חיהשע צונויפפאָרן זיך. זי האָט געוואָלט דעם מאָמענט שוין אַדורכמאַכן, אים וואָס גיכער איבער-

קומען: „פּטור ווערן און אַ סוף". זי האָט זיך געפונען אין אַ לאַגע פון אַ מענטשן, וואָס וואַרט שוין לאַנג אויף אַ געריכטס-אורטייל: „אַן עק, זאָל זיין צוויי יאָר, פינף יאָר, און שוין וויסן, וואָס און ווען".

זי האָט אים נאָך פיינט געהאַט בשעת ער האָט זיך צו איר געשדכנט. נאָר חתונה האָט זי געהאַט מיט אים צוליב דעם אָנשטיין פון אירע עלטערן, וועלכע האָבן איר דאָס האַרץ געזעגן ביז וואַן עס איינגעזעגן.

— גיי אַרויס, חנה'לע, פאַר אים — פלעגן זיי טענה'ען — ער איז רייך, מיין קינד, אונדז איז שלעכט, אפשר וועט אונדז דורך דעם בעסער ווערן. וועסט צוליידן אַ ביסל, מיין קינד, וועסט אים שפּעטער ליב באַקומען.

און אין שטוב איז טאַקע געווען שלעכט. דער טאַטע נישט פאַרדינט. די מאַמע קראַנק. פינף מיידלעך, איינע הינטער דער צווייטער, אַלעמען דאַרף מען חתונה מאַכן. דער דלות פון אַלע ווינקעלעך פייפט. קיין דירה-געלט מיט וואָס צו באַצאָלן איז נישטאָ. זייער שלעכט. און אָט האָט ער זיך באַוויזן: אַ נידעריקער, אַ גראָבער מיט אַ פעטן פּנים און אַ סך געלט. אַ סוחר: האַנדלט מיט לעדער. אַ באַלעבאָס: פאַרמאָגט אַן אייגן הויז מיט אַ גאָרטן. אַן אַלמן: באַגראָבן אַ יונג ווייב, קיין קינדער מיט איר נישט געהאַט. צוגעזאָגט איר גליקן...

— נישקשה — פלעגט ער טענהן — ס'וועט דיר זיין גוט פאַר מיר, וועסט זיך צוגעוווינען צו מיר, וועסט מיך ליב קריגן.

אַזוי האָט זי זיך געלאָזט איינריידן און אַ חופּה געשטעלט.

די גאַנצע צייט האָט זי געשוויגן. קיין איין וואָרט וועגן דעם נישט אויסגערעדט. אַזוי, ווי נישט וועגן איר האָט מען גערעדט, נאָר וועגן אַן אַנדערער, אַ ווילד-פרעמדער. זי האָט זיך איבערגעאַנדערש: חושכ'דיק געוואָרן. די ליפּן צונויפגעקוועטשט, טרוקן. דאָס פּנים בלאַס. אונטער די אויגן בלויע רינגעלעך, אויסגעלאָשן. פלעגט זיצן גאַנצע טעג ביים פענצטער, אָנגעשפּאַרט אויף דעם ברעטל און אין גאַס קוקן. נישט טראַכטן, קוקן, ווי מענטשן גייען, גייען, פליען. אַנדערע — לאַנגזאַם, אַנדערע — גיכער, אַנדערע — נאָך גיכער. יעדער האָט זיין געשעפט, זיין באַשעפטיקונג. פורן פאָרן. פערד דרייען מיט די וויידלען. בהמות ראָוען. די זון שיינט. הייס. דער הימל ריין, לויטער. קינדער ווייגען, לאַכן, שפּילן זיך. עס איז פריילעך. אויפן האַרצן ביי איר איז עפּעס האַרט, שווער, ביטער, ס'דריקט. אין האַלדז שטיקן טרערן — ענג.

ערב דער חתונה האָט זי זיך אויפגעהאַלטן גוט: די געפילן דערשטיקט און אַרויסגעוויזן אַ פריילעכע מינע. געלאַכט קונציק, געמאַכטערהייט. באַ־וויזן, אַז זי איז צופרידן. נאָר ווען די געפילן פלעגן זיך נישט לאָזן דער־שטיקן, פלעגט זי פון שטוב אַרויסלויפן, הינטער דעם שטאַל זיך שטעלן, אָדער אין אַ צימער זיך פאַרשליסן און זיך גוט אויסוויינען און עס פלעגט איר ווערן גרינגער, לייכטער. אָפּווישן גיך מיט אַ נאָזטיכל די אויגן, אַרויפּ־ציען אויף די ליפּן אַ שמייכל און צוריק צו די מענטשן אַריינלויפן. זיך געלאָזט פירן, ווי אַ קעלבל צו דער שחיטה. אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: אַלץ איינס ווער מען שטאַרבן. אַלע וועלן שטאַרבן: ער, זי — די אומגליק־לעכע און יענע, אַנדערע — די גליקלעכע.

* * *

ביינאַכט איז דער שרעקלעכער מאָמענט געקומען. אין דרויסן איז געווען פינצטער. סוף חודש. וואַרעם. געלעגן זיינען זיי אין באַזונדערע ניקלנע בעטן. ווייך. אויפן טיש אַ נאַכט־לעמפּל געשטאַנען. געלעגן באַזונדער. ביידע געוואַרט. איינער אויף דעם צווייטן. מינוטן ווי שעהן, שעהן ווי טעג. שטיל. אין צימער עטוואָס טונקל. עפּעס שפּינט זיך צווישן די ווענט, עפּעס וועבט זיך. אַ ניי לעבן? עפּעס דאַרף פאַרקומען. וואָס?...

איכי... איכי... איכי...

דאָס הערט זיך זיין הוסט: אַ געמאַכטער הוסט. אַ רמז נאָך איר, נאָך דעם קערפּער, וואָס ליגט אין דער צווייטער בעט.

זי ליגט אויסגעצויגן. די אויגן צוגעמאַכט. כראָפּעט: אַ געמאַכטער כראָפּען. קלערט: זאָל ער שוין אַריינגיין, אַן עק. זאָל ער שוין טאָן, וואָס ער וויל. פּטרן, און אַ סוף. וואָס ליגט ער?

ס׳ציען זיך מינוטן, שעהן...

אַ ווייסער שאָטן זיך דורכגעשאַרט. דאָס פייער אויף דעם טישל זיך אויסגעלאָשן. ער אין אַ זייט פאַרשוווּנדן.

זי איז געלעגן.

— דו האָסט מיך ליב? — הערט זי צוזאַמען מיט זיין אָטעם זיין גראָבע שטים.

זי שווייגט. עפּנט פּאַמעלעך, פויל די אויגן. זעט, ווי ער שטייט אַראָפּ־געבויגן צו איר. זיינע אויגן ברענען, בעטן זיך...

— האָסט מיך ליב, חנהלע?

קען נישט ענטפערן. וויל אויסשרייען: ניין, קיינמאָל — קען נישט. ס׳האַרץ פאַרקלעמט. ס׳שטיקן טרערן. שווייגט.

שטיל. רואיק. פאַרביי די פענצטער אין דרויסן ציען זיך שאָטנס ברייטע פון ביימער, צווייגן שאָקלען זיך, טרייסלען זיך, ווי לולבים.

— דו וועסט מיך ליב האָבן! — דערהערט זי אַ שטים פול מיט אויפרעגונג און כעס. און פּלוצלינג דערפילט זי נעבן איר זייט אַ הייס לײדנשאַפטלעכן קערפּער. זי גיט זיך אַ צאַפּל: „אָט איז דער מאָמענט". זי דרייט זיך צונויף ווי אַ מייזל. זי וויל שרייען, זי קען נישט. זי פאַלט ערגעץ אַראָפּ, אַראָפּ... טיפער... טיפער... פאַלט... פאַלט... אָט, אָט ווערט זי צעזעצט, צעשמעטערט... עפּעס שטיקט מען זי... מ׳דריקט זי... מ׳קושט זי... אַרום איר איז פינצטער... אירע פיס זיינען אין עפּעס פאַרפּלאָנטערט... דאַכט זיך, ווי אין נאָך אַ פּאָר פיס... אויפן האַרצן שווער, ווי אַ משא ליגט... עפּעס רוישט און כאָרכלט... פאַר די אויגן פליען פייערלעך אַלערליי: בלויאינקע, ווייסינקע, געלינקע... אַ סך, אַ סך... ס׳איז הייס... ס׳ברענט... פּלוצלינג... אַראָפּגעפאַלן... גרינג. לייכט. עפנט די אויגן: פינצטער... ווו איז זי?... וואָס טוט זיך מיט איר?... עפּעס נעבן איר אַ קערפּער ליגט און כראָפּעט געשמאַק... זי קוקט זיך צו אים צו... דערקענט אים... אַהאַ!... שוין געענדיקט?... שוין נאָך אַלעם?... מער וועט עס שוין נישט זיין?...

פּלוצלינג גיט זי אַ ציטער. ס׳איז איר געוואָרן קלאָר, פאַרשטענדלעך:

— מ׳האָט מיין קערפּער געשענדעט!

זי הייבט זיך גיך אויף. וואַרפט אויף זיך אַרויף אַ קאַפּאָט און לויפט. זי הערט עפּעס, ווי שטימען לאַכן, שרייען, קייקלען זיך נאָך איר:

— מ׳האָט היינט, נאָר וואָס, דיך געשענדעט!

— מאָרגן, אויך! שטענדיק! שטענדיק!

וואָס, מאָרגן?... ווייטער... שטענדיק?... זי לויפט. זי טאַפּט די טיר. אָט איז די קליאַמקע. אויפגעעפנט. אויפן הויף. אין דרויסן איז שוין גרוילעך. ס׳זעט זיך גוט, דייטלעך די דעכער פון די הייזער, די שפּיצן ביימער. אַ ווינטל אַ פרישער קילט איר געזיכט. אַ מחיה! ס׳לעשן זיך שטערנדלעך קליינינקע, בלייכינקע. שטיל. וואַרעם.

זי זעצט זיך אויף דעם בריקל. נעמט אַריין דעם קאָפּ אין די הענט

און שלאָגט אַרויס מיט אַ געוויין. כליפּעט שטאַרקער, העכער. אַ ווינט כאַפּט אויף די קלאַנגען און צעקייקלט עס אין דער לופט.

אין דער הייך, אין אַ צימער, אין איר בעט ליגט ער פון תאווה אָנגעזעטיקט און ישלאָפט געשמאַק.

אין מזרח, אויפן עק הימל, האָט זיך אַ לאַנגער, רויטער פּאַס באַוויזן און ציט זיך העכער, העכער.

שפּעטער איז די זון אויפגעגאַנגען.

סלאָנים, 9־טער מאַי 1926.

ב נ י מ י ן  ס ק ו ד י צ ק י

# פ אַ ר ר אַ ט ן

זיי האָבן זיך באַקענט צופעליק, ווי ס׳קומען פאָר מערסטנטייל באַ-קאַנטשאַפטן.

צוע־שט האָבן זיי קיין איבעריקע באַדייטונג אָט דער באַקאַנטשאַפט נישט צוגעגעבן: עס אָנגענומען פאַר אַ געוויינלעכע באַקאַנטשאַפט, ווי אַלע ביז אַהער. נאָר מיט דער צייט האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צוזיפטרעפן אָפטער: צוערשט, נישט באַוווסטזיניק, אינסטינקטיוו. שפּעטער אויסרעכנענדיק: „ווו קען מען אים טרעפן? ווו קען מען זי באַגעגענען?" און נאָך שפּעטער, זיך אָפּשטימען אַ צייט, ווען זיך צו טרעפן.

פון דאַן אָן האָט זיך די באַקאַנטשאַפט פאַרוואַנדלט אין אַ צוגעבונדנ-קייט פון איינעם צום צווייטן, און אויסגעקומען, ווי אַ נויטווענדיקייט, אַז זיי האָבן זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי האָבן זיי געקענט לעבן ביז איצט איינער אָן דעם צווייטן.

געשמועסט האָבן זיי צווישן זיך שטענדיק וועגן זייטיקע ענינים, וואָס זיי האָבן ביידע פאַרשטאַנען, אַז זיי ריידן נישט דאָס, וועגן וואָס זיי טראַכטן. נאָר וועגן וואָס זיי האָבן געטראַכט, פלעגן זיי נישט ריידן: נישט דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך געשעמט אויסגעבן די געפילן, נאָר דערפאַר, ווייל זיי איז געווען מער אנגענעם עס צו פאַרשווייגן.

שפּאַצירן פלעגן זיי אין הינטערשטע געסלעך און הינטער דער שטאָט, איבערהויפּט אין אַזעלכע ערטער, ווו קיין מענטשן גייען נישט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט אַז עמיצער זאָל פון זייער ליבע זיך דערוויסן און זיי עס צעשטערן.

זי איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן, מיטלוווקס, מיט העל-בלויע אויגן, וועלכע האָבן אויסגעדריקט גוטסקייט און ליבע. אַזעלכע אויגן קען מען טרעפן איבערהויפּט ביי באַרמהאַרציקע שוועסטער. האָר האָט זי גע-

האָט טונקל־בלאָנדע, אונטערגעשוירענע, וואָס אַראָפּפאַלנדיק אויף איר שטערן, פלעגן איר צוגעבן אַן אויסדרוק פון אַ שטיפעריש קינד.

די ליבע איז ביי איר געווען די ערשטע. ביז אים האָט זי קיינעם נישט געליבט און ווי אַן ערשטע ליבע האָט זי געליבט שטאַרק, אויפריכטיק, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיינמאָל אַ רעכענונג וועגן דעם. פלעגן זיך טרעפן טעג, ווען זי האָט אים נישט געזען, איז זי געווען אויף אים איפּערזיכטיק און אין כעס, נאָר, ווי ער פלעגט זיך באַווייזן, אַזוי פלעגט דער כעס אירער פאַרשווינדן און ווערן צו אים גוט, ווי שטענדיק.

אָבער — ער האָט שוין יאָ אַמאָל געליבט. נאָר דאָס איז געווען שוין לאַנג, לאַנג, גאָר אַמאָל, ווען ער איז נאָך אויף דער „פריי" געווען. געווען איז ער דאַן אַ ייִנגל פון אַ יאָר זיבעצן, אַכצן. און די גאַנצע פינף יאָר פון זיין „זיצן" האָט ער זי געליבט. נאָר גלייך דעם ערשטן טאָג פון זיין באַפרייען, ווען זי איז צו אים אַהיים געקומען זיך זען, איז מיט דעם ערשטן בליק אויף איר אויך פאַרשווונדן געוואָרן די גאַנצע ליבע, וועלכע ער האָט צו איר געפילט די גאַנצע צייט, אַזוי פאַרשוווּנדן, ווי ס׳וואָלט קיינמאָל צווישן זיי קיין ליבע נישט געווען.

אויף דער פריי האָט ער זיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין דער „אַרבעט". נישט מיט אַזאַ ברען, ווי אַמאָל, נאָר מיט מער געלאַסנקייט און אויסרעכענונג. קיין באַפרידיקונג אין דער אַרבעט האָט ער שוין נישט געפונען, נאָר עס האָט אים געצויגן צו איר.

ביז זיין באַקאַנטשאַפט מיט איר האָט אים קיין זאַך נישט אינטערעסירט, אַחוץ די אַרבעט. ער האָט פאַר זיך געהאַט איין וועלט אויסער וועלכער ער האָט קיין אַנדער זאַך נישט באַמערקט.

מיט דער צייט אָבער האָט זי אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַ שטיקל פלאַץ אין זיין לעבן. און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט זי אָנגעהויבן אַרויסצושטויסן יענע וועלט און פאַרכאַפּן אַ גרעסערן אָרט. יענע אַרבעט האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרנאַכלעסיקן און זיך מיט איר אינטערעסירן.

אויב פריער, אין דער ערשטער צייט פון זייער ליבן זיך, פלעגט ער זי פּלוצלינג איבערלאָזן און מיט אַ תירוץ אַוועקגיין, אַזוי האָט ער שפּעטער, פאַרקערט, זי איבערלאָזן נישט געוואָלט און געזוכט תירוצים פאַר זיינע חברים „אַז דערפאַר און דערפאַר האָט ער קיין צייט נישט געהאַט קומען צו זיי".

ער איז געבליבן הענגען צווישן צוויי וועלטן, וואָס יעדע האָט אים

געצויגן צו זיך. אויף איין זייט האָט זיך געפונען אַ וועלט פון קאַמף און ליידן, אַ וועלט, ווי אַ נאַכט, אַ האַרבסטיקע, אַ לאַנגע אָן אַן אָנהויב, אָן אַ סוף, און פון דער צווייטער זייט — אַ וועלט, אַ זומערדיקע, אַ ליבלעכע, אַ ליכטיקע, אַ גוטע. ער איז געשטאַנען צווישן צוויי וועגן נישט וויסנדיק אויף וועלכער ער זאָל אַוועקגיין. אוןביידע זיינען אים געווען טייער און ליב און איבערלאָזן איינעם האָט ער נישט געקענט: ס'איז אים געווען אַ שאָד. און געוווסט האָט ער, אַז איין וועג איז אַ יסורימדיקער, אַ קאַמפס-וועג. אַ וועג אַ בלאָטיקער ,אַ זומפּיקער, באַוואָרפן מיט שווערע שטיינער און שווערע זאַמדן. און ווייט, ווייט אויף אים איז פאַראַן אַ וואַנט אַ געמויערטע, אויף וועלכער ער וועט זיך דאַרפן אָנשטויסן, צעברעכן זי, צעשמעטערן... און דאַן... און דאַן... וועט אים זיין זייער גוט... נאָר עס דאַרף דויערן, לאַנג דויערן. און דער וועג איז אַ שווערער: ער איז שוין געגאַנגען אויף אים. ער ווייס, אַז פאַר אים און הינטער אים, אַזוי ווי ער, פויזען אַ סך, אַ סך חברים זיינע. און פויזענדיק, צעקלאַפּן זיי זיך אָן די שטיינער, זינקען איין דער בלאָטע, פאַלן אַריין אין די גריבער און ווערן פאַרפאַלן... און צו גיין אויף דעם וועג דאַרף מען זיין שטאַרק, געזונט. מ'דאַרף גלויבן, אַז איבער יענער וואַנט געפינט זיך אַ ניי לאַנד, אַ ניי לעבן, אַ פריי לעבן, מ'מוז זיין אויסגעהאַלטן, פאַרעקשנט. מ'דאַרף קריכן איבער די זאַמדן און שטיינער, זיי אָפּשאַרן אין אַ זייט: עס זאָלן הינטער אים קענען קריכן, ווי ער, אַנדערע, אַנדערע. און אַז זיי וועלן שוין צוקומען צו דער וואַנט דער געמויערטער, וועלן זיי מוזן אין הונגער און קעלט, אין דער פינצטערקייט בויערן אַ לאָך, דורכברעכן אַ שפּאַלט צו יענער וועלט, דער פרייער. און דאָס איז ווידער שווער, זייער שווער. נישט אַלע דערגייען צו דער וואַנט און נישט אַלע ברעכן זי דורך. הונדערטער, טויזנטער פאַלן; איניקע, שטאַרקערע דערגרייכן, גלויביקע דערגרייכן. אָבער ער איז נישט קיין גלויביקער. זינט ער האָט דערזען זי — דער צווייטער וועלט, האָט ער אין דאָרטן אויפגעהערט עטוואָס צו גלויבן.

און דער צווייטער וועג איז אַ לייכטער, אַ גלייכער, אַ ריינער, אַן אויסגעטראָטענער, אַ ליבלעכער, אַ ליכטיקער, און ער ווינקט צו אים, און רופט אים, און ציט אים צו זיך, צו זיך. פאַרשיכורט אים מיטן מיידלשן געטראַנק, מיט קערפּערלעכער תאווה, מיט ליבשאַפט און שלעפּט אים מיט געוואַלד, מיט געוואַלד.

און עס קעמפן איבער אים צוויי וועלטן, צוויי וועגן.

און ביידע זאָגן אים צו גליקן, און ביידע רופֿן צו אים:

— גיי אויף מיר! גלויב! אַ סך אַזוי, ווי דו זײַנען אויף מיר געגאַנגען. צוערשט איז שווער, זייער שווער, נאָכדעם איז גרינגער... אַנדערע, די שוואַכערע, נישט קיין גלויביקע, פאַלן, אָבער שטאַרקערע, גלויביקע דערגייען, דערגייען.... זיי צעברעכן די געמויערטע וואַנט און ברענגען אַ ליכטיקע וועלט, אַ פרייע פאַר אַלעמען, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. דו זיי שטאַרק, גלויביק!..

און די צווייטע וועלט:

— הע, וואָס דרייסטו זיך אַ קאָפּ? ווער ווייס, ווען עס וועט זיין די פרייהייט, דאָס נייע לעבן? און אַז עס וועט שוין זיין, וועסטו שוין לאַנג אויף דער וועלט נישט זיין. נאַר איינער, דו לעבסט? — לעב! כאַפּ אַריין פונעם לעבן, וואָס דו קענסט. וועסט פאַרזאַמען. קום צו מיר. ביי מיר איז גוט. איך וועל דיך אין שויס צו מיר אַריינגעמען, איך וועל דיר צערטלעך דיינע האָר גלעטן. ס׳וועט אונדז זיין אַזוי גוט, אַזוי גוט... מיר וועלן אין שלום לעבן, ווי צוויי טייבעלעך. מיר וועלן אַנטלויפן פון מענטשן. פע, די מענטשן זײַנען שלעכטע. חיות זײַנען זיי. קום צו מיר. גייט נישט דאָרט. יענער וועג וועט דיך פאַרפירן. וווּ איז חיים? וווּ איז נתן? האַ? — נישטאָ. געפאַלן. וואָס האָבן זיי אויסגעפירט? איך בין דיר אַ גוטער פריינט. גיי צו מיר! קום!

און ווידער רעדט די ערשטע וועלט:

— אַזוי? גייסט דאָרטן? — גיי! וווּ זײַנען דיינע חברים? שוין פאַרגעסן אָן זיי? זיי דאַרפן פאַר דיר אַ וועג אויסטרעטן? זיי? דו ווילסט קומען צום פאַרטיקן, צום פאַרטיקן. און דו מיינסט, אַז דיינע חברים האָבן נישט געהאַט אַזוי, ווי דו אַן אַנדער וועג — דיין וועג: דעם ליכטיקן וועג, ווי דו רופסט עס אָן. מיינסט, אַז זיי האָבן נישט געהאַט אַזוי, ווי דו, מיידלעך, געליבטע מיט בלויע אויגן? נאַר איינער! זיי האָבן דאָך אַוועקגעוואָרפן זייערע היימען, זייערע טאַטעס און מאַמעס, זייערע פרויען און מענער; זיי האָבן איבערגעלאָזט זייערע קינדער און געליבטע און אַליין אַוועק ליידן, קעמפן. פאַר וועמען, דענקסטו? פאַר זיך אַליין, מער נישט? — ניין! פאַר אַלעמען, פאַר אַלעמען, פאַר דיר אויך! פאַר דער גאַנצער מענטשהייט! זיי וועלן זיך ליידן און קעמפן און אין דער זעלבער צייט ווילסטו זיך לעבן גליקלעך? מעגסט עס טאָן? זאָג! ווילסט פאַרראַטן דיינע קאַמפס-ברידער מיט וועלכע דו ביסט

אַ שטיקל צייט צוזאַמען געגאַנגען. פאַר וועמען? פאַר דיין מיידל מיט די בלויע אויגן? יענער וועג איז דאָך נישט קיין דויערהאַפטער. ער איז דאָך אַ מינוט-דויערנדער. שוואַכע, קראַנקע מענטשן גייען דאָרט, פּחדנים גייען דאָרט. צו מיר גייען שטאַרקע, געזונטע, גלויביקע...

און די צווייטע וועלט רעדט ווידער:

— געגנוג! דו ביסט שוין געגאַנגען אויף יענעם וועג. איצט זאָלן אַנדערע גיין. רו אָפּ. אַלץ ריכטיק: איך גלויב, אַז ווען מ׳וועט דורכברעכן די וואַנט, וועט יענץ זיין גוט. אָבער, דערווייל, דערווייל...

אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג פון ראַנגלענישן מיט זיך.

טעג פון ליידן און ליבע, פון קאַמף און איפּערזוכט.

ער איז געשפּרונגען פון איין וועג אויף דעם צווייטן. זיך געוואָרפן אין ביידע וועלטן.

ער האָט געוווסט אַז אַזוי לעבן קען ער נישט. אַז אויף צוויי וועגן קען מען נישט גיין. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָך אַ טאָג, נאָך אַ חודש און עס וועט מוזן אָנקומען אַ דעצידירנדער מאָמענט, וועלכער וועט אים אָוועקרייסן פון איין וועלט און אַוועקשליידערן אויפן צווייטן וועג.

**
*

און דער דעצידירנדיקער מאָמענט איז געקומען.

ער האָט דערהאַלטן צוויי בריוולעך. ביידע פאַרקלעפּטע. איינס אין אַ פאָרם פון אַן איינפאַך צעטעלע, אין די ראַגעס פאַרשמוצט: ס׳איז געווען קענטיק, אַז עס איז דורכגעגאַנגען דורך עטלעכע הענט. דאָס צווייטע בריוועלע איז געווען אַ ריינס, אַ ראָזס: געלעגן אין אַ ראָזן קאָנווערטעלע.

דערהאַלטנדיק זיי האָט ער אַ ציטער געגעבן: ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען ידיעות פון צוויי קעגנזעצלעכע וועלטן, פון צוויי פאַרשיידענע וועגן.

ער האָט זיי אויפגעריסן.

אין פאַרשמוצטן צעטעלע איז געווען געשריבן:

„היינט פּינקטלעך 9 אַזייגער אָוונט זאָלסטו קומען אויף נ-ער גאַס. וועסט דאָרט טרעפן אַ מענטש אין אַ שוואַרצן פּאַלטאָ, איין אויג ביי אים אַרומגעבונדן מיט אַ שוואַרצן טיכל. ער איז מיטלוווקס, מיט איינגעפאַלענע באַקן. וועסט צוגיין צו אים און פרעגן: ווו איז דער וועג אויף ק. וועט ער דיר

ענטפערן: נישט אויף ק... נאָר אויף ז. — דאַן זאָלסטו מיטגיין מיט אים".

אין ראָזן בריוועלע איז געווען געשריבן:

„היינט 9 אַזייגער אָוונט זאָלסטו קומען אויף ראָג ס-ער גאַס. איך וועל אויף דיר וואַרטן". דיינע.

ער האָט דורכגעלייענטביידע בריוועלעך און אַ קוק געגעבן אויף דעם זייגער. דער זייגער איז נאָך געווען פאַר 6, אַזוי אַרום האָט ער געהאַט צו וואַרטן 3 שעה צייט.

ער האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן, וווהין זאָל ער גיין. ווידער די אייביקע פראַגע, וועלכע עגבערט אים דעם מח. ער האָט גענומען אין האַנט דאָס שמוציקע צעטעלע און האָט באַטראַכט יעדעס וואָרט. ס'איז געווען געשריבן מיט אַ בליישטיפט. די ווערטער זיינען געווען גרויסע, קיילעכדיקע, געשריבן גיך, נערוועז. קוקנדיק אויף די ווערטער איז פאַר זיינע אויגן אויפגעשווומען אַ שטיק לעבן ביז אַהער. ער האָט געזען דעם מאָנאָטאָנעם לעבן מיט זיינע ליידן און קאַמפן; דעם אייביקן, אַלטן, האַרטן וועג. ער האָט פאַר זיך געזען די ענגע צעלע מיט דער קליינער לאָך אין וואַנט, געקרייצט מיט אייזערנע, גראָבע קראַטעס, דורך וועלכע עס זעט זיך אַ קליין שטיקעלע בלויקייט... די אַלטע הילצערנע נאַרע ביי דער וואַנט פון אויוון; די אַלטע פאַרזעסענע מענטשן מיט די בלייכע פּנימער — זיינע חברים. אָט איז מ. מיט זיינע שוואַרצע, טיפע, פאַרחלומטע אויגן, פאַר וועלכע ער האָט זיך געשראָקן קוקן אויף זיי... אויגן פול צער און רחמנות אויף וועלכע קוקנדיק ווערט אויפן האַרצן אומעטיק און טרויעריק. און אָט איז פּ. מיט זיינע בלויע קינדערשע אויגן, מיט דער רוסישער באָרד, אַ קראַנקער, איבערגעלאָזט אין דער היים אַ פרוי מיט פינף מיידלעך. און נאָך, פּיל... פּיל... אַלע ליידנדע, קראַנקע, נאָר גלויביקע, מוטיקע... ס'האָט זיך פאַר אים באַוויזן די דאָזאַרצעס אין זייערע ברוינע קליידער און שטרענגע געזיכטער. יעדע קלייניקייט האָט ער געזען קלאָר, דייטלעך. ער האָט געזען, ווי אין דער ווירקלעכקייט, די עטלעכע וויאָרסט וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אויף דעם לאַנגן וועג... און די עטלעכע וויאָרסט זיינען אים געוואָרן טייער, ליב. און ווייטער גייט האָט ער זיך געשראָקן... ס'זיינען אים טייער געוואָרן די חברים, וועלכע ער האָט דאָרטן אויפן וועג איבערגעלאָזט אַליין קעמפנדיק... און גלייכצייטיק האָט זיך אים אַזוי נישט געוואָלט גיין אַהינצו, צו זיי... ווידער זיך אַריינוואַרפן אין דעם

טויטן הויז און דורשטן און בענקען נאָך אַביסעלע לופט, נאָך אַ שטיקעלע פריי...

ער האָט אָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס שמוציקע צעטעלע און גענומען אין האַנט דעם ראַזינקן.

ס'האָט געשמעקט פון אים אַ ריח פון מיידלשן פּערפיום. און דער ריח איז אַ געשמאַקער, ער האָט אים פאַרשיכורט און געפירט אין דער ביסעלע פאַר אים באַקאַנטער, אַנדערער וועלט... ער האָט געזען אַן אָוונט פון זיין באַ-קאַנטשאַפט מיט איר. ס'איז געווען דאַן שפּעט. דאַכט זיך עלף אַזייגער. יאָ, עלף אַזייגער: ער האָט זיך דערמאָנט. ס'איז געווען אויפן בריק הינטער דער שטאָט. זיי זיינען געווען זאַלבאַנאַנד. איינע אַליין. זיי זיינען געשטאַנען אָנ-געשפּאַרט אויף דער פאָרענטשע און געקוקט אַראָפּ אינעם וואַסער... אַרום זיי איז געווען שטיל, פינצטער. אונטן איז געווען אויסגעשפּרייט אַ ברייטער, לאַנגער שוואַרצער טייך, און אויבן, אין דער הויך — אַ שוואַרצער הימל. קיין מענטשן אַרום זיינען נישט געווען. ביי די זייטן פון שאָסיי זיינען גע-שטאַנען עלנטע, אָפּגעזעגטעביימער. און ס'איז זיי געווען אַזוי גוט צו שטיין אין דער נאַכט און אין וואַסער קוקן. קיינער שטערט זיי נישט. זיי שווייגן. נאָר זיי פילן, ווייסן, אַז זיי געהערן איינער דעם צווייטן. זיי ווייסן, אַז די נאַכט איז מער נישט, ווי פאַר זיי אַליין באַשאַפן געוואָרן. ער וואָלט אייביק נעבן איר אַזוי געשטאַנען... נאָר... נאָר... פּלוצלינג איז ווי פון טייך אַרויס-געשווומען יענער וועג... און דער וועג האָט אים געצויגן צו זיך און די בריק מיט דער נאַכט צו זיך... און ער איז אַוועק...

וווהין זאָל ער גיין איצט?

צי צו אים, צו דער פאַרבונדענער אויג? אַוועקגיין אין דעם וועג פון אומענדלעכקייט און ליידן?...

צי צו איר, וועלכע איז אַזאַ ליכטיקע, אַ רייצנדיקע, אַ גוטע, אַ ליבלעכע?..

און היינט האָט ער געוווסט ווערט עס פאַרענדיקט. היינט, אָדער קיינמאָל. אַז באַלד... באַלד... און ער ווערט פון איין וועלט אָפּגעריסן...

און פּלוצלינג איז ער געוואָרן אין כעס אויף דעם ציפער 9. דער 9 איז שולדיק. „האָלט זי שרייבן 8, 7, 6?“. ווען ער קען, וואָלט ער אָפּגעמעקט פון ציפערבלאַט דעם 9. זאָל זיין 10. און דאַן וואָלט ער גאָר קיין וועג נישט געהאַט. לעבן אַזוי, אָן אַ וועג. נאָר, ווי אַזוי? אָן אַ וועג קען מען דאָך נישט לעבן. אפשר, זאָל ער גיין צו איר און זאָגן אַז „איך קען היינט נישט“... „איך

האָב קיין צייט..." „זאָל זיין מאָרגן..." און וואָס וועט זיין מאָרגן? וואָס וועט זיין דאַן אויב ער וועט ווידער אַזאַ צעטעלע באַקומען?

ער האָט אַ קוק געגעבן אויף דעם זייגער.

דער גרויסער ווייזער איז געשטאַנען אויף 11 און דער קליינער — אויף 9. נאָך 5 מינוט... נאָך 5 מינוט און עס ווערט געענדיקט...

שרעקלעך. שרעקלעך...

פלוצלינג האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן. ער האָט אינסטינקטיוו, גיך אַרויפ־געוואָרפן אויף זיך דעם פּאַלטאָ, אַ כאַפּ געטאָן אין האַנט די הוט און אַרויס־געלאָפן אויפן גאַס. אין דרויסן זיינען שנייעלעך געפאַלן און געגעצט זיין פּנים. ער איז געלאָפן מיט גיכע טריט, ווי ער וואָלט פון עפּעס אַנטלאָפן. אומדרייען האָט ער זיך מורא געהאַט. פלוצלינג האָט ער זיך געזען אויף איר גאַס. ער האָט עס דערקענט נאָך דעם ברונעם, וואָס שטייט אין אַ זייט־גאַס. זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן גיך, שטאַרק. ער איז צוגעלאָפן נאָך עטלעכע טריט און ער האָט זי געזען פון ווייטן אין אַ בלויען מאַנטל, אַ שמייכלדיקע, אַ צופרידענע...

אַז ער איז צו איר צוגעגאַנגען האָט ער גאָרנישט גערעדט. ער איז שטיל, שווייגנדיק, הכנעהדיק אויף אירע פּלייצעס אַרויפגעפאַלן. און אַז ער האָט דערפילט אויף זיינע בלייכע באַקן אירע הייסע, ליידנשאַפטלעכע קושן, האָט ער צומאַכנדיק די אויגן געזען, ווי אויף אַ ווייטער גאַס, שפּאַצירט אַ שוואַרצער סילועט מיט אַרומגעבונדענעם אויג. גייט מיט נערוועזע טריט הין און צוריק, שפּייט פון כעס און רעדט ווי צו זיך: „טשאָרט יעהאָ פּאָדיערי", „טשאָרט יעהאָ פּאָדיערי".

סלאָנים, נאָוועמבער 1926

ב נ י מ י ן  ס ק ו ד י צ ק י

# „ד ע ר  מ י ל י אָ ן"

נאָך די אַלע מלחמות, מגפות, שרפות, וואָס דאָס שטעטל ס. האָט איבער־געלעבט פאַר די לעצטע צען יאָר, האָט זי אַמענדע אָנגעהויבן קומען צו זיך. אָרדענונג איז שוין געווען. די „פּוילישע" האָבן זיך שוין איינגעזעצט. יידן האָבן אָנגעהויבן צו דערהאַלטן פון אַמעריקע בריוו, פּאָסילקעס. דעלעגאַטן פון יענעם זייט ים, מיט געלט לעדערנע פּאָרטפּעלן אונטער די אָרעמס, האָבן זיך אין שטעטל אַרומגעדרייט, געלט געטיילט, אַסיפות אין שול גערופן, באַ־ריכטן און גרוסן פון דאָרט אָפּגעגעבן. קרעמלעך האָבן זיך ווידער געעפנט, און, ווי אַמאָל האָבן יידענעס אין אַלטע, פאַרשמעלצטע קליידער און יידן אין קאַפּאָטעס, גלאַנציקע, איבער פייער־טעפּ אין טירן געזעסן און קונים פאַר די אַרבל געשלעפּט. האָבן זיך, ווי אַמאָל אין קאַראַקולענע פוטערס, גרויסע וואַלד־סוחרים באַוויזן. הייזער נייע מיט רויטע, גרינע פענצטערס ווו־ניט־ווו, אויף אָפּגעברענטע פלעצער אָנגעהויבן צו שפּראָצן און דאָס שטעטל האָט אָנ־געהויבן צו שיינען, ווי אין אַמאָליקע צייטן. דאַן האָט שטאָט זיך פאַרטראַכט אויף דעם גורל פון די, וועלכע האָבן קיין געלט און קיין בריוו פון אַמעריקע בײַשט באַקומען און האָבן זיך, ווי פריער אין די שולן און בתי־מדרשים געוואַלגערט.

האָט קהילה גערופן אַן אסיפה נאָך אַן אסיפה, איינגעלאַדן צו צוויי באַ־לעבאַטים פון אַ שול צוזאַמען מיט די טובי־העיר: די וואַלד־סוחרים און אַזוי חשובע באַלעבאַטים און באַשלאָסן אויסבויען אַ הויז פאַר די נשרפים. פּלאַץ פאַרן הויז האָט שטאָט געגעבן, די וואַלד־סוחרים האָבן האָלץ מנדב געווען; ר' הירש, דער אייזן־סוחר האָט, אויף „קרן" שמידאַכץ געלאָזן. די דעלעגאַטן האָבן אויך עפּעס געשענקט, און די קהלה אַליין האָט פון איר קאַסע — איין מיליאָן מאַרק אויסגעטיילט און אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז אויף איינע פון די הינטערשטע גאַסן אין שטאָט געשטאַנען אַ לאַנגע נייע הויז מיט רויטע

פענצטער, ענלעך צו אַ קאַזאַרמע, נאָר מיט אַ הילצערנעם מגן-דוד אין שפּיץ און מיט אַ רויט ברעטל מיט ווייסע ווערטער ביים ראָג פון וואַנט: „הבית הזה שייך להגמינע בס. שנת...״ און אַזוי ווי דער קהלה האָט געקאָסט דאָס הויז איין מיליאָן מאַרק, האָט מען דאָס הויז מיט די איינוווינער אַ נאָמען געגעבן „דער מיליאָן״.

אינעווייניק איז די געביידע געווען צעמאָסטן, צעצאַמט אויף קאַמערן, גרעסערע און קלענערע. די גרעסערע קאַמערן, פאַרשטייט זיך, האָבן פאַרנומען די גרעסערע משפחות און די קלענערע — די קלענערע משפחות. אויך איז די געביידע געווען צעטיילט אויף פיר טיילן. יעדער טייל איז באַשטאַנען פון פיר קאַמערן מיט אַ קאָרידאָר. יעדער קאַמער האָט געהאַט איר באַזונדערן אַריינגאַנג, איין פענצטער און איין אויוון צום קאָכן און צום באַקן. אַלע קאַמערן זיינען געווען אויסגעקאַלכט און זיי האָבן איין אויסזען. די גאַנצע געביידע האָט געהאַט פיר קאָרידאָרן, צו פיר קאַמערן און איין קאָרידאָר. אַזוי אַרום האָבן דאָרט געזאָלט וווינען זעכצן פאַמיליעס, און ווי דאָס הויז איז געווען צעטיילט, אַזוי איז אויך געווען צעטיילט דער שטאַל אויפן הויף. יעדע פאַמיליע האָט געהאַט איר שטעלכל. נאָר שותפות זיינען געווען דער בית-הכיסא און די אייזערנע פּאָמפּע, וואָס פלעגט באַזאָרגן דאָס הויז מיט וואַסער.

ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק זיינען אָראָפּגעקומען יידעלעך מיט שוואַרצע פוטערלעך, מיט פאַרדרייטע אין אַ זייט קאַפּעליושעלעך, געמאַכט מיט די הענט, געקייט זייערע פאַרשיידנקאָלירטע בערד, געטאַפּט די ווענט, באַקוקט די שטאַל, די פּאָמפּע, דעם קלאָזעט און צופרידענע אַוועקגעגאַנגען. און אויף מאָרגן נאָך זייער באַטראַכטן, האָבן שוין יידענעס אַלטע, אויף רוקנס אויסגעבויגענע, פערינעס מיט קישנס געטראָגן, בחורימלעך בלייכע, אויף שליטעלעך, אַלטע שמאָכטעס געפירט, און מיידלעך מיט הוילע רויטע פיס, פון פראָסט אָנגעפרוירענע אין גרויסע טאַטנס שטיוול, פריילעך געלאָפן און אין די הענט מעשענע לייכטערס געטראָגן. ביים אַריינקלייבן זיך, זיינען ווידער די זעלבע יידעלעך אַראָפּגעקומען, ווידער מיט די הענט געמאַכט, די בערד געקייט, די ווענט געטאַפּט, איינגעטיילט די פאַמיליעס זייערע היימען און בעת-מעשה רעדעס געהאַלטן, ווי מ׳זאָל זיך האַלטן ריין, שאַנעווען די דירה, זיך נישט קריגן, געגעבן צו פאַרשטיין די טירחה פון דער קהלה און דאָס גוטע האַרץ פון די וואַלד-בוחרים. האָבן יידענעס, פון שמחה, די אויגן געריבן און יידן די נעזער מיט די אַרבל געווישט און באַדאַנקט און גע-

שאָקלט מיט די קעפּ. און קינדער זיינען שוין אין שטאַל געווען, אויף דעכער געקראָכן און זיך געשלאָגן צווישן זיך. און שפּעטער ווען די קאָמיסיע איז אַוועק, זיינען די שכנים איינע צו די אַנדערע אין די וווינונגען אַריין, באַטראַכט דעם צווייטנס וווינונג, זיך באַקלאָגט אויף דעם „פּינצטערן לעבן“ און מקנא געווען אין האַרצן דעם צווייטנס קאַמער. אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן איז יעדע פאַמיליע צו זיך אַהיים אַוועק און זיך שלאָפן געלייגט.

# א לעבן אַזאַ

מ. ל. — א מתנה

די באגינענס, וועלכע זיינען נאָך געווען בלוילעכע און קילע, און זיינען געווען אַזוי ענלעך איינער צום צווייטן, אַז ס׳האָט זיך געדאכט, ווי איין לאנגער, בלוילעכער באגינען ציט זיך — די באגינענס פלעגט חיים בארגער פטר׳ן אויף צו זוכן ארבעט.

חיים בארגער איז א שניידער, און שוין עטלעכע וואָכן, ווי ער איז ארויסגעפאלן פון א פלאַץ און געוואָרן ארבעטסלאָז.

און כאָטש ער איז שוין דאָ, אין לאנד, א יאָר פיר, קען זיך שוין אויס־טענה׳ן אויפן היזיקן לשון, ווייס שוין אלע „קונצן״, מיטלען ווי צו זיין פון די „ערשטע״ ביי דעם אָרט, וווּ „עס פאָדערט זיך״, און כאָטש ער איז א פאַכ־מאַן אויך נישט קיין שלעכטער — דאָך איז אים אומעגלעך צו באקומען א פלאַץ. קען זיין, אַז שולדיק אין דעם איז זיין אויסערלעכער אויסזען: חיים איז א קליינגעוווקסיקער און דארער, מיט א בלייך אויסגעמאַטערט פנים, מיט א רוקן, וואָס איז אויסגעבויגן פון זיצן שטענדיק איבער דער נאָדל, און מאכט אים נאָך נידעריקער און גיט צו זיין אויסזען א דערשלאָגנקייט. נאָר אויגן האָט חיים בלויע, און זיי זיצן ביי אים טיף איינגעגראָבן, פון ווייטנס זעען זיי אויס, ווי שוואַרצע. אַז מען קוקט אין זיי, דערפילט מען, אַז דאָרט ליגן באהאלטן עקשנות און קראַפט. עס דאכט זיך, ווי אָט די אויגן באוועגן עס מיט דעם גאנצן דארן, קליינעם גוף און גיבן אים צו א שטאַר־קייט.

און אַז צווישן די גרופּקעס מענטשן פלעגט זיך אויסמישן אָט דער חיים, פלעגט ער דאָרט פארפאלן ווערן, כאָטש יענע זיינען אויך שניידער־ארבע־טער מיט אויסגעהאָרעוועטע ביינער. און אז א באלעבאָס פלעגט אין פרי־מאָרגן באטראכטן אָט די גאנצע — צונויפגעטוליעטע, ווי שעפּסן אין א רעגן

— גרופּע מענטשן, באטראַכטן זיי מיט זײַנע פאַרזשמורקעטע אויגן, אַרײַנ־געזעצטע אין פעטע בערגלעך; באַטראַכטן זיי, אַט ווי פערד־הענדלער באַ־טראַכטן אויף די יאַרידן די פערד — פלעגט ער שטענדיק אויסקלײַבן אַן אַנדערן, נישט אים. חיים׳ען. כאָטש ס׳פלעגט טרעפן (און זייער אָפט) אַז ער, חיים, איז געקומען דער ערשטער.

מעגלעך, טאַקע, אַז צוליב זײַן אויסערלעכן אויסזען, פלעגט מען אים נישט באַמערקן.

חיים האָט זייער אַ סך דורכגעמאַכט אין זײַנע 28 יאָר זײַן אויף דער וועלט. שוין נאָך פון קינדווייז אָן אַרבעט ער אויף זיך דורכצולעבן. נאָך מער, ער האָט נאָך באַדאַרפט אויסאַרבעטן ברויט פאַר זײַן קראַנקער מאַמען. דער טאַטע זײַנער איז אים אָפּגעשטאָרבן, ווען אים איז געגאַנגען דאָס 9-טע יאָר. ער איז דאַן געגאַנגען אין חדר, האָט מען אים פון חדר אָפּגענומען און אים זיך געלאָזט אַרומדרייען איבער די גאַסן. זומער־צייט פלעגט ער העלפן די יידענעס אויפן מאַרק אַרויפטראָגן און אַראָפּטראָגן די קוישן עפּל און באַרן. דערפאַר פלעגן זיי אים געבן עטלעכע קאָפּיקעס און „בראַקאָווענע עפּל״. אָט דאָס פאַרדינסט, פלעגט ער אָפּטראָגן אַהיים דער מאַמען, וועלכע איז שטענ־דיק געלעגן אין בעט. אַז ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער געטראָגן פון דער באַן פּעקלעך, פלעגט רוימען, קערן די גאַסן, פאָלגן קרעמער „אַ גאַנג־אַ״וו און אַז די מאַמע איז שוין אויך געשטאָרבן און געבליבן איז ער אַלייַן, האָט אים צוגענומען אַ פעטער, אַ שוסטער, צו זיך אין וואַרשטאַט, לערנען שוסטערײַ: פלעגט ער דאָרט גאַנצע טעג וויגן דעם פעטערס קינד און במילא שוין קיין שוסטערײַ זיך נישט אויסגעלערנט. האָט זיך איבערן „יתום״ דערבאַרעמט אַן אַנדער פרײַנט, שוין אַ שנײַדער, אים צוגענומען צו זיך, און דאָרטן, ביי דעם שנײַדער, האָט ער זיך עס אויסגעלערנט שנײַ־דערײַ... קורץ, ער האָט אין זײַן לעבן אַ סך, אַ סך דורכגעמאַכט...

און אָט דאָס מענטשל, וואָס דרייט זיך ווי אַ שוואַרץ פּינטל, מיט אַ ווײַסער צײַטונג אין אַ בלוילעכן באַגינען און טראָגט דעם נאָמען חיים באַר־גער, איז שוין „אויסגעוועזן אַ וועלט״: געווען אין דער רויטער אַרמיי און בײַם „פּערעקאָפּ״ באַקומען אַ קויל אין פוס; אָט דאָס מענטשל איז שוין אָפּגעזעסן אין אַ פּויליטער תפיסה צוויי יאָר צייט, געקריגן געשלאָגן, האָט געהונגערט און איז אַנטלאָפן פון דאָרט מיט פיר יאָר צוריק אַהער, קיין אַרגענטינע, און איז דאָ איינער פון די בעסטע און איבערגעגעבנסטע אַרבע־

טער-טוער, איז פאָרזיצער פון אַן ארבעטער-קלוב, סעקרעטאר אין אַ פּראָפ-סעקציע, אַ מיטגליד אין אַ שול-קאָמיסיע און אַ רעדאקטאָר פון אַ וואנט-ציטונג.

אמת טאקע, אז „ארויסגערוקט" האָט ער זיך אָט דאָ אין די לעצטע צוויי יאָר. ביז צוויי יאָר, די ערשטע צייט פון זיין „גרין" זיין, האָט ער זיך נאָך אַלץ נישט געקענט צופּאַסן צו אָט דעם נייעם לעבן. אַלץ איז אים אויס-געקומען ווילד און משונה'דיק. די ערשטע פינף-זעקס מאָנאטן איז ער אפילו נישט אריינגעטראָטן אין דער פּארטיי, כאָטש אינערלעך האָט ער געפילט, אז עס איז נישט ריכטיק אזא באַציאונג צו דער ארבעט. פלעגט ער אַלץ אָפּלייגן וועגן דעם פון טאָג צו טאָג, — „אָט, ער וועט זיך איינאָרדענען מאטעריעליש בעסער" — דאַן, אָט דאַן וועט ער אָנהויבן ארבעטן... אָבער אז ער האָט געזען, אז צו זיין „איינאָרדענען" נעמט נישט קיין סוף, או שוין אַזאַ לאנגע צייט, און גאָרנישט. עטלעכע וואָכן ארבעט ער און עטלעכע וואָכן רוט ער — האָט ער זיך געמאָלדן צו דער פּארטיי.

אָבער אפילו שוין זייענדיק פּארטראָטן אין קעמערל, זיצנדיק מיט פרעמדע אים אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע טענה'ן צווישן זיך אויף אַ פאַר-אים-נישט פארשטענדלעך לשון, איז אים אויך נישט געווען אינטערעסאנט. פלעגט ער די קעמערל-זיצונגען פיל מאָל איבערהיפּן.

— ניין, — פלעגט ער צו זיך רעדן — ניין, נישט דאָס מיין איך. ס'איז נישט קיין ארבעט. אך, ווו נעמט מען דאָס אמאָליקע!...

נאָר אז ער פלעגט זיך טרעפן מיט חברים, לאנדסלייט, וועלכע האָבן זיך נאָך געקענט פון אמאָל און פיל פון זיי האָבן נאָך מיט אים צוזאמען „געארבעט" דאָרטן, פלעגט ער טענה'ן אנדערש, כאָטש אין הארצן האָט ער געפילט אַ פרעמדקייט צו דעם וואָס ער רעדט:

— וואָס? אומעטום דארף מען ארבעטן. רעוואָלוציאָנערן דארפן זיך צופּאַסן צו די געגעבענע באַדינגונגען פון יעדן לאַנד. מען דארף קעמפן...

און אז יענע פלעגן אויפּווייזן ווי דאָ „איז אמעריקע", „נישטאָ קיין קאמף", „יעדער קוקט פאַר זיך" אאַ"וו פלעגט זיך שוין חיים היצן:

— איך פארשטיי נישט, חברים, טייערע, מיר ווען נעמען, פּשוט, איר ארבעט אין טאַזשער? ווערט עקספּלואַטירט? סינדיקאטן זיינען דאָ פאראַן? סאָציאַליסטן, פארעטער, אויך? פּאָליציי פעלט נישט? קאפּיטאליסטן, ברי-דערלעך, זעט איר דאָך? איז וואָס ווילט איר? דארפן מיר קעמפן פאַר בע-

סערס... דאַרף מען, חברים, טייערע, אַריינטרעטן אין סינדיקאַטן, דאַרף מען אנטיילנעמען אין רעוואָלוציאָנערע קאמפּאניעס און אקציעס, און אזוי טאָג־טעגלעך קעמפן, ארבעטן...

אָט אזוי פלעגט רעדן חיים, און אליין האָט ער געפילט, ווי ער רעדט קעגן זיך זעלבסט. אָט איז ער שולדיק אין סינדיקאַט פאַר עטלעכע מאָנאטן מיטגלידס־אָפּצאָל און געדענקט נישט דעם טאָג, ווען ער האָט באַזוכט די רויטע פראַקציע.

האָט חיים דאַן דורכגעלעבט זייער א מאָדנע שטימונג. ער איז געהאָנגען ווי אין דער לופט. ער האָט געפילט, ווי עס בענקט זיך אים נאָך יענעם לעבן וואָס ער האָט איבערגעלאָזן אויף יענער זייט ים און געפילט אז אזא באַציאונג צו דעם איצטיקן נייעם לעבן, ווי ער האָט איצט, איז שעדלעך. אזוי טאָר נישט זיין. עס טאָר נישט. ער איז דאָך אייגנטלעך געקומען אַהער אויך דאָ ארבען...

און די טעג זיינען זיך געפלאָסן און זיך געקייטלט אין חדשים, און וואָס ווייטער האָט ער אָנגעהויבן צו ווערן אומרואיקער. ער האָט געפילט ווי ער זינקט אין עלנט, אין איינזאמקייט, און ער האָט געפילט, אז אויב עס וועט ווייטער אזוי גיין, איז ער א פארפאלענער. ער מוז איינמאָל פאַר אלע־מאָל א סוף מאכן צו אָט דעם איצטיקן מין דענקען זיינעם. האָט ער טאקע אָנגעהויבן צו באזוכן אָפטער די קעמערל־זיצונגען, האָט זיך אָנגעהויבן צוהערן אויפמערקזאמער צו דעם, וואָס עס קומט דאָרט פאָר. געוואָרן א מיט־גליד אין ארבעטער־קלוב פון געגנט, ווו ער האָט געוווינט; נישט דורכגע־לאָזט קיין זיצונג אין דער פראַקציע. און אזוי ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט ער זיך אָנגעהויבן איינלעבן אין אָט דעם נייעם לעבן — און מיטאמאָל האָט ער דערזען, אז ער איז פארשלינגען געוואָרן פון א נאָענטן ברויזנדיקן ארבע־טער־לעבן מיט פריידן און ליידן. און מיטאמאָל האָט זיך אים געדאכט, אז דאָס לעבן איז גאָר נישט קיין ניי, אז דאָס איז דאָס אייגענע לעבן, וועלכעס ציט זיך נאָך פון „פערעקאָפּ“ און „פוילישער תפיסה...

אָט דאָס איז דאָס לעבן פון חיים באַרגער דאָ אין ארגענטינע.

צו זיין ארבעטסלאָז, איז חיים שוין צוגעוווינט. ער איז, אייגנטלעך, מער אַרבעטסלאָז, ווי ער ארבעט. ער איז צוגעוווינט צו צוהונגערן אביסל; דורכ־קומען א טאָג מיט א צוויי, דריי „קאָמפּלעטאָס“, אָדער אמאָל דורכשטופּן דעם טאָג מיט עטלעכע באנאנעס אליין.

ערגער פון אלץ זיינען פאר אים די טעג. אין די טעג קען ער זיך קיין אָרט נישט געפינען. אָט איז שוין דער באַגינען מיט זיין בלווילעכער לופט צערונען. איבערן הימל און גאסן איז שוין פאַנאַנדערגעגאָסן די זון. שוין בייטאָג. ער קומט אַהיים מיט דער צייטונג. שפּאַנט עטלעכע מאָל אַדורך דעם צימער, וואַרפט אַוועק די צייטונג און לויפט ווידער אַראָפּ אין גאַס. פון צימער אַנטלויפט ער, ווייל דער צימער איז אָנגעפּולט מיט שטילקייט. פון זיינע ווענט ווייעט מיט אומעט, און אלץ צוזאמען וואַרפן אויף אים אָן א בענקשאַפט, נישט וויסנדיק נאָך וואָס און וועמען. זיין חבר׳טע מירל, וועלכע לעבט מיט אים אינאיינעם, איז ביי דער ארבעט, קומען, קומט זי ערשט אהיים זעקס אזייגער. און אין גאס איז רוישיק, טומלדיק, שפּאַנט ער איבער די גאסן, פּלאַסעס, קוקט אריין אי די וויטרינעס, די אָנגעפּילטע מיט אלדאָס-גוטס. אין גאס טרעפט ער אמאָל אָן א באַקאַנטן, וועלכער גייט צו מיטיק, פאַרבינדט ער מיט אים א שמועס, ווערט פריילעכער; באַגעגנט אמאָל א חבר אויך אָן ארבעטסלאָזן, דרייען זיי זיך שוין ביידע איבער די רוישיקע גאַסן, און אַז איינער פון זיי פאַרמאָגט נאָך אין קעשענע עטלעכע סענט און ער קויפט פאר ביידן ביי א „מאַסיטעראָ״ עטלעכע „מאַסיטעס״, איז ווערט שוין טאַקע פריילעך...

אָט דאָס איז אלץ גוט, ווען ער דרייט זיך נישט אליין, ער טרעפט אָן עמיצן. אָבער עס טרעפן טעג, ווען ער איז אליין, קיינעם באַגעגנט ער נישט. און אין דרויסן, איז קיין זון נישטאָ, דער הימל איז פאַרוואָלקנט און איבער די גאסן בלאָזט מיט אומעט און קעלט. אין צימער ביי אים איז נאָך אומע-טיקער און שטילער, איז ווו זאָל ער זיך אהינטאָן? קיין ביבליאָטעקן זיינען נישט אָפן בייטאָג, דער סינדיקאט איז איצט צוגעשלאָסן, דער פּאַרטיי-לאָ-קאַל עפנט זיך ערשט אין אָוונט, — נעמט ער עטלעכע נומערן „אינטערנא-ציאָנאַל״, „רויטער שטערן״ און גייט זיי פאַרקויפן אין די קאַפעען און רעס-טאָראַנען. אָט דאָס איז זיינער אַן אייגענער איינפאַל. און אַז אין די אָוונטן דערציילט ער עס די חברים, לאַכן זיי האַרציק.

נאָר ווען טאָג הויבט אָן ווערן אויס טאָג, די ליכטיקייט לעשט זיך, און טונקעלע שאָטנס הייבן אָן אָנצוקומען פון אלע גאַסן ווויקלען זיך אין זיי און שווארצן די נאַכט, — ווערט אים אויפן האַרצן פריילעכער. די ערשטע זאַך, וואָס ער דאַרף צו טאָן, איז: באַגעגענען מירלען פון דער ארבעט. אים דאַכט זיך, אַז ער האָט זי נישט געזען שוין א לאַנגע צייט, און כאָטש ער האָט

אין דעם טאָג גאָרנישט אויפגעטאָן, דאָך האָט ער איר זייער פיל צו דער-ציילן. נייע פלענער און געדאנקען האָבן זיך אָנגעזאמלט ביי אים אין קאָפּ. און מיט וועמען זאָל ער זיך טיילן, אויב נישט מיט מירלען. אמת, מיט די חברים באהאנדלט ער אויך זיינע געדאנקען און פלענער, אָבער מיט מירלען איז עפּעס אנדערש... אָט זיינע פּראָן, למשל, זאכן, וועגן וועלכע מיט די חברים קען ער עס נישט רעדן: ער האָט דערהאלטן א בריוו פון זיינעם און מירלס חבר פון תפיסה, אין וועלכן ער שרייבט, אז ער איז לעצטנס קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז, און ווער ווייסט, צי ער וועט שוין ארויס-גיין. פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן וועגן דעם, כאָטש יענער בעט עס נישט. ער איז דאָך ביידנס א נאָנטער חבר. אָט למשל, רוקט זיך שוין אָן דער ערשטער און מ'באדארף איינצאָלן דירה-געלט און עס איז פאראַן איינגאַנצן א צען פּעזעס... און נאָך ענלעכע זאכן...

מירל אַרבעט ווייט, ביי עטלעכע און צוואנציק קוואדרעס פון דער היים. נאָר חיים גייט זי באַגעגענען צופוס. ערשטנס, וואָס, ער האָט ניט קיין צייט זיך דורכצושפּאַצירן? און צווייטנס, וועט ער איינשפּאָרן טאַקע 10 סענט... וועלן דערפאַר ביידע פאָרן צוריק. וואָס קען ער טאָן? א שלעכטע צייט איצטער.

גייענדיק טראַכט ער וועגן זיין לעבן און מירלען. ער פילט, אז מירלען האָט ער ליב, זייער ליב. אַז מירל איז אַ ליכטיקער פּונקט אין זיין שלעכטן לעבן. דאָס לעבן זיינס איז טאַקע א שלעכטס. שטענדיק הונגערט ער צו, אפילו, ווען ער אַרבעט, איז אויך קוים וואָס עס סטאַיעט זיך דורכצולעבן. און וועלן וואָלט ער אליין אַרבעטן און פאַרדינען פאַר אים מיט מירלען. מירל זאָל כאָטש אָפּרוען אַ שטיקל צייט. מירל איז דאָך, אייגנטלעך, א שוואַכע. וואָס איז, ער דערקענט עס נישט נאָך איר הוסטן אין דער נאַכט? נאָר מאַלע וואָס ער וויל! ער וואָלט וועלן אויך עפּעס אויפטאָן פאַר מירלען א גרויסע זאך, א זאַך, וואָס זאָל איר באַווייזן זיין איבערגעגעבנקייט צו איר. אַך, ווען ער האָט אַרבעט און פאַרדינט! מירל וואָלט זיך ווייטער געלערנט, און זאָל זי זיך אָפּגעבן איינגאַנצן מיט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אז ער האָט עס אַמאָל וועגן דעם געזאָגט מירלען, האָט זיך זיך אויסגעלאַכט:

— גיי שוין, נאַרעלע, אַרבעטן דאַרפן מיר ביידע... נישטאָ קיין יחסנים...

מיט מירלען קען ער נישט דיסקוטירן. שטענדיק בלייבט זי די גע-רעכטע. ער ווייסט, אז מירל איז א קלוגע און א גוטע טוערין. ער ווייסט אויך, אז מירלען האָט מען צווישן די חבר'טעס זייער ליב. אז אומעטום

קלייבט מען זי. און דאָס, וואָס זיין מירל איז אזא גוטע און איבערגעגעבענע פּאַרטיי־טוערין און חבר'טע פרייט אים זייער.

איינמאָל האָט ער אָנגעשריבן א לידל אין דער וואנט־צייטונג, ווו ער איז רעדאקטאָר און האָט עס געווידמעט מירלען. עס איז גראד א שיין לידל געווען, אן ארבעטער־לידל, אלעמען איז עס געווען געפעלן און מירלען נאָך מער ווי אַלעמען. איז זי דאַן געווען צו אים אַזוי צוגעלאָזט און גוט, אַז איצט גייענדיק און דערמאָנענדיק זיך וועגן דעם, לעבט ער איבער נאָכאַמאָל אָט יענעם מאָמענט, און אַ זיסער גליקלעכער שטראָם צעגיסט זיך אין זיין הארץ.

נאָר מיט מירלען פארברענגט ער זייער ווייניק. ער זעט זי אפילו ווייניק, ווייל אין שטוב געפינען זיי זיך זייער זעלטן. איבערהויפּט — אין דער געזעלשאפט. מירל אקטואירט אין אינסטיטוציעס, ווו ער איז נישט אַקטיוו פארטראָטן. זי ארבעט צווישן די „פּיאָנערן" און קינדער־גרופּן. איז, אז ער קערט זיך אום אהיים, אָפטמאָל שפּעט, טרעפט ער זי שוין צומאָל שלאָפנדיק, אָדער זי איז נאָך אינגאנצן נישט געקומען. ווארט ער אויף איר און קען זיך נישט דערוואַרטן. ס'איז שוין שפּעט. פון שלאָף קלעפּן זיך שוין די אויגן און מאַרגן, דארף מען פרי צו דער ארבעט אויפשטיין, לייגט ער זיך שלאָפן. און אין דער פרי, ווען טאָג שארעט אויף, טוען זיי זיך אָן און גיך צעגייען זיי זיך, יעדער צו זיין ארבעט. נישטאָ אפילו קיין צייט זיך דורכצורעדן, און אין אָוונט, נאָך דער ארבעט, אהיים קומענדיק, איז אויך פאַראַן ווייניק צייט צו פארברענגען.

עס טרעפט, ער קערט זיך אום אהיים. עס איז שוין שפּעט. מירל שלאָפט שוין. גייט ער צו איר צו און באטראכט זי. זעט ער, ווי עס הויבט זיך אין שלאָף איר ברוסט, זי ליגט אזוי שטיל און אָטעמט שטיל, נעמט אים אדורך עפּעס א מאָדנע ליבשאפט צו איר, בויגט ער זיך איבער און גיט איר א קוש. דער קוש איז אַ שטילער, זי דערפילט אים נישט און שלאָפט ווייטער.

אמערסטן געפינען זיי זיך צוזאמען אין די זונטיק־טעג און אין פּראָ־לעטאַרישע יום־טובים. אין די טעג אַרבעטן זיי נישט. שלאָפן זיי עטוואָס שפּעטער. און זונטיק איז עפּעס א לאנגער טאָג, עס סטאַיעט אויף אַלץ. זונטיק שפּאַצירן זיי אמאָל צוזאמען, און ווען די צייט איז גוט, ביידע ארבעטן, כאַרגינען זיי זיך אַריינצוגיין אין אַ טעאַטער אָדער קינאָ. קינאָ האָט מירל ליב. זי זאָגט, אַז זי „וואָלט בעסער נישט געגעסן און געגאַנגען אין קינאָ"...

אָבער אזעלכע זונטיקן און יום-טובים זיינען זייער ווייניק. פאראן זייער א סך ארבעטן צו טאָן. אָפטער גייען זיי אין דער פרי וואָלונטירן: פאַרן „מאָפּר", פאר די שולן, פאר דער קאָמוניסטישער פּיעסע; בייטאָג אויף א פארוויילונג אין קלוב; אין די אָוונטן: פארזאמלונגען, קעסטל-אָוונטן אין פארטיי, אין קלוב, אין די שולן, — און אָט איז שוין 12 אזייגער ביינאכט, מען דערמאָנט זיך, אז מען באַדאַרף ווידער מאָרגן פרי צו דער ארבעט אויפשטיין, איז גייט מען שוין שלאָפן.

און טראכטן טראכט ער, גייענדיק זי באגעגענען פון דער ארבעט, אז אייגנטלעך, פארשטייט ער נישט, פארוואָס ליבט אים מירל? וואָס האָט זי געפונען אין אים אזוינס, וואָס האָט זי פארבונדן מיט אים. ער דערמאָנט זיך אויך זייער באקאנטשאַפט. ער קען זי נאָך פון דער היים. באקאנט האָבן זיי זיך אין טורמע זיצנדיק, דורך „גריפסן". ווען זי איז ארויס נאָך עטלעכע חדשים זיצן, האָט זי אים געשיקט צו מאָל עסן און ביכלעך, פלעגט קומען צו אים אויף „זעאונגען". יאָ, זיי קענען זיך שוין לאַנג, לאנג. זיי האָבן ביידע געארבעט דאָרט צוזאמען און ארבעטן אויך דאָ. און אזוי טראכטנדיק וועגן איר, דערפילט ער, אז אים איז דאָך גאָר גוט דאָ. לעבט נישט אומזיסט, נאָר מער נישט, וואָס קיין ארבעט האָט ער נישט... אך, ווען ער וואָלט קריגן ארבעט!...

די קוואדרעס זיינען ענלעך איינע צו דער צווייטער, ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעגאָסן פון איין שטיק. און ווען ער קומט שוין צו דעם ראָג, ווו ער דארף זי אָפּווארטן, איז שוין אין דרויסן גאנץ טונקל. אין דער לופט הוידען זיך שוין אָנגעצונדענע עלעקטרישע לעמפלעך. די אויטאָס פליען שוין מיט לייכטנדיקע אויגן. די שטאָט נעמט אויף די נאכט.

און אָט-אָ זעט ער זי, מירלען. זי גייט צו אים צו מיט לייכטנדיקע אויגן, און פריינטלעך באגריסט זי אים. זי זאָגט:

— איז וואָס מאכסטו, חיים?

— גאָרנישט. קיין ארבעט נאָך אַלץ נישט געפינען. און דו מירל?

— עפּעס היינט זייער א פאסקודנער טאָג געווען. ס'האָט זיך נישט געארבעט, — באקלאָגט זיך מירל.

און זיי גייען נעמען דעם טראַמוויי. צוויי קוואדרעס דארפן זיי צוגיין.

און גייענדיק, דערציילט שוין איר חיים מיט צופרידנקייט, ווי אין זייער סינדיקאַט האָבן זיי אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער די סאָציאַליסטן:

— אָבער מיר האָבן פאַרט געוווּנען, מירעלע, — גיט ער צו מיט שטאָלץ. די גאַנצע פּאַרוואַלטונג אונדזערע. איצט וועט שוין זיך פירן אַן ארבעט...

מירעלע הערט אים אויס צופרידן און דערציילט אויך, ווי זי איז נעכטן אויסגעוויילט געוואָרן אין אַ „פּרעסע־קאָמיסיע", און האָט שוין „געמאַכט" צוויי גייע אבאָנענטן, ווי זי גרייט זיך איצט מיט די קינדער צו אַ קינדער־אָוונט, און איר וועט אויסקומען אַרויסטרעטן מיט עטלעכע ווערטער...

אין טראַמוויי רעדן זיי נישט. ווייל דער טראַמוויי איז געפּאַקט מיט מענטשן, אויך ארבעטער, וועלכע קערן זיך אום אַהיים. חיים שטופּט זי אַרויף און אַליין בלייבט ער הענגען אויף אַ טרעפּל. איז ווי זאָלן זיי שמועסן?

אין דער היים, אַז זיי קומען, איז שוין אין דרויסן גוט נאַכט. ווייל היינט איז ווינטער־צייט, און דער טאָג איז גאָר קליין. אין צימער ווערט ליכטיקער און וואַרעמער. און חיים'ען ווילט זיך אַביסל לענגער זיין דאָ מיט מירעלען. עפּעס איז אים גוט און נאָענט מיט איר.

ער זאָגט:

— אַך, מירעלע, ווען איך וואָלט געאַרבעט, מירעלע...

און מירל טרייסט אים:

— רו אָפּ אַביסל, חיים. וואָס, קנאַפּ געאַרבעט אויפן לעבן... וועסט נאָך אַרבעטן.. באַלד סעזאָן...

חיים פילט זיך, ווי שולדיק אין דעם, וואָס ער ארבעט נישט, און זי מירל דאַרף האָרעווען פאַר זיך און פאַר אים. עס דאַכט זיך אים, אַז ער באַגייט מיט דעם קעגן איר אַ חטא. קוקט ער אויף איר און זעט, ווי ביי איר זיינען אונטער די אויגן בלויע שיסעלעך, און אָט אַזוינע בלויאינקע דינינקע, אָדערלעך, ווי שנירעלעך ציען זיך איבערן האַלדז. זעט ער אַז זי איז פאַרהאָרעוועט. זאָגט ער:

לייג זיך צו, מירל. רו אָפּ. איך וועל דערווייל אַראָפּגיין אַרויפּנעמען עפּעס עסן און מאַכן די מאַשינקע.

מירל פאָלגט אים טאַקע, וואַרפט אַראָפּ דעם מאַנטל, און ציט זיך אויס איבערן בעט.

— אין מאַנטל, חיים, ליגט קליינגעלט, נעם עס.

אַ מאָדנער געפיל לעבט אַדורך חיים, נעמענדיק דאָס קליינגעלט. ער

וויכסט, אז דאָס איז מירלס שוועו־ע פּראַצע און טרערן שטעלן זיך אים אין די אויגן, וואָס ער, חיים, אַ מאַן, וואָס קען און וויל אַרבעטן, פאַרגרינגערן דאָס לעבן, קען עס נישט דערגרייכן. אין האַרצן דאַרט ווערט ווייטיקלעך און ער גייט אַרויס.

ווען ער ברענגט אַרויף דאָס עסן, וואָס באַשטייט פון פלייש, ברויט, אַ שטיקל פּוטער — טרעפט ער שוין מירלען ביי דער מאַשינקע. פאַרדריסט עס אים:

— גיי, מירל, גיי, איך בין אויף דיר אין כעס, איך האָב דאָך דיר געזאָגט, זאָלסט אָפּרוען. איך וועל עס שוין אַליין מאַכן, לאָז...

מירל הערט אים נישט. די מאַשינקע ברענט שוין מיט אַ העל־בלויען פייער. איבערן שטילן צימער טראָגט זיך דאָס הוזשען.

ביים עסן איז שוין מירל רעדעוודיקער. זי דערציילט אים אויספירלעך וועגן דער אַרבעט אין טאַזשער. עס איז אָנגעקומען אַ נייע אַרבעטערין, נאָך אַ „גרינע" און זי, מירל, דאַרף זי אַריינציען אין סינדיקאַט, און ווי שווער עס קומט איר אָן. יענע וויל נישט הערן פון דעם. און זי גיט צו מיט שטאָלץ:

— זי וועט שוין זיין אָרגאַניזירט זי וועט שוין זיין...

חיים עסט מיט אַפּעטיט. איצט האָט ער דערפילט, אַז ער איז הונגעריק... ער פילט אויף זיך, אַז מירל קוקט אויף אים, קערט ער זיך אום צו איר.

מירל שטייט שוין. זי זאָגט:

— האָב איך היינט אַן אַרבעט, חיים, די אמת'ע אַרבעט. נייע קינדער צוגעקומען, נו, ווייסט נישט, איז שווערלעך אַביסל מיט זיי...

חיים שמייכלט צו. ענדיקט עסן. ברענגט אין אָרדענונג דעם טיש.

— וועסט היינט זיך אומקערן שפּעטלעך, מירל?

— מסתמא.

און איך, אייגנטלעך, האָב היינט גראָדע קיין סך אַרבעט. קום מירל, איך וועל דיך באַגלייטן צום טראַמוויי.

די געגנט, וווּ זיי וווינען איז אַ שטילע. אין די גאַסן פאָרן קיין טראַמווייען נישט. ליגן זיי אויסגעצויגענע אין שוואַרצקייט און שווייגן.

חיים'ען ווילט זיך איצט אַזוי זיין מיט מירלען. אָט גייען נעבן איר איבער די שטילע גאַסן, גיין און גיין, נישט רעדן, נאָר קוקן אויף איר. אַ ים

מיט ליבשאפט כאפט אים צו איר ארום. אים ווילט זיך איצט איר א קוש געבן, אַט א גוטן קוש...

— מירעלע איך האָב דיך ליב, מירעלע...

— איך ווייס, חיים...

— אָבער שטאַרק, שטאַרק...

מירעלע שווייגט, ענטפערט נישט, ס׳איז קענטיק, זי פארשטייט זיינע געדאנקען, זי פארשטייט. קען זיין, זי טראכט דאָס אייגענע, וואָס ער... זי דריקט זיך צו נענטער צו אים.

— מירעלע, איך וויל דיר א קוש טאָן, מירעלע...

— אוועק, נאַר, אַט דאָ? שפעטער, שפעטער, ווען איך וועל קומען...

— און אז דאָ, איז וואָס? און או דאָ?

חיים כאפט אריין אירע ליפּן אין זיינע. ער פילט ווי מירל איז שטארק צו אים צוגעדריקט. ער פילט אויף זיין פנים אירווארעמען אָטעם. ער פארמאכט די אויגן.

— אך, מירעלע, ווען איך וואָלט אַרבעטן, אך, אך...

און אָט זיינען זיי שוין ביים טראמוויי. פונקט געטראָפן. מירל כאפט זיך ארויף. חיים זעט זי דורך די פענצטערלעך. אָט פארשווינדט זי...

דער טראמוויי האָט זיך אוועקגעקייקלט. חיים בלייבט שטיין אליין. עפּעס איז אים מיטאמאָל אומעטיק געוואָרן. א צווייטער טראמוויי פליט דורך און קייקלט זיך אַוועק אזוי אַ דריטער און אַ פערטער...

אין צימער גייט שוין חיים נישט אַרויף. וואָס האָט ער צו טאָן דאָרט? ער דרייט זיך אליין איבער די שטילע גאסן און טראכט אלץ וועגן מירלען. אך, ווען ער ארבעט, ווען ער קריגט ארבעט און פארדינט? געוויס, נויטיקט זי זיך אין אָפּרו, געוויס...

און דאָ דערמאָנט ער זיך, אז 9 אזייגער דארף ער זיין אין ביבליאָטעק. ער איז היינט טורנער. ווי שפעט איז איצט ווייסט ער נישט. מסתמא, פאר-שפעטיקט. ער פארקירעוועט זיך אין א קוואדרע און מיט גיכע טריט ווערט ער דאָרט פארפאלן.

---

בנימין סקודיצקי

# צעלע נומער 10

## (פראגמענטן)

אין א וואָך ארום, דעם 22-סטן יוני האָט מיך ארויסגערופן דער אויספאָרשונגס-ריכטער. א הויכער, א סימפּאטישער, מיך אויסגעפרעגט, פאַרפּראָטאָקאָלירט. זיך אונטערגעשריבן, אוועק.

נאָך זיין אוועקגיין, איז שוין אויף מיין טיר צווישן נאָך פיל צעטעלעך געהאָנגען א צעטעלע מיט מיין פאַמיליע, נאָמען, באַשעפטיקונג, ווען ארעסטירט, און אַרט. 130, 126 פון שטראָף-קאָדעקס.

זען זיך מיט מיר האָט מען נישט צוגעלאָזן: די „ספּראווע" איז נאָך געווען אין גאַנג.

מ'האָט צופירן געבראכט נאָך פון מיין „ספּראווע" אין א צאָל פון עטלעכע און צוואנציק — חברים און חבר'טעס. מיט זייער אָנקומען האָט אונדז דער טורמע-נאטשאַלניק אָפּגעבן א באַזונדער צעלע. „פאַר פּאָליטישע". צווישן אונדז עטלעכע און צוואנציק, אויך צוויי קרימינעלע, וועלכע זאָלן אויף אונדז „אכטונג געבן".

דאָס לעבן דאָ איז שוין געווען גאָר אנדערש, ווי אין יענער קאמער. אלע אייגענע, פון איין ענין. חברים נאָך פון דער פריי. ס'איז שוין געווען וועגן וואָס צו רעדן און פאַר וואָס זיך קריגן. יאָ, קריגן. אין טורמע קריגט מען זיך. דאָס קריגן קומט ארויס צוליב א קלייניקייט, צוליב א נארישקייט. יעדער איז אין כעס, נערוועאיש, נישט צופרידן, אָנגעשטויסן אויף זיך און אויף אלעמען, כאר'עקשנ'ט און אין דעם קריג „לאָזט מען אויס דעם כעס", ס'ווערט נאָכדעם גרינגער, לייכטער.

דער „סטארשער" פון צעלע — א קרימינעלער. אַ סטארשן פלעגט די

טורמע-אדמיניסטראַציע נאָמינירן, פאַרשטייט זיך, וועמען איר געפעלט.

אַזוי איז געווען פאַרשפּאַרט צווישן ווענט א יוגנט אָפּגעריסן פון קאַמף און פריי. האָבן ערגעץ-ווו, אין אַ צעלע נומער 10, יונגע הערצער געקלאַפּט, געבענקט, געליטן געהאַפּט, פעלגן אין שטילקייט פון נעכט טורמעדיקע, צעוואָרפן אויף נאַרעס הילצערנע, אויף פּאַדלאָגעס ציגלנע, קערפּערלעך, יונגינקע, אונטער קאָלדרעס צעריסענע, זיך טוליען, וועגן דעם „נעכטן" דעם אוועקגעריסענעם קלערן, וועגן דער פריי חלום׳ען.

צו־שטאַרק איז מען מיט דער פריי פאַרבונדן געווען. א חוץ דעם קאַמף איז יעדער פון אונדז געווען מיט עפּעס פאַרבונדן, פון עפּעס אָפּגעריסן, עפּעס איבערגעלאָזט. שווער איז געווען, זייער שווער.

ערגעץ-ווו, אין א צעלע, מיט א ברעטל, א רויטס, מיט א קיילעכדיקן „10" ווייט פון א לעבן א ברויזנדן, פון קאַמפן פריידיקע — האָט זיך א יוגנט געצאַפּלט...

זיינען געגאַנגען אַזוי טעג נאָך נעכט, נעכט נאָך טעג. שטילע, טרויעריקע, גרויע, ווי בלעטער פאַרגעלטע אין א מחזור. איינע נאָך די צווייטע, איינע נאָך די צווייטע. היינט דעם צימער געראַמט, א בוך געלייענט, געגעסן, שפּאַצירט, אין אוסטענפּ געלאָזן, — מאָרגן אויך. איבערמאָרגן. שטענדיק. אייביק.

די „ספּראַווע" איז שוין פאַרענדיקט. מ׳גיט שוין אַרויס „זעאונגען". קומען טאַטעס פאַר׳חושכ׳טע, קומען מאַמעס פון טרערן אויסגעווייקטע און מען ווישט זיך די אויגן, — „וואָס מאַכסטו?", „ווי איז מיטן געזונט?" — „גאָט צו דאַנקען", „וואָס פעלט דיר?", „מ׳אַרבעט, מ׳סטאַרעט זיך", „דאגה נישט!".

— געענדיקט די 10 מינוט! — דריקט מען זיך די הענט. מען שרייט. און מען רוקט זיך אָפּ. און נאָך א קוק צו אונדז, און נאָך א שאָקל מיטן קאָפּ. און נאָך א וויש די אויגן, — און נישטאָ שוין.

ווערט ווידער פּוסט. ווערט ווידער טורמעדיק.

אויף דער פריי האָט מען זיך געסטאַרעט: אין גראָדנע געפאָרן דעם אויספאָרשונגס-ריכטער „מתנות" געשענקט, „מאכערס" געלט געגעבן, „היינט-מאָרגן", „היינט-מאָרגן" און — „פריי".

מ׳האָט אויסגעאַרבעט: 300.000 מארק קויציע פאר א קערפערל — און פריי.

האָבן עלטערן אויף „קישנס פאַרזעצטע", אויף „דראָזשקעס פאַר־קויפטע" אויף „געלט אויף פראָצענט געליענע", — צעטעלעך אויסגעביטן: „פרייהייטס־צעטעלעך". האָט מען די צעטעלעך דורכן לאָך פון טורמע־טויער אין א האַנט אריינגערוקט, און מ׳האָט שוין געוואַרט צופרידענע.

זיינען פאַרבליבן אָבער פיר.

פיר, פאַר וועלכע „קישנס פאַרזעצטע" האָבן נישט געהאָלפן. קיין זאך נישט.

איך צווישן די פיר.

און טורמע איז טורמע. דער גייט אריין, דער גייט ארויס. איר אַרט קיין זאך. נישטאָ קיין ענדערונגען. אפעל אין דער פרי — 20 מאן. אפעל אין אָוונט — 18 מאן.

איז פאראן אויפן קאָרידאָר א שוואַרצע ברעט, הענגט זי אויפן וואַנט. ליגט אויפן ברעט א שטיקל ווייסע קרייד מיט א שמאטקעלע. שרייבט יעדן אָוונט, יעדן פרימאָרגן דאָס שטיקעלע קרייד און עס מעקט ווען מען דאַרף דאָס שמאטקעלע — 150, 146, 149.

— לעבנס פון מענטשן אויפן ברעט.

שוין דריי חדשים. 90 טעג. 90 נעכט. טעג זומערדיקע, בלוילעכע. נעכט לבנה׳דיקע, לופטיקע. מען זיצט. מען האַפט.

האָט דער נאטשאלניק צונויפגעקליבן אלע די וואָס ווערן באשולדיקט אין אַרטיקל 108: פאַר מלוכה־פאַראט, געהאָלפן די באָלשעוויקעס. צו זיי נאָך קרימינעלע פויערים, ערלעכע, אין תפיסה, רואיקע, — און צונויפגע־שטעלט „א שטילע" צעלע.

— צעלע נומער 10.

## מ ײ נ ע  נ ײ ע  ח ב ר י ם

די 10־טע קאמער איז געווען פיל גרעסער און העכער פאַר דער 5־טער. איבערן וואַנט האָבן מיר געהאט אין שכנות די „באַבעס". ביי דער נאַכט איז שוין געווען אן אַרבעט.

נאָך „אַפעל", ליגנדיק אויף דער נאַרע, פלעגן מיר דורכן וואַנט איינע

צו די צווייטע קלאַפּן. דעם קונץ, ווי דורכצורעדן זיך אינעם קלאַפּן האָט פון אונדז קיינער נישט געוווּסט, נאָר מיר פלעגן קלאַפּן גלאַט אַזוי, אַבי הערן אַ אָפּקלאַפּ פון אַ פרויען-האַנט. קיין וויצן, מיאוסע אַנעקדאָטן אויף דעם חשבון פון דעם „קלאַפּן" האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געפעלט. מען פלעגט בכוח האָבן צו איבערקלאַפּן זיך עטלעכע שעה. דאָס קלאַפּן סיי פון דאָרט און סיי פון אונדז, האָט עפּעס אויסגעדריקט, געהאַט אין זיך אַ כּוונה. דאָס זיינען ספּעציפישע טורמע-אויסדרוקן. עס איז געווען אַ קלאַפּן נאָך תּאווה, נאָך קערפּער, פון וועלכע מען איז אָפּגעריסן שוין שטיקער צייט, יאָרן און נאָך וועלכע דער אַרעסטאַנט דורשט.

מיינע חברים אין צעלע זיינען טאַקע געווען ערלעכע מענטשן. איך זאָג „ערלעכע": די טורמע האָט איר באַגריף פון ערלעכקייט. אויף דער פרייַ האָט ער געמעגט דער'הרג'ענען מענטשן, באַרויבן זיי, פאַר-גוואַלדיקן, באַ'גנב'ענען, אין טורמע איז ער אַן אַרעסטאַנט. דער נאָמען אַרעסטאַנט איז פאַר יעדן אַן אונטערשייד, אַ פּאָליטישער צי אַ קרימינע-לער. די ערלעכקייט אין טורמע דריקט זיך אויס אין אויפלעבן זיך מיט די אַרעסטאַנטן; נישט קריגן זיך; זיך נישט שלאָגן; אַרויסווייזן אַ געפיל פון סאָלידאַריטעט; און דער עיקר, נישט אַרויסגעבן דער טורמע-מאַכט, וואָס עס קומט פאָר אין צעלע.

איך געדענק נישט גענוי, זאַלבע-וויפלט מיר זיינען געזעסן, דאַכט זיך מיר, 18 מאַן. פון די אַזוי גערופענע „פּאָליטישע" זיינען געווען אַ קאַמפּאַניע פויערים „האַספּאַדאַרי" פון אַ מאַן 5, וועלכע מען האָט באַשולדיקט אין „לינטשן אַ פּוילישן זעלנער אין דער צייט פון דער מלחמה".

דאָס זיינען געווען פויערים, באַלעבאַטים, געהאַט גענוג ערד, קי, פערד, קולאַקעס, פיל ווייניק באַוווּסטזיניקע; סימפּאַטיזירט מיט די באָלשעוויקעס. זיי זיינען געווען פון הינטער סלאָנים.

די פּוילישע חילות פאַרן עוואַקויִרן סלאָנים האָבן גערויבט, געברענט, פאַרגוואַלטיקט. צו זיי אין דאָרף איז געקומען אַזאַ פּוילישער זעלנער, וועלכער האָט דעם גאַנצן דאָרף באַרויבט. ביי דעם צוגענומען אַ פערד, ביי דעם געלט, ביי דעם תּבואה. דער כּעס פון די פויערים איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דעם זעלנער האָבן זיי געלינטשט. פאַרגראָבן אים און — שאַ.

אַזוי איז אַריבער עטלעכע יאָר.

האָט זיך אין זייער דאָרף געפונען אַ באַנדיט, אַ ציווילער, טאַקע, זייע-

דער א זעמליאַק. ער פלעגט אָנמאַכן גרויסע שאָדנס. די פּאָליציי האָט אים סוף כל סוף געכאַפּט און אָפּגע׳משפּט צום טויט. פאַרן פּראָצעס האָט דער באַנדיט געבעטן זיינע דאָרפסלייט, זיי זאָלן זיך פאַר אים אונטערשרייבן, אַז ער איז אַן ערלעכער. דאָס דאָרף האָט זיך אַנטזאָגט. אויפן פּראָצעס האָט ער איבערגעגעבן דעם פּראָקוראָר, אַז די מענטשן פון זיין דאָרף האָבן אין יאָר 1920 געלינטשט א פּוילישן זעלנער און אויף דעם און דעם אָרט ליגט ער באַהאַלטן.

אים האָט מען דערשאָסן.

לויט די אָנווייזונגען פון באַנדיט זיינען די פּאָליציי געקומען אין דאָרף און אַרעסטירט עטלעכע פּערזאָן. מען האָט זיי געשלאָגן ביז צום טויט: זיי זאָלן זיך מודה זיין. איינער איז פון די קלעפּ משוגע געוואָרן. די קלעפּ האָט געהאָלפן, מ׳האָט אַרויסגעקראָגן. זיי האָבן זיך מודה געווען און אַרויסגעגעבן איינע די צווייטע.

וואַרטן זיי אויפן פּראָצעס שוין אַכט חדשים.

צוויי זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין דינען דער באַלשעוויסטישער מאַכט. קאָמיסאַרן אין „רעווקאָם״. רעקוויזירט אאַ״וו. ביידע נישט ווייט פון סלאָנים, פון קאָזלאָווטשינע. צוויי קעגנזעצלעכע טיפּן. איינער א שטילער, א רואיקער, אַן ערלעכער; דער צווייטער — א פּאַלשער, א בעל-גאווה, א ליגנער, א כוליגאַן.

נאָך צוויי זיינען געווען — צוויי ברידער, די ברידער שישקאָ, פּויערים אָרימע, רואיקע, איבערגעלאָזט אין שטוב פרויען און קינדער. געווען אין „סעלקאָם״. פאַר דעם געזעסן.

ווייטער זיינען געווען קרימינעלע און מיר פיר.

מיר האָבן זיך שוין איינגעאָרדנט מיטן זיצן. פיר פון איין „ספּראַווע״, גוטע חברים נאָך פון פריער. עסן האָט מען אונדז געשיקט גענוג. זעאונגען האָבן מיר געהאַט יעדע וואָך. ביכער צום לייענען האָבן מיר אויך געהאַט — און וואָס פעלט נאָך?

געגעסן האָבן מיר באַזונדער. ס׳איז ניט געווען דער דראַנג צוזאַמען עסן, ווי שפּעטער. צווישן אונדז, אָט די אַלע, איז עפּעס געשטאַנען. ס׳איז נישט געווען דאָס, וואָס עס דאַרף, און דאָס, וואָס עס דאַרף זיין האָט מען פאַרשטאַנען, — נאָר מען האָט עס מיט די הענט נישט אָנגעטאַפּט, נאָר געפילט.

אמבעסטן האָבן מיר זיך צונויפגעלעבט מיטן „קוף". יעדער האָט פון אונדז געהאַט אַ נאָמען. די נעמען פלעגט געגעבן ווערן, כדי זיי זאָלן נישט פארשטיין ווען מען רעדט און יעדער נאָמען האָט געהאַט אַ באַדייטונג. אזוי למשל, האָט מען איינעם גערופן „עשו", אַ צווייטן „בלעם" — פאַר זייערע מסירות. דעם האָבן מיר גערופן „קוף", ווייל זיין פאַמיליע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ קוף. דאָס איז געווען דער שטילער קאָמיסאַר פון קאָזלאָווטשינער רעווקאָם.

**די סיים־וואַלן אויף דער פריי און די רעוויזיע ביי אונדז**

עס האָט זיך שוין אָנגערוקט אלול, און מיט זיך געבראַכט דעם נאסן און קילן ריח פון האַרבסט.

מיר האָבן עס דערפילט און באמערקט פּלוצלינג. אויפן שפּאַציר, אויפן שפּיץ פון בוים איבערן וואַנט, האָבן מיר דערזען געלע בלעטער, איינציקע, איינציקע: אונטערגאַנג פון זומער. דער „אַפּעל" האָט זיך אין טונקלהייט אָנגעהויבן אַריינצוקריכן. נעכטן האָט מען געציילט, איז נאָך געווען גוט ליכטיק, היינט עטוואָס טונקעלער און מאָרגן נאָך טונקעלער: די טעג קירצער, די נעכט און פרימאָרגנס זיינען קעלטער, ביינאַכט מוז מען זיך בעסער מיט דער קאָלדרע איינדעקן; איינער צום צווייטן זיך ווארימער צוטוליען.

די טורמע גרייט זיך שוין צום האַרבסט, צום ווינטער.

מען לאַטעט די בלעכענע דעכער, יאָסל, דער פערד־גנב קריכט איבערן דאַך און שלעפּט בלעך, זינגט, שרייט און אלע לאַכן. אַרעסטאַנטן פּאַריכטן פענצטער, מען לייגט פּאַדלאָגעס, מ'מאַכט צורעכט אויוונס, מ'קאַלכט, מ'פאַרבט, מ'פירט האָלץ, תבואה, קאַרטאָפל, — מ'גרייט זיך, באַלד, באַלד איז שוין דער אָסיען מיט די רעגנס, מיט די בלאָטעס און אַלץ וועט זיין פאַרפאַלן. און אויף דער פריי איז איצט גאָר פריילעך, דאָרטן גייט סיים־וואַלן: מ'קעמפט, מ'אַגעטירט, מ'שלאָגט זיך, מ'אַרעסטירט.

צוויי וועלטן מיט באַזונדערע דאגות און זאָרגן.

ווי רואיק אין טורמע איז, איז דאָך עפּעס אַנדערש, ווי זאָלעמאָל, אָנהויבנדיק פון דעם דאָזאָרצע, וועלכער דרייט זיך שוין אין אָוונט ביים פענצטער איינגעדרייט אין שינעל, ביז די אַלטע האַספּאָדאַרי וועלכע קומען פון די זעאונגען מיט נייס: „וויבאָרי", „וואָינא", „מאַניפעסט", איז קענטיק אַן אַנדער שטימונג, אַ שפּאַנענדע.

עס קאָכט זיך שוין אין צעלע, כאָטש טעגלעכע ליטעראַטור האָבן מיר

נישט, דאָך ווייסן מיר פיל ווייניק, וואָס עס טוט זיך אויף דער פריי. מיר באקומען אפילו אונדזערע ליטעראטור פון נומער 5. מען דיסקוטירט, מען שרייבט, מען חשבונ׳ט: אזוי פיל וועלן מיר ארייַנפירן, אזוי פיל יענע. אלע זייַנען מיר אָנגעשטרענגט, פארנומען, אזוי, ווי מיר וואָלטן אן אקטיוון אַנטייל אין די וואלן גענומען.

און איצטער איז גאָר פריילעך: מ׳האָט געבראַכט אונדזערע דריי חברים פון דער פריי, די נאָר-וואָס באפרייטע פון תפיסה, און טאקע צו אונדז אין צעלע. ליגט מען שוין ביז שפעט אין דער נאַכט אריין אויפן נאַרע און מען שושקעט זיך. גרוסן פון דער פריי: וואלן... גרינבוים, ראסנער, לאנצוצקי... מיטינגען... אַרעסטן... דער חתונה-געהאט... דער געשטאָרבן... די ליבט זיך... רויטער קרייַז... מ׳ארבעט יאָ... מ׳אַרבעט נישט... — אלץ צוזאמען, — די גאנצע פריי פאר די אויגן.

איז געזעסן צווישן אונדז שוין עטלעכע טעג א געוויסער קוליקאָווסקי, אן אגיטאַטאָר פון „וויזוואליענע". אין א רעדע האָט ער אָנגערירט די פּאַמעשטשיקעס, דערפאַר האָט מען אים פארהאלטן. ער איז געווען א שטאַרקער אָנהענגער פון פילסודסקין. געוועזענער אַכאָטניק אין די לעגיאָנען, געקעמפט קעגן די באָלשעוויקעס.

א מענטש מיט א גלאַטן צונג. גערעדט פויליש, רוסיש, ווייס-רוסיש, אוקראַיניש. יעדן אָוונט פלעגט ער צונויפקלייבן גרופּקעס פויערים און מיט זייַ אַרייַנ׳טענה׳ן, פארשטייט זיך, פאר „וויזוואָליעניע". קיין קריג און דיסקוסיעס צווישן אים מיט אונדז האָט שוין נישט געפעלט.

טרעפט אייַנמאָל א מעשה: מיר דערהאלטן (אומלעגאַל, פארשטייט זיך) אונדזערער א צייטונג אין דער ווייס-רוסישער שפּראַך. מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט אויף „אַפּעל".

נאָך „אפעל", ווען מען האָט זיך צעלייגט שלאָפן, האָבן מיר עס ארויסגענומען און איבערגעגעבן די פויערים: נאַט, לייענט! עס איז געוואָרן פריילעך, לעבעדיק. עשו איז באַגייסטערט געוואָרן: מיט א שארף שטיקל בלעך האָט ער אָפּגעשניטן א שטיקל האָלץ פון נאַרע און געמאַכט פון איר קינעלעך. עס אָנגעצונדן און אן אלטער פויער האָט געלייענט.

די שטימונג מיט זייַן לייענען איז געוואקסן פון מינוט צו מינוט, די פויערים האָבן זיך באקאנט מיט אלע פּאָליטישע פויערים-פאַרטייען, מיט „וויזוואליעניע", „פּיאַסט" און די איבעריקע, זיי האָבן פאַר זיך געהאַט די

וואל-פּלאַטפאָרעם פון „פאַרבאַנד פון שטאַט און דאָרף". די אויפרעקונג קעגן „ווי-וואליעניע" האָט דערגרייכט די העכסטע שטופּע. מען האָט זיך צו אים אוועקגעלאָזט אין טענות מיט געשרייען: „פאַרעטער", „ערד פאַר געלט", „נאַ, לייען, וועמען דערציילסטו מעשיות!". ער האָט זיך איינגעדרייט אין דער קאָלדרע און אַן אויפגערעגטער קיין איין וואָרט נישט געענטפערט.

אין צעלע איז אַנטשטאַנען אַ שטיקל טומל. דער דאָזאָרצע האָט שוין איניקע מאָל אין איר אָנגעקלאַפּט און געפאָדערט רואיקייט, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן. שפּאלעק יאַן, אויך אַ געוועזענער פּריוויליקער אין פּוילישן מיליטער, אַ האלערטשיק, אַ פּאָליאַק פון פּויזן, איז באַגייסטערט געוואָרן פון דער צייטונג אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך געשטעלט אויף דער נאַרע, אין צעריסענע גאַטקעס אין אַ קאָמישער ראָל געהאַלטן אין אַ צעבראָכע-נעם רוסיש אַ דרשה מען זאָל שטימען פאַרן נומער 5. איינער איז אַרויף און דעקלאַמירט אַ ווייס-רוסישן שיר, און דער עולם האָט אַפּלאָדירט.

נאָכדעם האָט מען זיך צעלייגט שלאָפן און איינגעשלאָפן.

אויף מאָרגן איז דער „וויזוואליעניעץ" אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן, מיט קיינעם נישט גערעדט, ברוגז.

מיט אומגעדולד האָבן מיר אָפּגעוואַרט דעם אויסגאַנג פון די וואַלן. די טורמע האָט געהאַט האָפענונג אויף אַן אַמנעסטיע. אין אַלגעמיין, האָפן די אַרעסטאַנטן אויף צוויי זאַכן, אַמנעסטיע, מלחמה, און אין יעדער געשעעניש, וועלכע זאָל נישט פאָרקומען אין לאַנד, זעען זיי אַ שטראַל פון אָט די צוויי זאַכן, וועלכע זיי זיינען זיכער אַז דורך דעם, וועלן זיי דערגרייכן די באַ-פרייאונג.

די קרימינעלע פלעגן אונדז שרייבן בריוועלעך און פרעגן נייס. זיי האָבן דאָך גאָרנישט געוווּסט, און פון זייער נישט וויסן האָבן זיי זיך איינ-געשמועסט, אַז אָט, אָט גייען זיי אויף דער פריי אַרויס.

מיר פלעגן זיי איבערשיקן אונדזערע דורכגעליינטע צייטונגען. די פּאָסט איז געגאַנגען דורכן פריזירער. דער פריזירער, אָדער דער שערער איז אַן אַרעסטאַנט, וועלכער גייט יעדע וואָך אין אַ קאַמער און שערט און גאָלט יעדן אַרעסטאַנט. דאָס איז אַ גוטע פונקציע. פאַרן גאָלן באַקומט ער פון אַ פאַרמעגלעכן אַרעסטאַנט עפּעס עסן. ער גאָלט אויך די דאָזאָר-צעס, די לעצטע שענקען אים אויך, אַזוי אַרום, לעבט ער זיך דורך. דורך דעם פריזירער שיקט מען גרוסן, צעטעלעך, אַלץ וואָס מען וויל. פאַר אַ פרי-

זירער, מאכט די אדמיניסטראציע מערכטנטייל, אירן אַן אייגענעם מענטשן, און דערצו דעם, וואָס האָט צום אָפּזיצן א לייכטע שטראָף.

אַ פּריזירער דארף זיין קלוג, כיטרע, פלינק. ער דאַרף אַרבעטן אי פּאַר די ארעסטאנטן, אי כאר דער אדמיניסטראציע,ביידן טובות טאָן, און דאָס איז זייער א שווערע זאַך, נישט אלע קענען עס אויספירן.

דורכן פּריזירער דערוויסט מען זיך נייס, ווער איז דער נאטשאלניק, צי עס וועט זיין א נייער אינספּעקטאָר אאַ״וו.

מיר האָבן זיך ענדלעך דערוואַרט אויף דעם אויסגאנג פון די וואַלן. אויפגענומען עס גלייכגילטיק אָן צופרידנקייט.

אין טורמע איז שוין געוואָרן שטיל. אויס דיסקוסיעס. שאַ.

אויף מאָרגן נאָך די וואַלן האָט מען אויך באפרייט דעם „וויזוואָליעניעץ״. פאַרן ארויסגאַנג האָט ער זיך אנטשולדיקט פאַר אונדז „אפשר האָב איך באליידיקט״. זיך צעזעגנט און ארויס.

פלוצלינג, פאר „אפּעל״ איז עס געווען, עפנט זיך די טיר און עס ווייזט זיך דער אנטשאַלניק מיט אַ שטעקן אין האַנט און מאכנדיק „אין דער מאַמען אריין״, טאקע אויף רוסיש, מיט קולות מיר זאָלן אים אוועקגעבן די קאָמוניסטישע ליטעראַטור.

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אז דער „וויזוואָליעניעץ״ האָט עס גע׳מסר׳ט. מען האָט אונדז ארויסגעפירט אויפן קאָרידאָר, אויסגעטאָן די קליידער און געמאכט די אמת׳ע רעוויזיע. די צייטונג האָט מען פאַרשטעקט און מען האָט גאָרנישט געפונען.

דער נאַטשאַלניק איז ארומגעגאַנגען ווי א משוגענער: א קלייניקייט, א מענטש האָט זיך באפרייט און וועט איבערגעבן, אז אין טורמע לאָזט מען אריין קאָמוניסטיש ליטעראַטור! עס איז דאָך א „שאַנדע״!. ער איז ארומגעלאָפן און געבורטשעט: „איך וועל אייך געבן ליטעראַטור״! „וואָס מיינט איר, דאָ איז דער וואַלד״?.

פאַרפאַלן. מען הייסט אונדז גיין צוריק אין צעלע.

די ארעסטאַנטן אויפגערעגט. מען האָט רעוועדירט די גאַנצע טורמע, אַלע קאַמערן, ביי די קרימינעלע אויך. קיין זאַך נישט געפונען.

— אָט דאָס איז דער „וויזוואָליעניעץ״, — זאָגט שטיל אַן אלטער פּויער.

— אַזאַ ראָל שפּילט די „וויזוואָליעניע״, — ענטפערט עמיצער.

# אַ זעאונג

— אוי, זיי פאַרנאַרן, זיי פאַרנאַרן, מיט די גוטע ריידעלעך, — מערקט אָן נאָך איינער.

— וועגן וועמען רעדט איר? — שרייט אויס פאַרביטערט שפּאַלעק יאַן — זאָל לעבן דער 5!

זיין צעבראָכענער רוסיש רופט אַרויס אַ געלעכטער. מיר לאַכן און ער אויך.

די „מעשה וויזוואַליעניעץ" האָט אַריינגעבראַכט אין תּפיסה-לעבן אייניקע ענדערונגען. דער רעזשים האָט זיך פאַרשטאַרקט.

מען האָט אָפטער אָנגעהויבן מאַכן רעוויזיעס, דורכקאָנטראָלירן גרינטלעכער די פּעקלעך עסן; די ביכער האָט מען צום ערשט געטראָגן אין קאַנצעלאַריע צום צענזור: דורכגעקוקט און דורכגעטאַפּט יעדעס בלעטעלע; יידישע ביכער און צייטונגען האָט מען אינגאַנצן פאַרווערט.

די נייע גזירות האָבן מיר אויפגענומען רואיק, מיט הכנעה. קעמפן קעגן דעם האָבן מיר נישט געקענט: מיר זיינען געווען שוואַך.

מיט דער צייט האָט זיך דאָס לעבן איינגעשטעלט מיט די נייע ענדערונגען.

פון וויזוואַליעניעץ מיט די סיים-וואַלן האָט שוין קיינער נישט גערעדט, נישט דערמאָנט. מען האָט אָנגעהויבן פון דעם צו פאַרגעסן, — ביז וואַנען זיי האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין דעם אָרט, וואָס הייסט „דערינערונגען".

אין טורמע איז ווידער שטיל. שאַ. איינטאָניק.

די טעג האָבן זיך באַרואיקט גיך.

היינט וואַשט מען די פּאָדלאָגע: הייסט עס היינט איז שבת. שוין אַ וואָך. האָבן מיר נאָך צו-דינסטיק דריי טעג, און דינסטיק? — גיט מען אַ זעאונג מיט עסן.

אַזוי שנעל! אַזוי גיך! נישט לאַנג, דאַכט זיך, איז דאָך די מאַמע געווען...

דינסטיק איז זייער גוט. דער טאָג פון עלף אַזייגער איז שוין יום-טובדיק. ביז עלף אַזייגער לייענט מען נאָך, מען שרייבט און נאָכער קריכט עס שוין נישט אין קאָפּ. מען גרייט זיך. מען טוט זיך אָן אין שענערע קליידער, מען וואַשט זיך, מען קעמט זיך, מען בייט זיך איינער מיט דעם צווייטן מיט

די זאַכן: דער וויל גיין אויף דער זעאונג אין שטיוול, און דעם געפּעלט, א בלוזקע מיט א פּאַס. אלע וואַרטן, מען וואַרט מיט אומגעדולד. באַלד... באַלד...

מען דערנענטערט זיך צום טיר. מען שליסט. אויפגעעפנט. א דאָזאַרצע רופט אויס, אַן אויסרוף, — און איינער ארויס; אַן אויסרוף, — נאָך איינער, ביז וואנען עס פארקלאַפּט זיך פלוצלינג די טיר.

אַנדערע בלייבן. מען וועט אויסרופן א צווייט מאָל. שפּאַנט מען הין און צוריק איבער דער צעלע, צוועלף טריט אהין, צוועלף טריט צוריק.

מען וואַרט. מ׳וויל זיך פאַריידן איינער מיט דעם אַנדערן: עס זאָל גיכער די צייט דורכלויפן.

עפנט זיך ווידער די טיר, מען קומט פון די „זעאונגען".

— וואָס הערט זיך?

פאַראַן עפּעס נייס?

— ווו די „ספּראַווע"?

מען שרייט. מען פרעגט. ס׳איז טומלדיק.

מען רופט ווידער אויס.

עס ווערט שטיל. אלע הערן זיך צו.

מיין נאָמען. איך גיי ארויס, נאָך מיר אנדערע פינף מאַן. מ׳שטעלט אויס אין צווייען, ווי סאָלדאַטן. מען פירט דורך צוויי הויפן, אַן אנדער קאָרעדאָר. מ׳שטעלט אויס אין א שורה.

מען וואַרט. מען קלערט. „ווער וועט קומען? הייַנט וועט קומען די שוועסטער, שוין לאַנג נישט געווען".

מען פירט אריין פון דער פריי.

א טומל, אלע שרייען. מען הערט נישט וואָס מען רעדט. און פלוצלינג שאַ, אלע שווייגן. אנדערע רעדן שטיל. נישטאָ וואָס צו רעדן. דאַכט זיך, עס איז דאָך געווען אַזוי פיל וואָס צו דערציילן, איבערגעבן. א וואָך צייט זיך נישט געזען.

פרעגט מען פּופּציק מאָל „וואָס הערט זיך", „וואָס הערט זיך ביי אייך". און מען שווייגט. קוקט מען איינע אויף די צווייטע. ווערט פון דעם שווייגן און קוקן נישט גוט.

שוין געענדיקט.

קוים זיך דערוואַרט.

זעגנט מען זיך.

צוריק אין צעלע.

איז עפּעס אויפן האַרצן מאָדנע. זיך אנטוישט. אָפּגענאַרט. געהאָפּט, עפּעס נייס הערן.

שלעפּט זיך שוין דער האַלבער טאָג און שלעפּט זיך, — קוים וואָס מען ווערט פון אים פּטור.

אפּעל. נאַכט. שלאָפן...

און מאָרגן שוין ווידער גוט. מען לייענט, מען שרייבט. מ׳טוט וואָס עס איז.

## איך באַקען זיך מיט איינעם פון דער אונטערוועלט: לואי, דער ענגלענדער

באַשערט איז מיר געווען זיך צו טרעפן אין טורמע און אַ שטיק צייט לעבן צוזאַמען אין איין צעלע מיט אַ טיפּ פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן גנב, אוואַנטוריסט, אַ מענטש פון דער אונטערוועלט: לואי, דער ענגלענדער.

„לואי, דער ענגלענדער", האָט ער געהייסן צווישן די „בלאַטע", אין דער אונטערוועלט. דער אמת׳ער נאָמען זיינער איז געווען, לייזער בער.

איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט ראָש-השנה, ביים דאַווענען.

מיר זיינען געגאַנגען דאַווענען, כדי אַ שטיקל צייט האָבן אַ נענטערע פאַרבינדונג מיט דער „פריי". דורך אַ זעאונג קען מען זיך אַלץ נישט דורכ-רעדן. און צו אונדז דאַווענען פלעגן קומען אונדזערע חברים פון דער „פריי", וועלכע פלעגן עפּעס צוזאָגן דעם רבין, ער זאָל זיי מיטנעמען. ביים דאַווענען, פלעגן מיר באַקומען פון דער פריי ליטעראַטור, בריוו, — אַלץ וואָס מען האָט נאָר געדאַרפט. דעם „רבי׳ן" מיט זיינע מענטשן פלעגט מען קיינמאָל נישט רעווידירן, אַזוי אַרום איז געווען אַ זיכערער וועג, ווי צו האַלטן אַ פאַרבינדונג.

דאַווענען פלעגט מען אויפן קאָרידאָר. דער קאָרידאָר פלעגט דינען פאַר די קאַטאָליקן אַלס אַ קאַפּעלע; פאַר די פּראַוואָסלאַווע — אַלס אַ צערקווע און פאַר די יידן — אַלס אַ שול. כאָטש דער הילצערנער צלם איז געהאָנגען אויפן וואַנט שטענדיק — דאָך האָט נישט געשטערט דעם „רבי׳ן" צו פּראַ-ווען זיינע תפילות.

דער רבי איז נאָך אונדז געווען באַקאַנט פון דער פריי. אונדז האָט ער אַלעמען געקענט. אין דער אמת׳ן איז עס קיין רבי נישט געווען. דאָס איז

געווען א יידל, וועלכער פלעגט לערנען אין בית המדרש צווישן מנחה און מעריב מיט יידן א פרק משניות. א יידל, א פאלשער, וועלכן פאר א חניפה קויפט מען אָפּ.

אויסערלעך איז ער געווען העסלעך, עקלהאפט. א נידעריקער, א גראָ־בער, מיט א גרויסן בויך און פעטן אין פאלדן אויסגעלייגטער האלדז. מיט געלע פארוואָקסענע אויגן און ברעמען. דאָס פנים זיינס האָט זיך געטונקט אין א וואלד געלע האָר; עס האָט זיך מער ווי א דיקע, ברייטע נאָז ניט געזען.

דאָס איז געווען אויפן צווייטן טאָג ראש־השנה. מען פירט צו אונדז אריין א יידל מיט אן אָפּגעריסענעם פאלטאָ, מיטל־וווקס, א רויט קיילעכדיק געזיכט, לעבעדיקע ברוינע אויגן. גיט אויף אונדז אלעמען איין קוק, ווי ער וואָלט אונדז געקענט, און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט הויבט ער אָן צו שפאצירן איבער דעם קאָרידאָר, הין און צוריק, הין און צוריק. געשפאנט גיך, ווי עמיצער וואָלט אים יאָגן, מען זעט אז ער איז אויפגערעגט, אין כעס.

פלוצלינג גייט ער צו צו מיר און נישט קוקנדיק מיר אין די אויגן, פארבייסנדיק זיין אונטערשטע ליפּ אויסגעשאָסן:

— א צעבאָרעטע קיטש. — און אוועק ווייטער שפאנען.

מיר האָבן זיך וועגן אים שוין אָנגעהויבן צו שושקען. קיין פּאָליטישער אַרעסטאנט, האָבן מיר פארשטאַנען, איז ער נישט. נאָר גלאט, עס איז אינ־טערעסאנט געווען צו וויסן — פארוואָס ער זיצט.

ער האָט באַמערקט אונדזער סוד׳ען זיך און ווי עס ווייזט אויס איז אים עס געפעלן געוואָרן. ער האָט אויפגעהערט צו גיין, און צו צו אונדז.

— פּאָליטישע, מן הסתם?

מען האָט אים געענטפערט:

— מען דערקענט אייך נאָך דעם פנים, נאָך די אויגן דערקענט מען אייך.

— וואָס איז עס? איר ווייסט דאווענען ניט? שמועסן זייט איר געקו־מען? — האָט דער רבי אָנגעהויבן צו שרייען.

— אַ רוח אין זיינע ביינער אַריין, א קורווע קען, וואָס וויל ער? — האָט דער נייער — נישט קוקנדיק אויף דעם רבין — אריינגעזאָגט.

דער רבי האָט זיך געמאכט נישט הערנדיק און ווייטער געדאווענט.

— פארוואָס אריינגעפאלן? — האָט איינער געפרעגט.

— איך ווייס, א שטיקל סחורה פארקויפט, אליין בין איך א שניט־סוחר. מיר האָבן פארשטאַנען, אז ער זאָגט ליגן. איך בין צוגעגאנגען צום

טיר פון זיין קאמער און איבערגעלייענט זיין צעטעלע: אַרטיקל 589 פאַר באַרויבן.

— יאָ, איז א קיטש? ווי קען מען דאָ זיצן? וויפל צייט זיצט איר שוין דאָ, — ווענדעט ער זיך פלוצלינג צו אונדז.

— פינף מאָנאטן.

— און קיין סוד נאָך נישט געווען?

— נאָך נישט.

מער האָבן מיר מיט אים נישט גערעדט. מ׳האָט שוין געענדיקט דאווענען. מען האָט אונדז פאַנאנדערגעפירט אין די צעלעס.

אין עטלעכע טעג ארום. מען פירט אריין דעם אורח צו אונדז אין דער צעלע. אין דער 10־טער צעלע.

זיך באַגריסט מיט דער צעלע. אונדז געגעבן די האנט. ארויסגענומען א שאכטל פאַפּיראָסן, אוועקגעלייגט עס אויף דער נאַרע.

— רויכערט!

אַרעסטאַנטן זיינען צוגעגאנגען און גענומען די פאַפּיראָסן.

— איר ווייסט פאַרוואָס מיך האָט מען ארויסגעפירט פון דער אכטער, — ווענדעט ער זיך צו אונדז. איך האָב א „זשלאָב" דעם קאָפּ געשפּאָלטן. איך קום פון דער זעאונג, איך ברענג עסן, גייט ער צו, און נעמט אליין, בעט נישט. איך צו אים: וואָס? מיט וועלכע רעכט? — „איך וויל אזוי, זשידאָווסקא כארא". אז איך כאפּ אראָפּ א ברעט און טראַך איבערן קאָפּ. נא דיר, קו־ווע, „זשידאָווסקא כאַראַ". ער אויך אַ „זשיד"! — ווען ער זאָגט מיר אַלץ וואָס ער וויל, וואָלט ער מיר זידלען, — וואָלט מיך ניט געאַרט, אָבער פאַרן „זשיד" וועל איך יעדערן דער׳הרג׳ענען. איך בין אַן אנדער מענטש.

ער האָט זיינע קליידער אויף אַן אָרט אנידערגעלייגט און גענומען זיך צום שפּאַצירן איבער דער קאמער.

— איז דאָך געוואָרן א טומל, איז געקומען צו לויפן דער זאַסטענפּצי: „וואָס?", „ווען?", איך האָב אים אלץ דערציילט. קום ארויס, — מאכט ער צו מיר און מיך אריינגעפירט אהער. א גוטע צעלע, — זאָגט ער צו מיר — וועל איך דיר געבן. דו האָסט ביי מיר געמאַלעוועט דעם צימער. ביסט ווערט.

איר זייט אַ מאַלער?

— איך קען עטוואָס מאַלעריי, — און זיך איראָניש צעשמייכלט.

בנימין סקודיצקי

# מיין היימשטאָט סלאָנים, ווי איך געדענק זי

מיט דער אייזנבאַן-ליניע וואַרשע-מאָסקווע, צווישן וואָלקאָוויסק און באַראַנאָוויטש, ליגט מיין היימשטאָט סלאָנים.

און היינט, ווען איך וויל זי זען אין מיין דמיון, אַזוי ווי איך געדענק זי, טוט מיין האַרץ וויטיקן און מיין נשמה — וויינען. ווייל מיין יידישע היימשטאָט האָבן גוים צעשטערט און חרוב געמאַכט און גוים האָבן אירע יידישע קינדער לעבעדיקערהייט פאַרשאָטן אין גריבער אויף די וועגן וואָס פירן קיין פעטראַלעוויטש און טאַלקאָוושטשינע.

איכה ישבה בדד העיר...

באַנעמסטו כאָטש, ברודער מיינער, אַז עס זיינען שוין נישטאָ מער אונדזערע יידן אין סלאָנים? נישטאָ מער מיין מאַמע און דיין טאַטע; מיין ברודער און דיין שוועסטער; אַז אַלע, אַלע יידן, די גאַנצע סלאָנימער יידישע עדה ליגט צעאַקערט אין דער ערד, פאַרזייט מיט בולבעס, און דער בלויער הימל קוקט אַראָפּ און די זון וואַרעמט... אויף דעם טייך און אויף דער דאַמבע און אויפן „נעוויסק" שיכּן זיך און שפּאַצירן היינט שקצים און שיקסעס? אויפן שול-הויף, אין די בתי מדרשים און שולן; אין „מויער" און אין שוסטערשער שול, אין דער שניידערשער שול און אין חסידים-שטיבל — וווינען ערלים און אין די יידישע הייזער — גוים?

נישטאָ מער די טייערע יידישע שטאָט! אַוועק איז זי אין דער פאַרגאַנגענהייט, די מיוחסדיקע און מפורסמדיקע עיר ואם בישראל — סלאָנים!

איז שטאַרק זיך, ברודער מיינער, נאָר נישט צוזאַמענברעכן! פאַרבייס דיינע ליפּן און פאַרמאַך אויף אַ ווײַלע דיינע אויגן און זע אַ טריבן, ווייס-רוסישן הימל איבערן אַלטן בית-עולם אויף זאַמאָשטשע. הער זיך צו צום רוישן פון די הונדערט-יעריקע ביימער ביי די מצבות. קוק אין דער הויך

אויף די וואָלקנדלעך, וועלכע שווימען ווי סטאַדעס גרויע שעפסן, שווימען און לאָזן איבער ליכטיקע פּאַסן און דער הימל ווערט העל און העלער, בלוי און בלויער, טראַכט אין זיך אַריין און זע: סלאָנים.

## גאַסן און מענטשן אין סלאָנים

איך גיי אַרויס פונעם מאַסיוון, שטיינערנעם וואקזאַל. די יידישע איז-וואָשטשיקעס: שלמה בויטע, ירוחמקע נטע, לאַזאַרקע, האָבן שוין אויף זייערע דראָזשקעס אָפּגעפּירט די פּאַסאַזשירן אין שטאָט אַריין. דער טאָג איז נאָר וואָס אויפגעשטאַנען. אויף די שפּיצן פון די ביימער הענגען נאָך רויטע פלאַמען פון דער אויפגייענדיקער זון. אויף די בלומען-בייטלעך, ביי די הייזער, פינקלט נאָך דער טוי. די לופט שמעקט מיט בעז און אַקאַציע. איך גיי אַרויס פון וואקזאַל-געסל און פאַרנעם זיך רעכטס צו דער שטאָט. איך גיי מיט מינסקער גאַס. רעכטס — יידישע באַקאַליי-קראָמען. דאָ ביים „רוסישן" האָבן מיר געוווינט, און דאָס איז געווען אונדזער קראָם. דאָ האָט אויך געוווינט און געהאַלטן די קראָם, דער לערער מיינער, שמואל לוניאַנסקי. לינקס, אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר, האָבן זיך אָוועקגעצויגן גרינע פעלדער. דאָ אויף דעם פעלד זיינען געשטאַנען קאַזאַרמעס מיט צוויי סאָלדאַטן-ראָטעס פון יאַראָסלאַווסקן פּאָלק, מיט די רויטע אַקאָלישקעס אויף זייערע היטלען. דאָ אין דער זייט איז די רוסישע „וואָיענסקאָיע פּריסוטסטוויע". נאָך סוכות פלעגט מען זיך דאָ שטעלן צום „פּריזיוו". און צווישן די שטינקנדיקע רויטע פעלצלעך פון די גוים, זע איך נאָך, אַזוי ווי עס וואָלט געווען היינט, אַרומדרייענדיק זיך יידישע בחורים אין שוואַרצע מאַרינאַרקעס און גלאַנציקע שטיוועלעך, שוין מיט די רויטע, הילצערנע, סאָלדאַטסקע לעפל, פאַרוקט אין די כאָליוועס. איך געדענק זיי, די יידישע טאַטעס און מאַמעס, זיי פלעגן זיצן ביי אונדז אין שטוב, פאַרחושכטע און פאַרדאגהטע, זאָגן תהילים, בעטן גאָט, מען זאָל זייערע זין נישט „צונעמען". און דורך מיין טאַטן און זיינע באַקאַנטע „שרייבערס" אין „פּריסוטסטוויע", „עפּעס טאָן", מען זאָל זיי נישט „אָפּגעבן".

ביי די פּאָליאַקן זיינען שוין אויף דעם אַמאָליקן גרינעם פעלד געווען אויסגעבויט קליינע שטיבלעך פאַר די פּוילישע „אָסאַדניקעס", און אויפן אָרט פון די קאַזאַרמעס איז געשטאַנען אַ ווייסער, מיליטערישער שפּיטאָל.

איך גיי ווייטער און קום צו צו דער טורמע. אַ ווייסע איז זי, די טורמע,

און איז אַרומגערינגלט מיט קאַשטאַנען־ביימער. דאָ איז אַמאָל געזעסן דער באַרימטער סלאָנימער אַדוואָקאַט יאַקאָבסאָן, דער דעפּוטאַט אין דער „גאָסו־דאַרסטווענאַיאַ דומא" און מיט יאָרן שפּעטער, בין איך שוין דאָרט געזעסן. טאַקע דאָרטן אין דער הויף, הינטער די גראַטעס, צוזאַמען מיט מיינע יוגנט־חברים: צאַלקע עפּשטיין, שלמה אַלפּערט און משה שוואַרץ. אָט דאָרט צווישן די גרויע ווענט האָבן מיר געטרוימט פון אַ פרייער און אַ גלייכער וועלט... דאָ אַהער פלעגן קומען אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, פאַרהאָרעוועט און דאָך גלויביקע, איין מאָל אין וואָך, כדי צו זען זייערע קינדער. און דאָ צום רויטן טויער פלעגט עס קומען מיין ליבע שוועסטער, עשקע, צוויי מאָל אין וואָך, חדשים־לאַנג און פלעגט מיר ברענגען פעקלעך עסן.

איך גיי צו דער בריקער־גאַס. גיי אַריבער דעם בריק, וואָס האָט געהייסן ביי די „ערשטע" דייטשן, אין יאָר 1915, „קייזער ווילהעלם־בריקע", און קלעטער אַרויף צו דער שטאָט. אָט דאָ, רעכטס, האָבן געוווינט די מערע־מינסקיס און אַהער פלעגט עס שפּעטער קומען צו גאַסט דער באַרימטער צעירי־ציון־טוער, ישראל מערעמינסקי. דאָ לינקס איז די בריקער שול און דאָ אַנטקעגן איז יעליאַנס טיפּאָגראַפיע און אַביסעלע העכער, מיט עטלעכע הייזער ווייטער, איז געווען דעם לערער ריזשינס מיידל־שולע אין די נאָכמי־טיק־שבתים פלעגן דאָ, אויף די שול־בענק, פאַר אונדז יוגנטלעכע, ריידן וועגן ציוניזם, טאַקע אָט דער זעלבער ישראל מערעמינסקי.

דאָ אויף בריקער גאַס האָט זיך אויך געפונען „פּענטשיכעס" בעקריי, וואָס פלעגט באַקן די געשמאַקע סלאָנימער קוכנס, קיילעכדיקע און גע־רעדלטע ווי מצות, באַשאָטענע מיט אַ סך מאָן און מיט ציבעלעס, וואָס האָבן געהאַט טעם גן־עדן און וואָס די מאַמעס אונדזערע פלעגן אונדז מיטגעבן אין חדר, באַשמירט מיט פּוטער...

און אָט איז דער סאָבאָר — די רוסישע צערקווע. איך קלעטער אַרויף אויף פאַנעסווע גאַס, וועלכע האָט זיך גערופן דאָמאַנאָווסקאַיאַ און פּאָניאַ־טאָווסקיעגאָ. פאַר אונדז איז זי אָבער, אויף שטענדיק פאַרבליבן פאַנעסווע. שיין איז זי, די גאַס און ברייט און די ליפּאָווע ביימער אויף איר זיינען שיין צעבליט. אויף דער דאָזיקער גאַס האָבן זיך עס געפונען חיים זאַקראָיסקיס און ווינשטיינס פאָטאָגראַפישע אַנשטאַלטן און אויך די דרוקעריי פון דעם שפּעטער באַרימטן אין פוילן וואַלד־סוחר און פּאַפּיר־פאַבריקאַנט, וואָלפקע גורוויטש. אין דער זעלבער דרוקעריי האָב איך עס אין מיינע יוגנט־יאָרן

געאַרבעט. אין זיין דרוקעריי, ביי די באָלשעוויקעס, וועלכע האָט דאַן גע־היסן „ווטאָראַיאַ סאָוויעטסקאַיאַ טיפּאָגראַפיאַ״, האָב איך געזעצט די „קראַס־נאַארמייסקאַיאַ ראַסטאַ״ און מיט יאָרן שפּעטער, שוין אונטער די „פּוילישע״ האָט זיך דאָ געדרוקט דאָס וואָכנבלאַט „דאָס סלאָנימער וואָרט״.

אָט דאָ אויף די גאַניקעס פון זייערע שיין געמויערטע הייזער זיינען זיי עס געזעסן, מיין באַלעבאָס, דער האַרציקער ייד, וואָלפקע גורוויטש, דער שניט־סוחר סאַלוצקי און דער נאַטשאַלניק פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע אין סלאָנים, באַריס פּיסעצקי און געקוקט אין דער ריכטונג צום שטאָט־גאָרטן — דער „פּוסטער סאָד״, ווי מיר, יידן, פלעגן אים רופן.

אָ, דער „פּוסטער סאָד״! איך געדענק זיי, די זומערדיקע נאָכמיטיק־שבתים: דאָ אויף די בענק אין די אַלייען, אונטער די שאָטנדיקע ביימער פלעגן אונדזערע טאַטעס לייענען „הצפירה״ און „הזמן״, דעם „מאָמענט״ און דעם „היינט״ און אַהער פלעגן עס אויך קומען יידישע מאַמעס מיט זייע־רע קינדערלעך שעפּן אַביסל קילע און פרישע לופט.

אָט אין דעם דאָזיקן „פּוסטן סאָד״ פלעגן זיך עס זומער־צייט אַראָפּ־

כאַפּן אין זייערע וואַקאַציעס פון אויסלאַנד די סלאָנימער סטודענטן: דוד סאַלוצקי, טשערניכאָוו, פלעטניצקי, כאַצקל ראַבינאָוויטש, מאָטל זאַקין, וועל־כע האָבן שטודירט אין די פּאַריזער, בעלגישע און טשעכאָסלאָוואַקישע אוני־ווערזיטעטן, ווייל די באַפרייטע פּוילן האָט זיי ביי זיך נישט געלאָזט שטודירן...

ראָג פּאַנעסווע און ברייטע גאַס האָט געוווינט דער ליבער פּאָלקס־מענטש און האַרציקער ד״ר אפרת. און אויף דער ברייטער גאַס, צו יורזיקע צו, איז געשטאַנען דאָס הויז פון לעצטן סלאָנימער מרא דאתרא, הרב הגאון, ר׳ יהודה פיין זצ״ל, וועלכער איז צוזאַמען מיט זיין סלאָנימער עדה הקדושה אַוועק דעם לעצטן וועג... איך זע אים, דעם הויכן, הדרת־פּנימדיקן יידן, דעם שטרענגן און שטאָלצן. עס קלינגען נאָך מיר היינט אין די אויערן זיינע טיפזיניקע, גייסטרייכע דרשות, וואָס ער פלעגט האַלטן אין דער „גרויסער שול״, אַקצענטירנדיק די סמך׳ן לויטן ליטווישן דיאַלעקט; זיינע שוואַרץ־חנ׳עוודיקע טעכטער, וועלכע זיינען מיטגעריסן געוואָרן מיט די נייע ווינטן פון רויטן מזרח און האָבן אויף זייערע קעפּ געטראָגן רויטע טיכלעך...

פון דער ברייטער גאַס ציען זיך אַוועק די צוויי יורזיקעס, די דערעזקעס,

דער „באַרג", דאָס באַלעגאַליש געסל. גאַסן פון יידישער אָרעמקייט און פּראַ־צע. אָבער אויף יעדער גאַס — אַ בית מדרש, אַ שול, אַ חדר.

אויף די דאָזיקע גאַסן האָבן עס געוווינט די קצבים און די יידישע סאַ־דאָוניקעס; די יידישע שוסטערס און די יידישע באַלעגאַלעס. פּראָסטע אָבער טייערע יידן, און געשמעקט האָט פון זיי לעדער און אויבסט...

אָט אין די גאַסן, אין די זומער־פּאַרנאַכטן, ווען די זון האָט אין שקיעה געצונדן די בערג פון יורזיקע און אין די הויכע קאָלירטע פענצטער פון דער „גרויסער שול" אויפן שולהויף האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די שיין פון דער פאַרגייענדיקער זון און געברענט מיט ווונדערלעכע פייערן — האָבן עס יידישע נייטאָרינס דאָ געזונגען:

„די אויגן רויט, די ליפּן בלאָ,
„קיין טראָפּן בלוט אין באַק ניטאָ..."

זון אין די גאַסן האָבן עס אָרעמע יידישע דינסט־מיידלעך, באַקלאָגנדיק זייער ביטערן מזל, געזונגען מיט האַרץ:

„דו ביסט אַ רייכער מאַן
און איך בין אַן אָרעם מיידל;
ווי קענסטו מיך ליב האָבן,
צי דען בין איך אַזוי שיין און איידל?..."

אויף דער גאַס, בשכנות מיט אונדז, האָט אויך געוווינט מיין האַרציקער לערער משה־בערל קוניצע, ביי וועמען איך האָב געלערנט העברעאיש און אויף יורזיקע גאַס האָב איך „געפּירט" מיין ערשטע ליבע, מיט פיישע דעם קעמלמאַכערס טאָכטער, גיטעלע...

אויף ראָג יורזיקע און באַרג האָט זיך אויך געפונען דאָס קאָלעקטיווע הויז — „דער מיליאָן", אין וועלכן עס האָבן געוווינט עטלעכע צענדליק אָרעמע יידישע משפּחות. אויסגעבויט האָט דאָס הויז, די יידישע קהלה, מיט די געלטער פון סלאָנימער לאַנדסלייט אין נאָרד־אַמעריקע און דעם נאָמען „דער מיליאָן" האָט דאָס הויז באַקומען, דערפאַר, ווייל עס האָט גע־קאָסט אַ מיליאָן מאַרק דער בנין.

גלייך קעגנאיבער, האָט געוווינט דער ראש ישיבה, שבתי יגל. איך זע אים אָט דעם הויכן יידן, מיט די קלוגע, שוואַרץ־פייערדיקע אויגן און שוואַרצער באָרד, וועלכער האָט פון זיין סלאָנימער ישיבה, טויזנטער לער־נערס אַרויסגעלאָזן אין דער וועלט.

נישט ווייט פון דאַנען, האָט זיך אויך געפונען דער הכנסת אורחים, ווו אָרעמע יידן און סתם יידן פון דער פרעמד, פלעגן בחנם קענען איבערנעכ־טיקן און עסן אַ מיטיק און אַ וועטשערע. פסח־צייט פלעגט מען דאָ פאַר די יידישע סאָלדאַטן פּראַווען די סדרים און דער זיידע מיינער, ר׳ יודל בו־זאָווסקי, ר׳ שמעון אָרע, צוזאַמען מיט פיינע באַלעבאַטישע טעכטער זיי באַ־דינט.

אויף ריזשנער גאַס האָבן זיך געפונען: די תלמוד־תורה, די ישיבה און דער בית עם. אויף דער גאַס האָט זיך אַמאָל ביים „רוסישן" געפונען „וואָל־פאָוויטשעס קלאַס". דאָ האָב איך זיך טאַקע אויסגעלערנט דעם אלף־בית, און דאָ, האָבן צוזאַמען מיט מיר, פאַרענדיקט די „פיר קלאַסן"ביידע וועל־וולעך: וועלוול ראַמאַנאָווסקי „דער קליינער", דער שפּעטערדיקער פּועלי־ציוניסט און רעדאַקטאָר פון „דאָס וואָרט" אין וואַרשע און זיין קוזין, וועלוול ראַמאַנאָווסקי — „דער גרויסער", דער שפּעטערדיקער לערער אין סלאָנים. דאָ, האָבן צוזאַמען מיט מיר אויך געלערנט, כאַמאַנאָוויטש, גאָלדבערג, אַל־פּערשטיין און סאָקאָלאָווסקי. איך געדענק זיי נאָך, מיינע טייערע לערערס: דעם לערער פון צווייטן קלאַס, וואָלפאָוויטש; דעם לערער שמואל לוניאַנסקי און שאַפּיראָ, מיט וואָס פאַרא ליבשאַפט זיי האָבן עס דערצויגן עטלעכע דורות יידישע קינדער; דאָ האָבן אונדז געלערנט קאַליגראַפיע די שרייבערס: ניימאַרק, עלשקע און אליהו זאַקלאַד, וועלכן מיר פלעגן רופן „עליע קראַ־צער". און פאַר פסח פלעגן מיר מיטן „ספּעציעלן" רויטן טינט, וואָס ער האָט אונדז געבראַכט, שרייבן אויף קליינע בייגעלעך פּאַפּיר די פיר קשיות...

איז ווו זייט איר איצט מיינע אַמאָליקע מדריכים?

אויף דער גאַס האָבן זיך אויך געפונען: די בוכהאַנדלונג פון לערער שאַ־פּיראָ און די דרוקעריי פון יודל פּאַראַזאָווסקי. דאָ טאַקע, בין איך עס, אין איינעם אַ פרימאָרגן, אָנגעקומען אַלס לערן־יינגל און פון דעמאָלט אָן איז שוין מיין גורל פאַרחתמעט געוואָרן צו פאַרבלייבן שטענדיק אַ יידישער פּראָלעטאַריער...

פאַרקערעווענדיק זיך אויף סיענקעוויטש־גאַס, האָט זיך געפונען דער קינאָ „מאָדערן" פון יעליאַן. אָפטמאָל אין די נאָכמיטיק־שבתים פלעגן אין דעם קינאָ־סאַלאָן אויך פאָרקומען רעפעראַטן און וואַל־מיטינגען.

אויף סקראָבעווע גאַס, וועלכע האָט געהייסן ביי די באָלשעוויקעס „1־טער מאַי" און ביי די פּוילישע — „3־טער מאַי", האָט זיך געפונען די



פון רעכטס, — דער זיידע יודל בוזאָווסקי, די מאמע דאָבע, בנימין, אלט זייענדיק 3 יאָר, דער טאטע פסח סקודיצקי און די באָבע חנה בוזאָווסקי.

גרויסע בוכהאַנדלונג און פאַרלאַג פון רעזניקאָווסקי. אויף דער גאַס האָט זיך אויך געפונען די אַמאָליקע „רעאַלנאיע אוטשילישטשע", אין וועלכער עס האָבן געלערנט דער שפּעטער-באַוווסטער רייזנדער און שרייבער, ד"ר חיים שאָשקעס און דער שפּעטערדיקער דאָקטאָר אין סלאָנים, משה עפּשטיין. ביי די פּוילישע איז דאָ געווען אַ לערער-סעמינאַר און די צוקונפטיקע פּוילישע לערערס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיטן צעשניידן מיט גאָל-מעסערלעך, די מאַנטלען ביי די שפּאַצירנדיקע, יידישע מיידלעך...

אַראָפּ סקראָבעווע, איבערן שאָסיי שויך, האָבן זיך געפונען די קאַזאַרמעס און אַראָפּ ריזשנער גאַס איז געלעגן דער יידישער בית-עולם.

זומער-צייט, שבת, נאָכן טשאָלנט, און יום-טוב נאָכן יום-טובדיקן עסן, פלעגן די טאַטעס נאָכן כאַפּן אַ דרימל גיין אין שול הערן אַ מגיד און די יוגנט פלעגט זיך אַרויסלאָזן אויפן ריזשנויער און באַראַנאָוויטשער שאָסייען. בחורים און מיידלעך מיט ביכער אונטער די אָרעמס, פלעגן עס אויף יענע וועגן דיסקוטירן וועגן פּראָבלעמען און אידייען, וועגן „ציוניזם" און „בונדיזם", „פּראָלעטאַריאַט" און „נאַציע", טרוימען פון אַ שיינער צוקונפט און זיך דערקלערן אין ליבע. אין די „קוסטעס" אין וועלדער, פלעגן אַרבעטער-פּאַרטייען אָפּהאַלטן אומלעגאַלע „סכאָדקעס" און „מאַסוווקעס". און ניט איינער פון יענע יינגלעך און מיידלעך, „מיט די ביכער אונטערן אָרעם", האָט מיט יאָרן שפּעטער געשפּילט אַ פירנדיקע ראָל אין יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן.

## די „ראַמבע" און דער „נעווסק"

סלאָנים איז געווען אַ רואיקע און געמיטלעכע שטאָט מיט אַן אַרומיקער שיינער פּאַנאָראַמע. אין אַ ווייסרוסישן לערנבוך פאַר געאָגראַפיע איז סלאָנים באַצייכנט געוואָרן אַלס די שווייץ פון ווייסרוסלאַנד. איין האַלבע שטאָט איז געשטאַנען אויף אַ באַרג און די צווייטע — אין אַ טאָל. אַרומגערינגלט מיט געדיכטע וועלדער, וואָס האָבן זיך אַוועקגעצויגן מיילן-ווייט און מיט די שאָסייען קיין ביאַליסטאָק, ווילנע און באַראַנאָוויטש. דער טייך שטשאַרא און דער קאַנאַל אגינסקי האָבן דורכגעשניטן די שטאָט אין דער מיט. איבער דער שטשארא זיינען געגאַנגען די האָלץ-פליטן קיין פּרייסן און „פאַראַכאָדן" פלעגן ברענגען צו פירן די באַרימטע „פּינסקער טעפּ".

אין די פרילינג און זומער-אָוונטן, פלעגן יידישע יינגלעך און מיידלעך

זיך שיפן אין די „לאָדקעס“ איבערן טייך; שפּאַצירט איבער דער פּרעכ־טיקער באַביימערטער דאמבע און געלעגן אין ווייכן, גרינעם גראָז. דאָ האָט מען געשלאָסן קאנטשאפט, געפלירטעוועט און „געפירט ליבעס“. און ביז שפּעט אין דער נאַכט, אונטער דעם סאמעט־בלויען, באַשטערנטן הימל, האָבן געקלונגען די טענער פון יידישע און העברעאישע לידער.

ווינטער פלעגט מען שפּאַצירן אויפן „נעווסק“ — איבערןברייטן טראָ־טואר אויפ „פּאראדנא“ גאַס. אויף דער גאַס האָבן זיך געפונען: דער שיינער קינאָ „אַפּאָלאָ“, קלעבאַנסקיס צירונג־געשעפט, ליובאַווסקיס בוכהאַנדלונג און גראָדזיענסקיס אַפּטייק. דאָ זיינען אויך געווען קאָנדיטערייען און לוק־סוס־געשעפטן. איז ווען איך זע אַט די דאָזיקע, טייערע, יידישע פּאָלקס־קינדער — די יידישע גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס, אין זייערע פאַרשיידנ־פאַרביקע אוניפאָרמען, שפּאַצירן איבער אָט דעם טראטואר — גיב איך אַ טראַכט, אַז מן־הסתם האָבן זיי עס אים געגעבן אָט דעם שיינעם נאָמען „נעווסק“. זיי, וואָס האָבן געלערנט פושקינען און לערמאַנטאָוון, פאַנטאַזירט פון פּעטערבורג און „נעווסקי פּראָספּעקט“ און געזונגען די לידער פון דער „נעוואַ“...

אויפן „נעווסק“ האָבן שפּאַצירט אָרעם און רייך: דעם קצב׳ס טאָכטער פון יורזיקע און דעם פּראָוויזאָרס טאָכטער פון דער אַפּטעק־געסל... אָ, די הערלעכע ווינטערדיקע פרייטיק־צו־נאַכטן אויפן נעווסק! די נאַכט איז אַ ווייסע און פראָסטיקע. דער שניי פאַלט. עלעקטרישע ליכט פאַרפלייצט די גאַס און יידישע ייִנגלעך און מיידלעך באַשאָטענע פון שניי מיט צערויטלטע פּנימער, טראָגן זיך איבערן טראטואר, ווי אַ ווייסע לאַווינע הין און צוריק. און אין די נעכט פון פּסח און סוכות, פלעגט מען דאָ קומען זיך באַווייזן אין די באַנייטע קליידער און נייע שיך, געמאַכט לכבוד יום־טוב...

## דער סלאָנימער רב ר׳ מרדכי׳לע זצ״ל

קעגנאיבער דעם „אָרעמען ראַד קראַמען“, אין אַ צוויי־שטאָקיק, גע־מויערט הויז, האָט געוווינט דער סלאָנימער רב, ר׳ מרדכי ראָזענבלאַט זצ״ל, וועמענס נאָמען עס איז געווען מפורסם אין דער יידישער וועלט, נישט נאָר צווישן די רבנים און לומדים, נאָר אויך צווישן פּשוטן פאָלק. מען פלעגט קומען צו אים נאָך אַ ברכה פון אַלע יידישע שטעט און שטעט־לעך פון דער אַמאָליקער מדינת רוסלאַנד. אין די פרימאָרגנס פלעגט מען

קענען זען אויסגעזעצט אויף די לאַנגע געדרייטע טרעפּ פון זיין וווינונג אָנגעפּאָרענע פון דער גאַנצער וועלט, יידן און יידענעס אין זייערע פאַרשיי־דענער אָנטועכץ. מאַמעס מיט קראַנקע, בלייכע קינדער; קריפּלען, קאַלי־קעס, טאַמעוואַטע, משוגעים און בחורים חלושים פון פּאַר אַ פּריזיוו. דאָס פלעגט מען קומען צו ר׳ מרדכי׳לען, ער זאָל טאָן אַ מופת און זאָל זיי העלפן. „די גרעסטע דאָקטוירים פון וואַרשע און קעניגסבערג זאָלן האָבן גאָרנישט געקענט טאָן פאַר די אומגליקלעכע" — איז זייער גאַנצע האָפע־נונג געווען געווענדעט צו ר׳ מרדכי׳לען. ווייל ער האָט גע׳שמ׳ט אַלס גרוי־סער בעל־מופת און הונדערטער לעגענדעס זיינען געווען פאַרשפּרייט וועגן סלאָנימער רב.

שטאַרק איינגעקריצט אין מיין זכרון איז דאָס געשטאַלט פון אָט דעם וווּנדערלעכן באַרימטן רב. אַ נידעריקער, מיט אַ שוואַרצער, לאַנגער באָרד, מיט שוואַרצע, טיפע אויגן, וועלכע האָבן געשפּריצט מיט פייער און וואָס האָבן דיך פאַרהיפּנאָטיזירט. מען איז אונטער זיין שאַרפן בליק ווי פאַר־כישופט געוואָרן. גיין פלעגט ער מיט אַ שטעקן אויפן מיטן גאַס, שטענדיק באַגלייט פון די חשובע בעלי־בתים און פון זיין שמש. געדאַוונט האָט ער אין „מויערדיקן בית מדרש", אין מזרח זייט, ביים אָרון קודש. שטאָט האָט פאַר אים מורא געהאַט און אים אָפּגעגעבן דעם גרעסטן כבוד. אפילו די טייל יוגנט, וואָס האָט זיך געפירט בסתר אַביסל „פריי" — האָט פאַר אים געצי־טערט און געהאַט פאַר אים דרך ארץ. אַז אָך און ווי איז געווען צו דעם, אָדער צו דער, וואָס האָט אים נישט אויסגעפּאָלגט! פּושעים האָט ער פאַר־שאָלטן און מחרים געווען. לויט ווי מען האָט דערציילט, האָט ער אַמאָל פאַרשאָלטן אַ יידישן פאָטאָגראַפיסט, פאַר נישט וועלן צומאַכן שבת זיין געשעפט, איז ער טאַקע פלוצלינג געליימט געוואָרן און איז פאַרבליבן אַן אייביקער קאַליקע...

מען האָט אים שטאַרק רעספּעקטירט אין די רעגירונגס־קרייזן און מען האָט זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט. און אַז מען האָט פאַרמשפּט אַ יידישן יונגנמאַן, יהודה אָסאַקאָווסקי, צום טויט, אויף דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט דערהרגעט אַ „גאָרדאָוואָי", האָט ר׳ מרדכי׳לע זיך משתדל געווען ביי מלכות און מען האָט דעם טויט־שטראָף פאַרביטן אויף פאַרשיקונג קיין סי־ביר. און מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך טאַקע געהערט ריידנדיק אין „נאַראָדני דאָם" דעם צוריקגעקומענעם פון דער פאַרשיקונג, יהודה אָסאַ־

קאָווסקי, און אין זיינע איבערלעבונגען, האָט ער נישט פאַרגעסן צו דער־מאָנען לזכות ר׳ מרדכי׳לען זצ״ל.

ר׳ מרדכי׳לע האָט נישט געוווסט פון קיין צורת מטבע און האָט נישט געקענט קיין אַנדער שפּראַך חוץ יידיש און העברעאיש. יידן פלעגן קומען צו אים, האַלטן זיך אַן עצה וועגן משפחה־ענינים, און סוחרים — וועגן גע־שעפטלעכע זאַכן. אַז עס פלעגט אַמאָל אויסברעכן אַ סכסוך צווישן אַ ייד מיט אַ גוי, פלעגט דער גוי רופן דעם יידן, נישט אין „סוד״, נאָר „דאַ ראַבינאַ״, ווייל ר׳ מרדכי׳לע פלעגט שטענדיק צופסק׳ענען לטובת דעם גוי... עס פלעגן צו אים אויך קומען פּריצים נאָך עצות און פלעגן אפילו ברענגען צו אים קינדער, בעלי־מום, ער זאָל זיי ווינטשן אַ רפואה...

ר׳ מרדכי׳לע פלעגט נישט נעמען קיין קוויטלעך און נישט קיין פּדיון, ער פלעגט נאָר הייסן געבן צדקה, וויפל יעדער איינער וויל און קען.

איך דערמאָן זיך, ווען מיין מאַמע ע״ה, האָט מיך אַלס קינד, איינ־מאָל אַרויפגעפירט צום רב, ער זאָל מיך בענטשן. אין אַ ליכטיקער ברייטער סאַלע איז ער געזעסן, אויף אַ ווייך בענקל, רויכערנדיק פון אַ ציבעק, וואָס האָט דערגרייכט ביז צום דיל. נאָכן אָנקוקן מיך אַ ווײַלע, האָט ער מיך געטאָן אַ פרעג: „וועלכע פּרשה עס גייט די וואָך?״ און ווען איך האָב אים ריכטיק געענטפערט, האָט ער, אַ צופרידענער, מיר געגעבן אַ קניפּ אין בעקל און אָנגעזאָגט: „זאָלסט פאָלגן טאַטע־מאַמע און זיך לערנען גוט״... דאָס איז געווען ר׳ מרדכי׳לעס ז״ל אַ ברכה.

געזעסן איז ער יומם ולילה און געלערנט. עולם־הזהדיקע געשעפטן האָבן אים פּערזענלעך נישט אינטערעסירט און ער האָט דערפון נישט גע־וואָלט וויסן.

ר׳ מרדכי׳לע איז נפטר געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1916, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, אַרום פּורים־צייט. שטאָט איז געווען אַ לאַנגע צייט איינגעהילט אין טיפן טרויער און בוכשטעבלעך די גאַנצע שטאָט האָט באַווײנט און מלווה געווען איר באַליבטן רב. מען האָט אים געטראָגן אין אַ מיטה פאַרביי אַלע שולן און בתי־מדרשים און דאָס דייטשע מיליטער איז געווען אויסגעשטעלט איבערן גאַנצן וועג, ביז צום ריזשנער בית עולם, פּרעזענטירנדיק דאָס געווער און אָפּגעבנדיק אים דעם גאַנצן מיליטערישן כבוד.

יידישע יינגלעך, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין יענע טרויער־טעג,

האָט מען אַ נאָמען געגעבן מרדכי, אין אָנדענק נאָכן סלאָנימער רב ר׳ מרדכי׳לע זצ״ל.

עטלעכע יאָר איז דער כסא הרבנות אין סלאָנים געשטאַנען ליידיק. נישט אַזוי לייכט האָט די יידישע לומדישע שטאָט, סלאָנים, געקענט צו־קלייבן אַ נאָכפאָלגער, נאָך אַזאַ מין תורה-אויטאָריטעט ווי עס איז געווען ר׳ מרדכי׳לע. ערשט שפּעטער איז אויפגענומען געוואָרן דער אָשמענער רב, הרב הגאון, ר׳ יהודה פיין ז״ל — דער לעצטער מרא דאתרא פון סלאָנים.

## משה׳לע דער חסיד

איינער פון די מערקווירדיקסטע יידן אין סלאָנים איז געווען „משה׳לע דער חסיד״. איך זע אים נאָך איצט אין דער פאַנטאַזיע, אָט דעם אויסגע־דאַרטן פון די תעניתים, בלייכן יידן, מיט זיינע בלויע, מלאכישע אויגן און לאַנגע געקרייזלטע פאות, וואָס פלעגן זיך אַראָפּלאָזן איבער זיין ג׳יידעלן פנים. אַ ציכטיקער, אין אַ לייוונטענער, שוואַרצער קאַפּאָטע, די הענט אין די אַרבל, גייט מיט איילנדיקע טריט אין די פרייטיקן, ערב ליכט-בענטשן און מיט זיין פרומער, זינגעוודיקער שטימע: „ליכט בענטשן״. — „ליכט בענ־טשן״. — דערמאָנט ער די יידן, אַז עס איז שוין צייט צו פאַרמאַכן די קלייטן. עס איז נאָך ווייטלעך צום זון-פאַרגיין, אָבער ער, „משה׳לע, דער חסיד״, האָט מורא, יידן זאָלן חס ושלום נישט נכשל ווערן און פאַרשפּע־טיקן. מען פאָלגט אים. די קראָמען ווערן איינע נאָך די אַנדערע פאַרמאַכט און איבער דער שטאָט שפּרייט זיך אויס די הייליקייט פון שבת.

דער גאַנצער יידישער צער און שווער יידיש לעבן, זיינען געווען אַזוי ווי איינגעזאַפּט אין זיינע גוטע און מיטפילנדיקע אויגן .

שוין דאָנערשטיק, פלעגט ער מיט דער הילף פון עלטערע חדר-יינגלעך, צונויפזאַמלען אין אַ קאָשיק אַביסל אויבסט און זיסוואַרג און יעדן פרייטיק, לכבוד שבת עס צעטיילן צווישן אָרעמע יידישע קינדער, אין די חדרים און תלמוד-תורה׳ס. שבת און יום-טוב פלעגט ער אויך באַזאָרגן מיט כשר עסן די יידישע אַרעסטאַנטן אין סלאָנימער תפיסה. ימים נוראים פלעגט ער פאַר זיי איינאָרדענען אַ מנין אין אַ טורמע-קאַמער. ווען ער פלעגט זען יידישע קינדער האַלטן די הענט אין זייערע קעשענעס, פלעגט ער אויף זיי שרייען און זיי הייסן די הענט אַרויסנעמען — „עס זאָל נישט ברענגען צו קיין עברה״...

משה׳לע דער חסיד האָט אויך געהאַט די חזקה אויפגערופן צו ווערן צו דער תוכחה. דאַן פלעגט זיין אַזוי אויך לויכטנדיקער פּנים זיך צעשיינען ווי מיט טויזנטער זונען.

אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען די דייטשן אין די אָקופּאַציע-יאָרן פון סלאָנים, פלעגן אים צוגלייך מיט אַלע יידן, שבת, „כאַפּן אויף אַרבעט״, אים שלאָגן מכת רצח, ער זאָל אַרבעטן, — פלעגט ער זיי מוסר׳ן אויף יידיש: „רשע, שלאָגסט דאָך מיין גוף, נישט מיין נשמה!״ — און זיי פלעגן זיך מוזן אונטערגעבן און אים אָפּלאָזן.

זיין התנהגות איז געווען פון אַ פּרוש. פון זיין ווייב האָט ער זיך אָפּגעשיידט און געפּראַוועט בדידות. ער פלעגט זיך יעדן פאַרטאָג, סיי זומער, סיי ווינטער, טובל׳ען אין טייך. אין יעדער עת צרה פאַר יידן, פלעגט ער זיך באַווייזן, זיי מוטיקן און רופן זיי צו האָבן בטחון אין גאָט.

גע׳שמ׳ט האָט ער אין שטאָט, סיי צווישן יידן און פיי צווישן גוים פאַר אַ הייליקן.

## די „אַרבעטער טיי-האַלע״ אין סלאָנים, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין 1916

אין דער אַמאָליקער „יעווריייסקאַיע אוטשילישטשע״ — אַ גרויסע געמויערטע געביידע פון צוויי שטאָק מיט גרויסע ליכטיקע שול-קלאַסן, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן הויף אין וועלכן מען פלעגט אַריינגיין פון „נעווסק״ — האָט זיך געפונען אין די לעצטע יאָרן פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע אין סלאָנים די „אַרבעטער טיי-האַלע״. וויל איך טאַקע דאָ אויפמישן אַ בלעטל זכרונות וועגן יענער הערלעכער אינסטיטוציע און דערמאָנען די מענטשן, וואָס האָבן מיט איר אָנגעפירט. די „אַרבעטער טייהאַלע״ האָט אַריינגעשריבן אַ מערקווירדיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין סלאָנים און האָט געלייגט אַן אייגנאַרטיקן חותם אויף זיין שפּעטערדיקן אויספורעמען.

דאָס איז געווען סוף יאָר 1916. די דייטשע אָקופּאַציע מאַכט האָט אָנגעהויבן נאָכלאָזן פון איר שטרענגקייט און איז געוואָרן עטוואָס מילדער. זי האָט אויפגעהערט צו „כאַפּן״ און צו שיקן אויף „צוואַנג-אַרבעט״ און יידן האָבן אָנגעהויבן פרייער און לייכטער צו אָטעמען. דאַן איז ווי פון אונטער

דער ערד אַרויסגעוואַקסן אַ גרויסע יידישע אינטעליגענץ — אַ כוח, וואָס האָט אַ טרייסל געטאָן דאָס פאַרגליווערט יידיש לעבן. די יידישע סלאָנים האָט זיך דאַן אַזוי ווי אויפגעכאַפּט פון אַ לעטאַרגישן שלאָף.

לפּנים וועגן פלעגט די „אַרבעטער טיי-האַלע" דינען אַלס אָרט, ווו אַרבעטער און פאָלקס-מענטשן פלעגן אַריינקומען און פּאָר עטלעכע פעניג פלעגן זיי באַקומען אַ גלעזל טיי מיט צובייסעכץ, און ביי די לאַנגע טישן אינעם גרויסן זאַל, אויך קענען לייענען אַ צייטונג, אָדער אַ זשורנאַל. פּאַקטיש אָבער, פלעגט דאָ זיין דער קאָנצענטראַציע-פּונקט פון די יידישע אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס פון שטאָט. געווען איז די „אַרבעטער טיי-האַלע" פאַרוואַלטעט פון דריי יידישע אַרבעטער-פּאַרטייען: „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער בונד"; „יידישע אַרבעטער-פּאַרטיי פּועלי ציון" און „יידישע אַרבעטער-פּאַרטיי ס. ס." (ציוניסטן-סאָציאַליסטן), שפּעטערדיקע „פאַרייניקטע", וועלכע האָבן אויך געהאַט זייערע פּאַרטיי-לאָקאַלן אין דעם בשותּפותדיקן הויז. אין די אָוונטן און אין די שבת-נאָכמיטיקן פלעגט דאָרט רוישן ווי אין אַ בינשטאָק. די צימערן זיינען געווען איבערגעפּולט מיט מענטשן. מען פלעגט אָפּהאַלטן פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען; מען פלעגט איינאָרדענען דיסקוסיעס וועגן פאַרשיידענע יידישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען; פאָרלעזונגען אויף ליטעראַרישע טעמעס; דערמאָנונגען נאָך יידישע שרייבערס, קולטור און קונסט-אָקטן.

און איצט, 38 יאָר נאָך יענער צייט, זע איך זיי, די אידעאַליסטישע יוגנט, וועלכע האָבן געקעמפט צווישן זיך פאַר דער השפּעה אויפן דעמאָלסטיקן יידישן לעבן אין שטאָט. איך זע די דריי ברידער זאַקין — דבורה מנשהס זין, וועמענס שניט-קראָם האָט זיך געפונען אויפן מאַרק: דער עלטסטער, מאָטל זאַקין, דער ס. ס.'אָוועץ, דער הויכער בלאָנדער מאַן, מיטן קורצגעשאָרן בערדל, דער שטענדיק געלאַסענער און באַזאַכטער; משה זאַקין, דער פּועלי-ציוניסט, און דער יינגסטער פון זיי, מיירים זאַקין, דער בונדיסט, דער באַרימטער מענשעוויק און שפּעטער, מיליטערישער דאָקטער פון דער רויטער אַרמיי...

און אין יאָר 1917, נאָכן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע און באַלפור-דעקלאַראַציע — ווען די צוויי ליכטיקע גאולה-בשורות האָבן אַריינגעשיינט אינעם חושכ'דיקן, יידישן לעבן — הער איך אים אין „נאַראָדני דאָם" ריידן אָט דעם נידעריקן, ברונעטן, היציקן און דינאַמישן, מיירים זאַ-

קין, אויף די טעמעס „דער שטורעם און דראַנג-פעריאָד אין רוסלאַנד" און „צי איז מעגלעך אַ יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע?"

און מיט אַ יאָר שפּעטער, אין 1918 — דאָרטן ביי דער טריבונע, אויפן מאַרק-פּלאַץ, זע איך צווישן דער גרויסער, יידישער אַרבעטער-מאַסע מיט רויטע פאָנען, וואָס איז געקומען באַגריסן צום ערשטן מאָל די סאָוויעטן-מאַכט — אַ קליינע, צונויפגעטוליעטע גרופּע יידישע מענטשן בראש מיטן צעירי ציוניסט העלבערג מיט אַ בלוי-ווייסער פאָן, וועלכע מען האָט געלאָזט באַגריסונג נישט אָנגענומען.

שווימט אויף פאַר מיינע אויגן יענער פראָסטיקער ווינטער-טאָג אויפן פּלאַץ, מיט דער גרויער מאַסע סאָלדאַטן, פויערים און אַרבעטער. אויף דער טריבונע שטייט אויך זלמן קוניצע, דער באָלשעוויק און געוועזענער אַנאַר-כיסט. זיין רויטע באָרד, באַשטראַלט פון דער קאַלטער ווינטער-זון שרפה׳ט נאָך שטאַרקער מיט איר רויטקייט. קלינגען נאָך מיר עד היום אין די אויערן זיינע פאָרוואורפן קעגן יענער איינזאַמער גרופּע יידן מיט זייער ווייס-בלויער פאָן און מיט זיין באַגריסונג: „ווען איך וואָלט געווען אַ פרומער ייד, וואָלט איך היינט געמאַכט שהחיינו"... צוזאַמען מיט די גלויביקע רייד פון בונדיסט מיירים זאַקין אין „נאַראָדני דאָם"... „און אַ יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע איז נישט מעגלעך"... און איך זע אין מיין פאָרשטעלונג, יענע פאַרשעמטע ווייס-בלויע פאָן געטראָגן פון דער קליינער, דערפאַר אָבער, דרייסטער צעירי-ציון-גרופּע אין סלאָנים, — פלאַטערן איצט שטאָלץ אין דער הויפּטשטאָט פון די סאָוויעטן אַלס די מלוכה-פאָן פון דער היינטיקער ווירקלעכער יידישער מדינה אין ישראל...

פון יענער „אַרבעטער-טיי-האַלע" איז עס אַרויסגעקומען אין סלאָנים די ערשטע יידישע פאָלקס-שול; די לערער אין יענער צייט זיינען געווען: משה-בערל קוניצע און ברכות (געענדיקט די גראָדנער לערער-קורסן); מיש-קין, דזיענציעלסקי, מאַנטע, שרה לידאָווסקי, וואַליצקי, וועלכע האָבן אין צעוואָרפענע לאָקאַלן, אין די „וויבער-שולן" ביי די שווערסטע באַדינגונ-גען געלערנט יידישע קינדער. ערשט מיט יאָרן שפּעטער איז שוין אין אָפּע-רע-געסל געשטאַנען די פּרעכטיקע ציש"אָ-שול און די גרויסע שטאָטישע ביבליאָטעק מיט איר פאַרוואַלטער פּייטעלעוויטש.

פון דער אַרבעטער טיי-האַלע איז עס אַרויסגעוואַקסן דער דאַן אין סלאָנים גרויסער אַרבעטער-כאָר, דיריגירט פון יאַלאָווטצען און ראַטשטיק,

וואָס פלעגט אויפטרעטן אינעם „נאַראָדני דאָם" אויף ספּעציעלע אַרבעטער־פּייערונגען. דאָס האָט טאַקע דער זעלבער כאָר געזונגען דעם 9־טן יאַנואַר („דער בלוטיקער זונטיק"), דאָס ספּעציעל פאַרפאַסט ליד פון זלמן קוניצע און מוזיק פון ראָטשטיין, וועלכע סטראָפן איך געדענק בלויז צוויי פון איר און ברענג זיי דאָ טאַקע:

מיט גלחים און מיט צלמים,
פרומע בילדער, הוילע קעפּ;
פירט ער דאָן דעם בלינדן עולם
צו דעם פּריצ׳ס הינטערטרעפּ.

— — — — — — — — — — — —

און געשוואָרן האָבן זיי הייליק:
מער צום פּריץ קיינמאָל גיין;
מער ניט בעטן דאָס וואָס קומט זיי
נאָר צו נעמען אַליין.

און דער באַרימטער אין סלאָנים, דראַמקרייז, איז אויך אַרויסגעקומען פון דער „אַרבעטער טיי־האַלע". דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן זיין רעזשיסאָר, אהרן מאַשיניסט, די ליבהאָבער־שפּילערס: באַסיענקעוויטש, יודל דער גאַרבער, גיטל דייטש, אסתר לוריע, שקאָלניקאָוויטש, וועלוול עפּשטיין. אויפגעפירט האָט דער דראַמקרייז אַ רעפּערטואַר פון די יידישע קלאַסיקער, ווי „קאַלדוניאַ", „שולמית", „בר־כוכבא" — פון גאָלדפאַדען; „צעזייט און צעשפּרייט", „מזל־טוב" — פון שלום עליכם; דראַמעס און סצענקעס פון יעקב גאָרדין, פּרץ, בערגלסאָן און פּינסקי.

האָבן טאַקע דער אַרבעטער־כאָר און דראַמקרייז אַריינגעבראַכט פרייד אין די יידישע שטיבער אין סלאָנים.

אין יענע יאָרן פון דעם „שטורעם און דראַנג־פּעריאָד אין רוסלאַנד" האָבן געווירקט אין דעמאָלסטיקן יידישן לעבן אין סלאָנים און איניקע האָבן שפּעטער אויך געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער רוסישער רעוואָלוציע און אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, די פּועלי־ציוניסטן: איציקל ווערניקאָווסקי פון קאָלאָניאַל־קראָם אויפן מאַרק; אינזש. אַנשל רייס; פון די ס. ס.; מאָטל זאַקין, כעסקע דוניעץ, עובדיה דעם בעקערס זון, מיט יאָרן שפּעטער, דער רעדאַקטאָר פון „אָקטיאַבער" אין מינסק, וועמען מען האָט דרשאָסן אַלס „טראָצקיסט". יוסף יערושעוויטש — דער גאַרבער; די בונ־

דיסטן: וואַליצקי, מיירים זאַקין, איטשע סוועליצקי, בנימין וואַלקער, חיים זאַקראַיסקי, דער שטעפּער יאַנקל וויניאַרסקי, טוביה גאָלדבערג און די בונדיסטקעס: באַשע בוהאָווסקי, פרומע קאַרפּאָווסקי; פון די קאָמוניסטן: זלמן קוניצע, יאָשקע וואָלאַך, וויניקאָווסקי.

די „אַרבעטער טיי-האַלע" האָט עקזיסטירט ביזן אַריינקומען פון די באָלשעוויקעס אין סלאָנים, אין יאָר 1918.

די סאָוויעטן האָבן אָנגעהויבן צו באַקעמפן די אַנדערע אַרבעטער-פּאַרטייען ווי קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע. די „אַרבעטער טיי-האַלע" האָט זיך פּאַרמאַכט און צוזאַמען מיט איר האָבן זיך אויפגעלייזט אַלע יידישע פּאַר-טייען, אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס.

עס זיינען אָנגעקומען יאָרן פון מלחמה. קאַמפן צווישן באָלשעוויקעס און פּאָליאַקן. דאָס עקאָנאָמישע לעבן אין שטאָט איז געוואָרן שווער און דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן — אָפּגעשטאָרבן.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביזן שליסן דעם ריגער שלום-אָפּמאַך, נאָך וועלכן סלאָנים איז אַריבערגעגאַנגען צו דער נייער מלוכה — פּוילן.

פאַר סלאָנים האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה, ליידער — די לעצטע תקופה פון יידיש לעבן אין סלאָנים.

## דאָס עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלעך יידיש-לעבן אין סלאָנים

אַ דאַנק איר געאָגראַפישער לאַגע, דורכגעקרייצט מיט טייכן און אַרומ-גערינגלט פון בערג, טאָלן און וועלדער, פלעגט סלאָנים אין די מלחמות צווישן די רוסן—דייטשן און באָלשעוויקעס—פּאָליאַקן, זייער שטאַרק ליידן. די קאַמפן פאַרן באַזיץ פון דער שטאָט זיינען געווען דווערנדיקע און די שטאָט פלעגט אָפּטמאָל אַריבערגיין פון האַנט צו האַנט, עטלעכע מאָל אין טאָג. די חורבנות נאָך יעדער מלחמה זיינען געווען שרעקלעכע.

אויך פלעגט סלאָנים אָפט ליידן פון שׂרפות, וויל די מערסטע הייזער זיינען געווען געבויט פון האָלץ, נאָך יעדער שׂרפה פלעגן אַוועקגיין מיטן פייער גאַנצע גאַסן. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום, מיט דער הילף פון קהל און מיט דער שטיצע פון סלאָנימער לאַנדסלייט אין נאָרד-אַמעריקע, פלעגן זיי ווידער אויפגעבויט ווערן.

געצויגן פּרנסה האָבן סלאָנימער יידן פון מסחר און פון האַנדל מיט די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס פלעגן קומען צוויי מאָל אין

וואָך אין שטאָט אַריין און איינקויפן פאַר זיך, פון אַ פּאָר שטיוול, אַ ציצענע קליידל, שוועבעלעך, נאַפט, ביז אַ קרענצל פּאַטשערקעס...

סלאָנים קען אָבער אין געוויסער הינזיכט אויך באַצייכנט ווערן, ווי אַן אַרבעטער-שטאָט. די גרויסע טאַרטאַקן פון דובינבוים, פּיין און גאָלדענבערג, פלעגן מיט דער „שטשארא" שיקן פליטן האָלץ קיין פּרייסן. די גרויסע גאַרבאַרניעס פון גאָלדבערג און צייגער און אַנדערע, קלענערע, פלעגן אויסאַרבעטן לעדער, ניט נאָר פאַר דער שטאָט, נאָר אויך פאַר טיף-רוסלאַנד. מען דאַרף אויך דערמאָנען סידעלניצקיס טשוועקעס-פאַבריק, לאָזינסקיס ביר-ברויערײַ; די פּאַפּיר-פאַבריק אין אַלבערטינע פון וואָלף גורוויטש און די דרוקערייען פון גורוויטש, וואָלאַך, יעליאַן און פּאָראַזאָווסקי. פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט זיך דאָ אויך געפונען די איינציקע ליטאָגראַפיע פון כאַרלאַפּ. סלאָנים האָט אויך פאַרמאָגט אַ שוועבעלעך-פאַבריק „שטשארא", מילן, סמאָליאַרנעס און ציגעלניעס. אין די אַלע פאַבריקן און אונטערנעמונגען, וועמענס בעלי-בתים זיינען געווען יידן, פלעגן אַרבעטן הונדערטער אַרבעטער. חוץ דעם פלעגן אַ סך זיין באַשעפטיקט אין די אַרומיקע וועלדער, וועלכע פלעגן עקספּלואַטירט ווערן פון די גרויסע וואַלד-סוחרים: אייזנשטאַדט, גאָרפינקעל, גורוויטש און ראַבינאָוויטש-מילייקאָווסקי — די באַרימטע אין פוילן פירמע „ראבמיל".

סלאָנימער יידן פלעגן אויך ציען חיונה פון סטאָלערײַ, שניידערײַ, שוסטערײַ, שטעפּערײַ, זייגער-מאַכערײַ און שמידערײַ. יידן זיינען אויך געווען פישערס, קצבים און סאַדאָווניקעס. אַזוי אַרום איז סלאָנים נישט נאָר געווען אַ שטאָט פון תורה, נאָר אויך פון מסחר און מלאָכה.

אייגנאַרטיק און פון אַ באַזונדער קאָלאָריט איז געווען דאָס יידישע לעבן אין סלאָנים אין די לעצטע יאָרן פאַר איר חורבן. איך ווייס ניט פון נאָך אַ יידישער שטאָט אין מדינת רוסלאַנד און פוילן, וואָס זאָל האָבן געהאַט אַ חוץ אַ לינת-הצדק, הקדש, הכנסת-אורחים, בקור-חולים, גמילת-חסדים-קאַסע און ענלעכע יידישע אינסטיטוציעס מיט די סקאַרבאָווע יידישע נעמען — אַן אינסטיטוציע מיט אַזאַ נאַציאָנאַלן נאָמען ווי דער „רויטער מגן דוד" און טאַקע מיט אַ רויטן שטעמפּל און אַ מגן דוד אין דער מיט. איינער פון די גרינדערס פון „רויטן מגן דוד" איז געווען דער לערער פון העברעאיש, דוד ראַקאָוויצקי, שפּעטער — געוועזענער דירעקטאָר פון תרבות-גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק. דאָס איז געווען אַן אינסטיטוציע, וואָס פלעגט

אויסבאָרגן, קעגן אַ משכון, פאַר קראַנקע יידן, מעדיצינישע מכשירים, ווי אַ פּענכער צו אייז, אַ קלעסטיר און האָט אויך פאַרמאָגט אַ גרויסן קעלער מיט אייז אויך אין דער זומער-צייט.

נישט געקוקט, וואָס די פּוילישע מאַכט האָט מיט אַלע מיטלען געוואָלט סלאָנים פאַרפּוילישן און האָט באַזעצט די שטאָט מיט די אַזוי גערופענע „אָסאַדניקעס" — פּאָליאַקן פון פּויזן — דאָך איז די מערהייט באַפעלקערונג פאַרבליבן אַ יידישע. די מערהייט ראַטמענער אין שטאָט-ראַט זיינען געווען יידן. די וויצע-בירגערמייסטערס פון שטאָט זיינען געווען: דער ציוני ותיק, משה זאַבלאָצקי, באָריס פּיסעצקי און די לאַווניקעס — דער ציוניכּע מאַניע קאַפּלאַן און דער בונדיסט, איטשע סוועטיצקי.

צוגלייך מיט דער ישיבה און תלמוד-תורה, ווו מען פלעגט שוין לערנען אויך לערנען עטוואָס פון וועלטלעכע למודים; וואָלפאָוויטשעס קלאַס; שילאָוויצקיס קלאַס; „תחכמוני" פון לערער מירסקי, „תרבות"-שול, ציש"א-שול מיט די לערערס משה בערל קוניצע, שרה לידאָווסקי, זעלדע זעליקאָוויטש, — האָט סלאָנים אויך געהאַט אַ פּריוואַטע גימנאַזיע מיט מלוכה-רעכט. און כאָטש די אונטעריכט-שפּראַך אין איר איז געווען צוערשט רוסיש און שפּעטער פּויליש — דאָך זיינען איר דירעקטאָר און לערערס געווען יידן. די גימנאַזיע פלעגט אויך באַקומען אַ מאַטעריעלע שטיצע פון דער יידישער געזעלשאַפט.

אין סלאָנים פלעגן אויך דערשיינען יעדן פרייטיק צוויי יידישע וואָכנבלעטער: די ציוניסטישע „דאָס סלאָנימער וואָרט", וועמענס רעדאַקטאָר איז געווען משה זאַבלאָצקי, וואָס פלעגט זיינע מאמרים אונטערחתמענען מיטן פּסעוודאָנים „איקצאָלבאַז" און „אונדזער שטימע" מיט אַ פּועלי-ציוניסטישער טענדענץ, רעדאַגירט פון וועלוול ראַמאַנאָווסקי און מיירים רעזניק, מיט דער מיטאַרבעט פון כאַצקל ראַבינאָוויטש, וואָס פלעגן זי, אַגב, אַליין זעצן און דרוקן אין זייער אייגענער דרוקעריי „רעקאָרד", געוועזענע דרוקעריי פון וואָלף גורוויטש. אין „סלאָנימער וואָרט" פלעגן מיטאַרבעטן: דער העברעאישער לערער גד גאָלדבערג, יורש און אויב איך האָב ניט קיין טעות — אויך קלמן ליכטענשטיין, וואָס האָט געשריבן קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן ליטעראַטור און קונסט.

די יידישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן אַמשטאַרקסטן געווירקט אין סלאָנים אין יענע יאָרן, זיינען געווען: די אַלגעמיין-ציוניסטישע, דער „בונד"

און פועלי־ציון (רעכטע). די ציונים האָבן אויך פאַרמאָגט אַן אייגענע פּרעכ־טיקע בית הכנסת, וואָס האָט זיך טאַקע גערופן „ציוניסטישע שול" און אַ „בית עם". עס זיינען אויך געווען „מזרחי", בית"ר, און גאָר לעצטנס אויך „אגודת ישראל".

כמעט די גאַנצע יידישע יוגנט האָט אָנגעהערט, אָדער סימפּאַטיזירט צו אַ פּאַרטיי. אַזאַ איינער, וואָס האָט נישט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי און נישט סימפּאַטיזירט מיט קיין שום אידיי, האָט מען גערעכנט פאַר „אַן אָפּגעשטאַנענעם".

איינע פון די שענסטע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט, אגב, אויך געהאַט אַ שם אין גאַנץ פוילן, איז געווען דער „השומר הצעיר" אין סלאָנים, דאַן באַר אַ ציוניסטישע יוגנט באַי־סקאַוט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געציילט עט־לעכע הונדערט קינדער און יוגנטלעכע. די גרינדער און אָנפירער פון „השומר הצעיר" אין סלאָנים זיינען געווען די ברידער יונה און לאַזאַר שאַ־פּירא, די זין פונעם לערער שאַפּירא, (זיי זיינען עולה געווען קיין ארץ־ישראל). און איך זע זיי, די טייערע יידישע קינדער, אין די כאַקי־העמדלעך, און קורצע כאַקי־הייזלעך, מאַרשירנדיק אונטער דער קאָמאַנדע פון די ברי־דער שאַפּירא, דעם נידעריקן יונה און דעם הויכן לאַזאַר, איבער די סלאָני־מער גאַסן, צו דעם שאָסיינעם וואַלד. און נישט אין ביטול־שמייכל האָבן זיי אַרויסגערופן ביי די צוקוקער... און גיי ווייס, אַז נישט איינער פון די דאַן מאַרשירנדיקע ייִנגלעך, האָבן מיט יאָרן שפּעטער געטריקנט די זומפּן און געפלאַסטערט די וועגן פון אונדזער אייגן לאַנד; און אַז קאַליאַ לאַץ, פון סלאָנימער „השומר הצעיר", זאָל אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, שוין אַן אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי אין ראַטנפאַרבאַנד קעמפן קעגן די נאַ־ציס און נאָך דער מלחמה זיך דערדינען צום אַמט פון פּוילישן קאָנסול אין תל־אביב...

אין יאָר 1921 איז אין סלאָנים אויך אויפגעקומען אַ קאָמוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע — „קאָמסאָמאָל", און אין יאָר 1922 זיינען שוין צענדלי־קער יידישע ייִנגלעך און מיידלעך געווען אַרעסטירט און באַשולדיקט אין קאָמוניסטישער טעטיקייט. די אויספאַרשונג האָט זיך געצויגן פיר יאָר צייט און ערשט אין יאָר 1926 איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס. אייניקע פון די אַרעסטירטע זיינען געזעסן אין תפיסה די גאַנצע פיר יאָר ביזן געריכט. אין יאָר 1924 איז סלאָנים אויך אויפגעשוידערט געוואָרן פון אַ שטאַנד־

געריכט איבער אַכצן פּאָליטישע אַרעסטירטע, באַשולדיקטע אין מאַכן אַ פּרווו צו אַנטלויפן פון סלאָנימער טורמע. צווישן די אַכצן האָבן זיך געפונען אייניקע יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן נאָך אָפּגעוואַרט דעם פּראָצעס פון „קאָמסאָמאָל". דער פּראָקוראָר האָט געפאָדערט פאַר אייניקע טויט-שטראָף. צום גליק האָט דער שטאַנד-געריכט איבערגעגעבן דעם פּראָצעס צו אַ קרייז-געריכט און דער לעצטער האָט מיט אַ יאָר שפּעטער אַרויסגעגעבן קליינע שטראָפן. צווישן די באַרימטסטע אַדוואָקאַטן פון פּוילן, וואָס האָבן פאַר-טיידיקט די באַשולדיקטע, האָבן זיך אויך געפונען די סלאָנימער אַדוואָ-קאַטן: ד"ר ווייס און איצקאָוויטש.

דאַרפן שוין דאָ ביי דער געלעגנהייט פאַרצייכנט ווערן די נעמען פון אייניקע פּראָוואָקאַטאָרן אין סלאָנים: יונה אַזעף, (דער טרויעריק-באַ-רימטער רעוואָלוציאָנער און פּראָוואָקאַטאָר אַז אַ געבוירענער אין דע-רעטשין, אַ שטעטל נאָענט פון סלאָנים); אברהם פּאָלאָנסקי, מלך דעם מעל-קרעמערס זון, וועלכער האָט עס טאַקע אַרויסגעגעבן דעם סלאָנימער „קאָמסאָמאָל" אין יאָר 1922; שיימע קאַנטאָראָוויטש און דער מסור, „אייזעלע פּאַרך", וועמען מען האָט אין אַ יום כפור דערטרונקען אין סלאָנימער טייך...

די אַרבעטער זיינען געווען אָרגאַניזירט אין פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אָנגעהעריקע צום לאַנד-ראַט פון דער צענטראַלע אין וואַרשע. די השפּעה אויף די מערסטע פאַריינען האָט געהאַט דער „בונד".

די סלאָנימער יידן זיינען באַוווסט אַלס גוטהאַרציקע און מנדבים. נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען די רוסישע אַרמייען האָבן געליטן די ערשטע מפּלות אין פּרייסן, און לויטן באַפעל פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, האָט מען אַרויסגעטריבן יידן פון די געביטן נאָענט צו דער דייטשער גרעניץ, ווייטער אין רוסלאַנד, — איז אויך סלאָנים פאַרפלייצט גע-וואָרן פון אַזעלכע היימלאָזע. דאָס יידישע סלאָנים האָט אָבער די אומגליק-לעכע, ברידערלעך און האַרציק אויפגענומען, זיך געטיילט מיט זיי מיטן עסן און געלעגער און זיי איינגעאָרדנט ביי זיך. איז נישט צו חידושן זיך, וואָס אַ סך פון יענע היימלאָזע און שפּעטער אויך יידן פון אַנדערע מקומות, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן צייטווייליק אין סלאָנים, די שטאָט ליב באַקומען, זיך באַזעצט אין איר און זיך מיט איר געגרויסט.

דאָס יידישע לעבן אין סלאָנים איז געווען פאַלקסטימלעך און יידיש-לעך דורך און דורך. אויך דאָס יידישע קולטור-לעבן איז געווען שטאַרק אַנט-

וויקלט. האָט טאַקע די אַסימילאַציע אויפֿן יידישן לעבן אין סלאָנים קיין שליטה נישט געהאַט.

סלאָנימער יידן געפֿינען זיך צעוואָרפֿן איבער דער גאַנצער וועלט. אויך אין זייערע נייע היימען, זיינען זיי פֿאַרבליבן די זעלבע פֿאָלקסטימלעכע, האַר-ציק יידן. ווי אין זייער אַמאָליקער היימשטאָט, ווי זיי וואָלטן טראָגן בירושה, אין זייער בלוט דעם נוסח סלאָנים.

***

אַזוי האָט געלעבט ביי דער טייך שטשאַראַ, אַ פֿאַרוואָרצלט פֿון דורות אַלטע יידישע שטאָט. אין תש״א־תש״ג, זיינען אַוועק אין דער אייביקייט פֿינף הונדערט יאָר יידיש לעבן — דאָס יידישע סלאָנים.

איך, בנימין בן פסח ודאבע, אַ זון און אַ יתום פֿון דער עדה הקדושה סלאָנים, הער דעם אל מלא רחמים זאָגן פֿון איר לעצטן שטאָט-שמש און חזן ר׳ אברהם משה מלמד ז״ל פֿאַרן אומברענגען זי און זאָג נאָך:

— יתגדל ויתקדש שמיה רבא...

## לאָמיר אויפדרייען די קנייטן און מאַכן ליכטיק!...
### (מחשבות צו די שלושים נאָך שמואל ניגער ז״ל)

איז שוין ש. ניגער אויך נישטאָ!

און זיי גייען ביסלעכווייז אַוועק די מענטשן פון גייסט, פון יידישן שאַפן — די לעצטע פון אונדזער דור. אין עטלעכע יאָרן נאָר, זיינען אַוועק אין דער אייביקייט: דוד איגנאַטאָוו, אברהם רייזען, מאַני לייב, יוסף אָפּאַטאָשו, צביון, חיים גרינבערג, די רבנים גאונים הרב ראובן בענגיס און חזון איש, ליבמאַן הערש און נאָך און נאָך. איצט, שמואל ניגער — זכרונם לברכה! צו פיל נעמען פון אונדזערע גדולים, וועלכע גייען אַוועק. ווייניקע זיינען געבליבן צו איבערציילן. באַלד... באַלד... און די זון זאָל זיך אויסלעשן אין מיטן טאָג?...

דור הולך ודור אינו באָ! — האָט געשריבן אברהם גאָלאָמב. נאָך דער פּטירה פון חיים גרינבערג ז״ל. — אַ דור גייט אַוועק און אַ דור קומט נישט. אין דעם ליגט די גרויסע טראַגעדיע פון אונדזער אומה. און עס איז נישט צו זען: מאין יבוא? כון וואַנען זאָלן קומען אַנדערע, וועלכע זאָלן פאַרנעמען די פּלעצער פון די אַוועקגייענדיקע. און יעדער פון זיי איז דאָך געווען אחד בדורו.

און פון וואַנען זאָלן טאַקע קומען יורשים, ווען די וואָרצלען האָבן פאַרלאָרן זייער יניקה נאָך אַזאַ פאַלקס־בויאָך. אַז עס איז פאַרשוווּנדן דאָס יידישע שטעטל, וואָס איז געווען אייגנטלעך, אַ גאַנצע יידישע וועלט. יידיש שטייגער לעבן. יידישע גאַסן און שולהויפן, חדרים, ישיבות, שולן און בתי־מדרשים, פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן דער „אמר רבא אמר אביי״. פון דאָרטן זיינען זיי דאָך אַרויסגעקומען אונדזער גייסטיקע שאַפערס, מנהי־גים און גדולי הדור.

און עס גייען אַוועק אונדזערע לעצטע אין אַ זייער שווערער צייט פאַר

אונדזער פאָלק, תפוצות ישראל, מדינת ישראל, יידיש לשון, יידישע ליטע-ראַטור, יידישקייט. ווי וועט זיך אויסגעשטאַלטיקן און אויפהאַלטן אונדזער יידיש לעבן אין די תפוצות? ווו גייט מדינת ישראל? וועט זיך דאָרטן שאַפן אַ ניי יידיש פאָלק? די זיכערקייט פון אונדזער יידיש לעבן אין דער גולה און די עקזיסטענץ-זיכערקייט פון דער מדינה. — פּראָבלעמען, וואָס באַ-אומרואיקן.

**
*

פון יידישן שטעטל דוקאָר, ווייסרוסלאַנד, אין תחום המושב, איז גע-קומען שמואל ניגער. פון חדר און ישיבה, צו דער ס"ס-פּאַרטיי, צו דער יידישער פּובליציסטיק, צו דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. וואָלט ער נישט אַוועק אויף דעם וועג, וואָלטן מיר, מעגלעך, פאַרמאָגט נאָך איינעם פון די גרויסע רבנים דליט"א, הרב הגאון שמואל טשארני... איז אָבער באַשערט געווען דער יידישער ליטעראַטור צו האָבן איר מאָדערנעם גרויסן רבי און מפרש, שמואל ניגער.

און שמואל ניגער איז באמת געווען דער גרויסער ליטווישער רבי און מתנגד אין דער יידישער ליטעראַטור. איר טייטשער און אויסטייטשער. ער האָט געלערנט צו פאַרשטיין, צו באַנעמען און באַגרייפן דאָס, וואָס מען לייענט. ער האָט געלערנט דעם יידישן שרייבער וואָס און ווי צו שרייבן, און דעם יידישן לייענער — לייענען.

אין דעם שאַפן פון דעם יידישן שרייבער האָט ער געזוכט דאָס אייביק-דויערנדיקע און ווערטיקע פאַרן יידישן פאָלק. — „איך האָב געקעמפט אַ לעבן לאַנג פאַר דער קונסט פון וואָרט, נאָר וואָרט אַליין איז נישט גענוג. עס מוז אויך זיין אַ גייסטיקער אינוועטאַר. מען מוז זיין אַ שותף צו אַלע שע-פערישע כוחות. מען מוז שעפן פון אַלע טיפע קוואַלן" — האָט אַרויסגע-בראַכט ניגער אין זיין שמועס מיט יעקב פּאַט.

ווי אַ ליטווישער רב, אַ קנאי, אַזוי איז ש. ניגער מיט זיין קאַלטער לאָגיק, חריפות און לומדות, קיינמאָל נישט אַריינגעפאַלן אין התפעלות און התלהבות ביים אויפנעמען אַ דערשיינונג אין יידישן לעבן און אין דער יידישער ליטעראַטור. זיך נישט געלאָזט נאָך פינקלדיקע פאַרפירערישע פייערלעך. שטענדיק פאָרזיכטיק און מיט אַחריות געהיט דעם גאָרטן „יידי-שע ליטעראַטור". אַרומגעצוימט אים מיט גדרים, אַז ציגן זאָלן אין אים

נישט אַריינשפּרינגען. האָט ער וועמען געגעבן שרייבערישע „סמיכה" — איז יענער געווען ראוי.

ש. ניגער איז נישט געווען בלויז דער אויטאָריטאַטיווער ליטעראַטור-קריטיקער. ער איז געווען דער שותף צום יידישן שרייבער. אַליין דער שאַפער פון מאָנומענטאַלע ווערק, ש"סן אין דער יידישער ליטעראַטור. און ווי אַ פּוסק וועט ער פאַרבלייבן אין דער יידישער ליטעראַטור-קריטיק.

דער זעלבער ביכטערער „ליטוואַק" איז ער אויך געווען אין דער יידישער פּובליציסטיק, אַ גלויביקער אין דער אייביקייט פון יידישן וועלט-פאָלק. אַ וואָרטזאָגער און מורה דרך אין יידישן לעבן.

**
*

איז ווו האַלטן מיר היינט אין דער יידישער ליטעראַטור?

זאָגט דער יידישער דיכטער און ליטעראַטור-קריטיקער יעקב גלאַט-שטיין:

„עס איז אומעטיק אין הויז פון דער יידישער ליטעראַטור. מען האָט אָנגעהויבן אַליין אויסדרייען די קנייטן אין די לאָמפּן. מען מוז מאַכן ליכטיק". (יעקב פּאַט: „שמועסן מיט יידישע שרייבער").

דערציילט דער אַלזייטיקער יידישער שרייבער, פּובליציסט און קריטיקער, אונדזער יעקב באָטאָשאַנסקי:

געווען איז עס מיט 25 יאָר צוריק, אין וואַרשע. איז אים אויסגעקומען צו גיין צוזאַמען מיט אָפּאַטאָשו ע"ה, מיטן איצט נפטר געוואָרענעם ניגער ע"ה און זיי צו לאַנגע יאָרן, יצחק באַשעוויס. אָפּאַטאָשו און ניגער זיינען געגאַנגען פאָרויס און ער מיט באַשעוויסן הינטער זיי. און באַשעוויס, פאַרלאַנגזאַמענדיק די טריט, נישט זיין נאָענט צו די צוויי גדולים, האָט צו אים אַ זאָג געטאָן:

„ווען אימיצער גיט אַ צוויי שאָסן אין אָט די צוויי, וואָלט ער אַוועקגעלייגט אַ האַלבע יידישע ליטעראַטור"...

דערמאָנט ער עס היינט, דער שטענדיקער בעל בטחון און קעמפער פאַר יידיש לשון און יידיש לעבן, דער מחבר פון „פשט" און זאָגט:

„...איצטער, ווען אָפּאַטאָשו איז שוין נישטאָ זייט אַריבער אַ יאָר און ניגער איז שוין אויך אַוועק, קלינגען מיר יענע ווערטער באַשעוויסעס מאָדנע אין די אויערן:

„מ׳האָט שוין ביידע אַוועקגעלייגט...
„און דאָס גאַנצע וואַרשע איז שוין אויך ניטאָ...
„און אַ האַלבע ליטעראַטור איז דאָך ניט אַוועק...
„און מער ווי אַ האַלב יידיש לעבן איז אַוועק...״

***

איז ווען מיר קומען זיך צונויפֿ, שרייבערס און לייענערס, קולטור־טוערס, לערערס און תּלמידים, דאָס פֿאָלק, זיך מתיחד זיין מיטן גייסט פֿון אַן אַוועקגייענדיקן גדול בישראל — זאָלן מיר זיך ערנסט פֿאַרטראַכטן וועגן אונדזער יידיש לעבעדיקן לעבן. ער׳ן אונדזערע גייסטיקע שאַפֿערס ביי זייער לעבן. זיי אַרומרינגלען מיט ליבשאַפֿט און דערמעגלעכן זיי צו שאַפֿן וואָס גרעסערע ווערטן פֿאַר אונדזער יידיש פֿאָלק.

ווערט עטוואָס פֿינצטער?...
— איז לאָמיר אויפֿדרייען די קנייטן און מאַכן ליכטיק!...

1956

# אַ גייסטיקער אוהל נאָך קדושים וטהורים
## לערער־יזכור־בוך נאָך די אומגעקומענע לערער
## פון ציש״אָ שולן אין פוילן

אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט נעם איך אַרויס פון ביכער־שראַנק דעם „לערער־יזכור־בוך נאָך די אומגעקומענע לערער פון ציש״אָ שולן אין פוילן". דאָס איז אַ הייליק ספר. עס ווערן אין אים באַשריבן די הייליקע מעשים פון יידישע לערערס און לערערינס. לעבנס פון קדושים וטהורים, אומגעבראַכטע אין די גזירות ת״ש — תש״ה. איך מיש די הייליקע בלעטער. מער ווי 500 ביאָגראַפיעס. פאָטאָס פון לערערס און לערערינס. אַ לאַנגע רשימה מיט נעמען וועגן וועלכע מען האָט,ליידער, נישט באַקומען זייערע ביאָגראַפישע דאַטעס. בילדער פון שול און לערער־צוזאַמענפאָרן; פון שול־קלאַסן; פון תלמידים צוזאַמען מיט זייערע לערערס; שול־אויספלוגן. איך לייען די געשיכטלעכע אַרבעטן וועגן דער יידישער וועלטלעכער שול־באַוועגונג; צ. ב. ק. — צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע; די ציש״אָ לערער־סעמינאַר אין ווילנע און וואַרשע; די מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיעדזשין; וועגן די שילערס און לערערס פון ציש״אָ אין די געטאָס און דייטשע קאָנצענטראַציע לאַגערן. איך פאַרטיף זיך אין דער געשיכטע פון דער ווונדערלעכער שול־אָרגאַניזאַציע אין פוילן, וואָס האָט געטראָגן די לויכטנדיקע ראשי־תיבות: ציש״אָ — צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע. מען דערפילט אונדזער גרויסע אבידה. וואָס פאַר אַ טייערן מענטשן־אוצר מיר האָבן אַמאָל פאַרמאָגט און וועלכן מען האָט אַזוי גרויזאַם אומגעבראַכט.

קורץ איז געווען דאָס לעבן פון דער ציש״אָ. נישט מער ווי 19 יאָר. פון 1921 ביז 1940. און דאָך האָט זי פאַר דער צייט באַוויזן אַרויסצוגעבן אַ נייעם דור יידן, אָנגעזאַפּט מיט יידישער וועלטלעכער קולטור, מיט ליבע צום

יידישן פאָלק, צו יידיש לשון און מיט אַן אידעאַל פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט. צישאָ האָט געשאַפן אַן אייגנאַרטיקן טיפּ תלמיד. אַ נייעם יידישן פאָלקס-אינטעליגענט. זי האָט געווירקט אין דער היים, אין די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער פאַריינען, אין געזעלשאַפטלעכע און קולטור-אָרגאַניזאַציעס — אין יידישן פאָלקס-לעבן. עס איז אַנטשטאַנען נוסח צישאָ. קערנדלעך אירע האָבן זיך איבערגעטראָגן אין אַלע טיילן פון דער וועלט. אין ליטע און רומעניע, אין לעטלאַנד און אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע, אין אַרגענטינע, אורוגוויי, אין קאַנאַדע און מעקסיקע, אין בראַזיל, אין דרום-אַפריקע און אין אַנדערע לענדער — אומעטום ווו עס לעבן יידן, זיינען אויפגעקומען יידישע פאָלקס-שולן, ענלעכע אין גייסט פון די צישאָ-שולן. פון איר, פון דער צישאָ אין פּוילן, האָט זיך געטראָגן איר ליכט.

ביטער איז געווען די דאָליע פונעם יידישן לערער פון די צישאָ-שולן. אַ לעבן פון הונגער און נויט. פון אָרעמקייט און דחקות. פון שווערע נסיונות. דערצו נאָך רדיפות פון די רעאַקציאָנערע רעגירונגען אין פּוילן קעגן דעם יידישן וועלטלעכן שול-וועזן. פון פּאָסטן זיינעם, אָבער, איז דער לערער קיינמאָל נישט אַוועק. אַ הונגעריקער איז דער צישאָ-לערער געשטאַנען אין קלאַס און געלערנט יידישע קינדער, און הונגעריקע, דערפרוירענע, אין ווינטער, אין נישט געהייצטע שול-קלאַסן זיינען זיי געזעסן די קליינע תלמידימלעך און געהערט די לעקציעס. ווייל גרויס איז געווען דער צובונד פונעם לערער צו זיינע שול-קינדער און וואונדערלעך — די ליבע פון די קינדער צו זייער לערער. גיב אַ בליק אויף די בילדער אין לערער-יזכור-בוך — ווערסטו עס זען. לייען די באַשרייבונגען אינעם ספר — ווערסטו זיך דערוויסן. — „דאָס איז געווען אַ וואונדערלעכע גרופּע מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט מיט אַ גרויסער אידייע און איר געדינט מיט דער גאַנצער נשמה" — האָט געשריבן איינער פון די גרינדערס פון דער צישאָ, דער פאַרשטאָרבענער שלמה מענדעלסאָן ז"ל, וועגן די צישאָ-לערערס נאָך די ידיעות פון חורבן פּוילן.

געשטאַמט האָבן זיי, די מערסטע לערערס פון דער צישאָ פון אַרבעטערהיימען, פון נישט-פאַרמעגלעכע משפחות. אַליין — ווי מען זאָגט — געווען קינדער פון נויט, פון פאָלק. דערפאַר טאַקע איז געווען זייער גרויסע ליבע צום יידישן קינד און דערפאַר טאַקע האָבן זיי פאַרמאָגט דעם לויטערן אידעאַליזם פאַר דער גרויסער זאַך. זייער אַחריות פאַרן קיום פון דער יידישער

שול, זייער מסירת־נפש פאַר דער יידישער דערציאונג האָבן נישט געהאַט קיין גרעניצן.

צוזאַמען זיינען זיי אויך געגאַנגען דעם לעצטן וועג. די לערערס מיט זייערע שול־קינדער. הגם אַ סך פון זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייטן צו ראַטעווען זייערע אייגענע לעבנס, האָבן זיי עס אָבער נישט געטאָן. זיך נישט געוואָלט צעשיידן מיט זייערע תלמידים. צוזאַמען זיינען זיי געווען אין לעבן און צוזאַמען געגאַנגען צום טויט. — בחייהם ובמותם לא נפרדו!

אין דעם יזכור־בוך באַטייליקן זיך צענדליקער חברים און פריינד. יעדער אויף זיין אופן האָט מיט עטלעכע שורות געוואָלט פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אומגעבראַכטן. צוזאַמען מיט די גרעסערע און וויכטיקע אַרבעטן, געשריבן פון לערערס און בויערס פון דער צישאָ — וועלכע דער גורל האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן בלייבן לעבן — שטעלט מיט זיך פאָר דער לערער־יזכור־בוך אַ קאָלעקטיוו און מאָנומענטאַל ווערק וועגן דער יידישער וועלטלעכער שול און קולטור־לעבן אין פוילן אין דער תקופה צווישןביידע וועלט־מלחמות און זיין אומקום. געשריבן זיינען די אַרטיקלען מיט בלוט פון האַרצן — הספדים נאָך נאָענטע און טייערע „פּאַרגאַזטע אין די אויוונס פון די דייטשע קאָנצענטראַציע לאַגערן, אומגעקומענע פון הונגער און געפאַלענע אין די געטאָ־קאַמפן". — עס איז אַ גייסטיקע מצבה, וואָס עס האָבן געשטעלט חברים, על פי נס לעבנגעבליבענע — זייערע חברים אומגעקומענע.

דאָס איז אַ ספר הדמע והזכרון. ער דאַרף זיך געפינען אין יידישע שטובן. יידישע לערערס דאַרפן אין זייערע שולן לייענען אָט די טראַגישע מגילת צישאָ.

שפּעטערע דורות וועלן פון דעם ספר זיך דערוויסן, וואָס פאַראַ וווּנדערלעכע מענטשן אונדזער יידיש פאָלק האָט פאַרמאָגט. וואָס זיי האָבן געשאַפן, ווי זיי האָבן געלעבט און ווי זיי זיינען אומגעקומען. זיי וועלן פון אים שעפּן גייסטיקן מוט און יידישע גבורה. ווי אַ נר תמיד וועט אָט דער ספר לייכטן אין אונדזער אייביקן יידישן גאַנג.

דער רעדאַקציע־קאָמיטעט פון דעם לערער־יזכור־בוך זיינען: ש. גילינסקי, ב. טאַבאַטשינסקי, י. פּאַט, י. ראָטענבערג. רעדאַקטאָר: ח. ש. קאַזדאַן. די מערסטע אַרטיקלען אין בוך זיינען פון זיי אויך געשריבן.

אַרויסגעגעבן האָט אים אַ ספּעציעלער קאָמיטעט מיט דער מאַטעריע-לער מיטהילף פון געוועזענע טוערס און תלמידים פון צישאָ.

זאָלן דעריבער געבענטשט זיין די הענט, וואָס האָבן געשטעלט אָט דעם גייסטיקן אוהל נאָך יידישע לערערס און לערערינס „אשר נהרגו ונשרפו על קידוש השם" און וועמענס ליכטיקער אָנדענק וועט אייביק שיינען אין אונ-דזערע הערצער.

1955

---

## „מיר וועלן נאָך שפּאַצירן אין יער דבורה ואברהם"...

עס וועט איצט געפירט ביי אונדז אַן אַקציע פאַר פלאַנצן אַ וואַלד אויף די נעמען פון דבורה עפּשטיין און אברהם געלער — צוויי יידישע קינדער פון אורוגוויי, וועלכע זיינען געפאַלן זיין דער פאַרטיידיקונג פון אונדזער היימלאַנד ישראל. עס איז געוואָרן זיבן יאָר נאָך זייער טויט. זיצן נעבן מיר צוויי הנוער׳ניקעס, אברהם און פנינה, מיטגלידער פון דער ציוניסטישער חלוצישער יוגנט-אָרגאַניזאַציע „הנוער הציוני באורוגואי" און דערציילן עטוואָס פון דער לעבנסגעשיכטע פון אָט דער וווּנדערלעכער יידישער טאָכטער דבורה עפּשטיין, זייער חברה פון „הנוער" און פון זייער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן מיר אויך געבראַכט דבורה׳ס אַ בריוו, איר לעצטער בריוו וואָס זי האָט געהאַט געשריבן צו אַ חבר פון „הנוער" אין מאָנטעווידעאָ, קורץ פאַר איר טויט.

דער דערציילער איז אברהם. פנינה שווייגט. פון צייט צו צייט נאָר לאָזט זי פאַלן אַ וואָרט, אַ באַמערקונג. אברהם רעדט אַ זאַפטיקן ליטווישן יידיש. קלאָר און דייטלעך. יעדעס וואָרט גוט אַדורכגעטראַכט.

— אברהם געלער׳ן האָב איך ווייניק געקענט. געקענט האָב איך דבורה׳ן. איך בין דאַן אַלט געווען 14 יאָר און האָב אָנגעהערט צו דער שיכבה „גללים", צוזאַמען מיט די חברים מרדכי גאָרענשטיין אריה מאַרוויד, שפרה גערשאַנאָוויטש, שרה סטאַמבלער, מרים סווערדלין, יוסף לייבאָוויטש, צבי פרענקעל, יהודית האַלץ, צבי קנאָראָזאָווסקי און נאָך. זיי אַלע זיינען שוין איצט אין אונדזער היים: ווער אין עין השלושה ווער אין נצנים. דבורה האָט מיט אונדז אָנגעפירט. איך געדענק זי גוט. אַ טונקל-ברוין פנים. שוואַרצע האָר. שוואַרצע לויכטנדיקע אויגן. שטענדיק אַ שמייכלענדיקע, אַ מוטיקע, אַ פריילעכע. אירע שיחות זיינען געווען גאָר אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע. אַז מיר פלעגן איניינעם אַרויספאָרן אויף אַ הפלגה, האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז עס וועט זיין פריילעך. געבוירן איז זי אין מאָנטעווידעאָ און געקומען איז זי צום „הנוער" פון אַ היים, גראָד נישט קיין ציוניסטישע. געהאַט שטודירט אין ליסעאָ. נו, האָט זי, ווי מיר, די מערסטע הנוער׳ני-

קעס אַלץ איבערגעלאָזט. די באַקוועמע היים, באַקוועם לעבן, אַ צוזאָגנדי־קע קאַריערע און אויסגעקליבן די תנועה. געמאַכט הכשרה. און אַז עס זיינען אָנגעקומען די ערשטע סערטיפיקאַטן, האָט זי גלייך עולה געווען. זי איז געווען פון די ערשטע חלוצים פון אורוגווײַ.

— מיט עטלעכע יאָרן שפּעטער, ווען איך בין געווען אויף די קורסן פון מכון למדריכי חוץ לארץ אין ירושלים, האָב איך באַזוכט נצנים, דעם קיבוץ, וועלכע זי האָט פאַרטיידיקט און ווו זי איז פאַרווונדעט געוואָרן. מען האָט מיר דאָרטן אַ סך דערציילט פון איר לעבן אין קיבוץ, פון איר העראָישן קעמפן. איך האָב געטראָטן אויף די זעלביקע סטעזשקעס און וועגן אויף וועלכע אונדזער דבורה איז געגאַנגען. מען האָט מיר געוויזן דעם פלאַץ ווו זי האָט געקעמפט און געפאַלן. איך האָב אין יענעם מאָמענט, אין געדאַנק זי געזען. איך האָב געהערט איר זינגען, איר קול. איך האָב איך געהערט איר רוף, אַז איך דאַרף זיך צוריקקערן אַהער. איך האָב דערפילט, אַז מיין אָרט איז דאָ...

אברהם בלייבט אַ ווײַלע שטיל. ער גיט אַ בליק אויף פנינה׳ן און זאָגט:

— נו, מיר גרייטן זיך שוין טאַקע. אין עטלעכע חדשים אַרום וועלן מיר עולה זיין...

אברהם האָט טונקל-גרויע מילדע און גוטע אויגן און אַן איידל אָוואַל געזיכט. איצט האָט איבער זיי ווי אַ שוועב געטאָן אַ וואָלקנדל. דאַקעגן, פנינה׳ס שוואַרצע און פייערדיקע אויגן זיינען געוואָרן רואיק און קאַלט. איך האָב נישט געקענט נישט דבורה און נישט אברהם, די געפאַלענע דאָרטן אין די הייסע זאַמדן פון נגב. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: אַזוי האָבן גע־זאָלט אויסזען יענע...

אברהם האָט פאַרגעזעצט:

— קיין סך צו דערציילן פון דבורה׳ס לעבן איז אייגנטלעך ניטאָ...

אירע יונגע יאָרן האָט מען איבערגעהאַקט אין סאַמע בליען. קורץ איז געווען איר לעבן, אָבער ווערטיק און מיט אַן אינהאַלט. אַזוי איר טויט. זי האָט נאָך געהאַט די זכיה צו דערלעבן דאָס אויפקום פון אונדזער מדינה...

זי איז געווען פון די ערשטע דריי חלוצים פון דרום-אַמעריקע, וועלכע זיינען געפאַלן אין מלחמת השיחרור. זי, דבורה עפשטיין, אברהם געלער — פון אורוגווײַ, און יעקב קראָך — פון אַרגענטינע. אויף זייערע נעמען

איז דער קיבוץ עין השלושה אין נגב. נצנים. יענער קיבוץ, וועלכן דבורה האָט פאַרטיידיקט — אויף זיין אָרט איז דער מוסד ילדים. דער נייער קיבוץ נצנים איז עטוואָס ווייטער פון יענעם פלאַץ...

— איצט פירט אָן דער „הנוער הציוני" צוזאַמען מיטן קרן קימת לישראל אַן אַקציע צו פלאַנצן אַ וואַלד נעבן עין השלושה אויף די נעמען פון די חלוצים פון „הנוער הציוני" פון דרום־אַמעריקע, וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן זייערע לעבנס פאַר אונדזער פאָטערלאַנד. דער וואַלד וועט צעטיילט ווערן אין שטחים. יעדער שטח וועט טראָגן דעם נאָמען פון געפאַלענעם. די נעמען פון דבורה עפשטיין, אברהם געלער, יעקב קראַך און דוד וואַלפין. אַ חוץ, וואָס דער וואַלד וועט אָפּפרישן דעם נגב, האָט ער אויך אַ סטראַטעגישן שוץ־פונקט פאַרן קיבוץ — פאַר אונדזערע לאַנד־גרענעצן...

דער שמועס איז פאַרענדיקט.

מיר געזעגענען זיך.

— שלום!

— שלום!

און פנינה גיט צו מיט אַ שמייכל:

— עס וועט זיין אַ וואַלד... און מיר וועלן נאָך שפּאַצירן צווישן די ביימער פון יער דבורה ואברהם ביי עין השלושה...

***

ווען זיי זיינען אַוועק און איך בין געבליבן מיט זיך אַליין, בין איך לאַנג געווען אונטערן איינדרוק פון דעם באַזוך: איך האָב אַ טראַכט געטאָן: אַ קליינער וויזיט; דאַכט זיך, אַ קורצער שמועס. אָבער עס איז דאָך דאָ אַזויפיל צו נאָכטראַכטן און מעדיטירן. אַ יידיש מיידל און אַ יידישער בחור. קינדער פון נייעם דור, האָבן נישט גערעדט צו מיר וועגן המשך, יידישקייט, קיום — פּראָבלעמען, וואָס באַזאָרגן היינט אַזוי אונדז, דעם עלטערן דור. פאַר זיי איז אַלץ קלאָר. זיי האָבן דעם וועג, דעם ציל, דעם זין אין לעבן. זיי ווייסן צו וואָס זיי שטרעבן. זיי האָבן אַ גלויבן.

קענען נאָך און דאַרפן מיר נאָך צווייפלען אין נצח ישראל. ווען מיר פאַרמאָגן אַזעלכע אברהם'ס, אַזעלכע דבורה'ס און אַזעלכע פנינה'ס?

1955

ב נ י מ י ן  ס ק ו ד י צ ק י

# ד״ר מנחם גור

אין די צוויי מאָל, וואָס איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו געפּינען אין אַן ענגער מסיבה מיט ד״ר מנחם גור און אים הערן ריידן — דאָס ערשטע מאָל איז געווען אויף אַ צוזאַמענקונפט, איינגעאָרדנט פאַר אים פון זיין משפּחה, צו זיין אָנקומען אַהער און שפּעטער — אין דער פּועלי-ציון-פּאַרטיי, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז מען האָט מיך איבערגעוואָרפן אויף אַ סך יאָרן צוריק — צוריק אין מיין געבוירן-שטעטל, וואָס איז געווען ענלעך צו אַלע יידישע שטעטלעך פון אונדזער אַלטער היים. דאָס יידישע שטעטל, וואָס איז געווען צו אונדז אַזוי גוט און מיר צו איר — אַזוי נישט דאַנקבאַר. האָבן מיר דאָך זי אויסגעלאַכט, אונדזער שטעטל און מיט אַלע כּוחות געוואָלט זיך אַרויסרייסן פון איר, צו דער גרויסער שטאָט — אין דער גרויסער וועלט. דאָס שטעטל, וואָס עד־היום גילט זי, ווי אַ סינאָנים פון בטלנות. היינט, ווען דאָס יידישע שטעטל איז שוין נישטאָ, אַוועק איז זי אין פייער און רויך, האָבן מיר דערפילט, וואָס זי איז געווען פאַר אונדזער יידיש לעבן. דערפילט איר כּוח, וואָס זי האָט אין זיך פאַרמאָגט אונדז אויפצוהאַלטן. איר שעפערישקייט. איצט האָבן מיר אָנגעהויבן בענקען נאָך איר. און נישט קיין אַנדערער, ווי שלמה סיימאָן, רופט היינט, מען זאָל אויף געוואַלד שאַפן דאָס יידיש שטעטל און אונדזער לעבן און א. גאַלאָמב זינגט שירה צו די שטעטלעך פון די „שאָקן״: שניפּישאָק, מיכאַלישאָק, קויפּישאָק, א. אַ.

איך האָב אויך דעם איינדרוק, אַז ד״ר מנחם גור, וועלכער האָט געהייסן אין זיין אַמאָליקן היים-שטעטל גרייעווע, קאַציאַק, איז אַדורך דעם וועג — דעם קענטיקן לעבנס-גאַנג פון אונדז — דער לעצטער דור — וואָס האָבן געלעבט „דאָרטן״: געלערנט אין די קינדער-יאָרן אין חדר, ישיבה, גימנאַזיע; זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון די נייע שטרעמונגען און אידייען: ווער פון

נאַציאָנאַלע, ווער פון סאָציאַליסטישע; האָבן געבויט אין שטעטל יידישע און העברעאישע ביבליאָטעקן, ווו יידישע מיידלעך און יידישע יינגלעך זיינען געקומען „בייטן" ביכער; געגרינדעט יידישע פאָלקס־שולן און תרבות־שולן; געשאַפן קרייזלעך, ווו מען האָט געלערנט פּאָליטישע עקאָנאָמיע, מאַרקסיזם און ציוניזם; געגרינדעט דראַמאַטישע קרייזן, וועלכע — זאָלן מיר זאָגן — האָבן אויפגעפירט: גאָרדינס „די שחיטה", „קעניג ליר", גאָלדפאַדנס „קאָל־דוניא", שלום עליכמס „צעזייט און צעשפּרייט", בערגעלסאָנס „דער טויבער". שבת נאָכן עסן, אַרויסגיין אויף די שאָסייען צום נאָענטן וועלדל מיט די ביכער אונטער די אָרעמס און דיסקוטירן וועגן פּלעכאַנאָוו און באָראָכאָוו, וועגן נאַציאָנאַלע קולטורעלע אויטאָנאָמיע, ציוניזם און טעריטאָריאַליזם... שפּעטער האָט ער ווי די מערסטע יוגנטלעכע פאַרלאָזט דאָס שטעטל — אַוועק אין דער גרויסער שטאָט, אין דער וועלט... און נישט איינער פון יענע יינגלעך און מיידלעך האָבן שפּעטער געשפּילט וויכטיקע ראָלן אין יידישן לעבן אומדזערן; געווירקט אין פּאָליטישע באַוועגונגען; פאַרנומען אַן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור און קולטור. און מיט יאָרן שפּעטער פלעגן אַ סך פון זיי זיך אַראָפּכאַפּן אין שטעטל, האַלטן אַ רעפעראַט, שוין אַלס רעפּע־רענט מיט אַ נאָמען...

איז, אַז איך בין געזעסן און זיך צוגעקוקט צו ד"ר מנחם גור, צו זיין פּנים, וואָס האָט געדאַרפט זיין יונג, אָבער שוין געקאַרבט מיט קנייטשן, זיינע יידי־שע אויגן וואָס זיינען שוין אַזוי מיד און וואָס האָבן געזען אַזויפיל אין לעבן — איז געשטאַנען פאַר מיר אָט יענער יידישער פאָלקס־אינטעליגענט פון דער אַמאָליקער היים, דער רעפערענט וואָס איז אַראָפּגעקומען פון דער גרויסער שטאָט אין מיין היים־שטעטל האַלטן אַ רעפעראַט אויף אַ ליטע־ראַרישער טעמע, אָדער געשיקט פון אַ פּאַרטיי צו אַ וואַל־אַקט צו דער קהילה, צי צום שטאָט־ראַט.

האָט זיך מיר געדאַכט, אַז באַלד נאָך דער מסיבה, וועלן מיר צוזאַמען שפּאַצירן איבער די שטיינבּרוקירטע שוואַך־באַלויכטענע שטילע געסלעך, און עס איז אַ זומער־נאַכט... איבער אונדז אַ סאַמעט־שוואַרצער הימל. זיל־בערנע שטערן. אַ ווייסע לבנה. ערגעץ־ווו קוואַקען זשאַבעס. פון ערגעץ־ווו טראָגט זיך אַ געזאַנג פון אַ יידיש ליד... אָבער, אַז איך בין אַרויס אין דרויסן האָבן דאָס קלינגען פון טראַמווייען, דאָס טרובען פון די אָמניבוסן,

די עלעקטרישע ליכט מיר דערמאָנט, אַז עס איז געווען אַ שטימונג נאָר... ניט מער, אַ שיינער ראָמאַנטישער טרוים...

און אין דעם שיינעם ראָמאַנטישן טרוים האָט מיך פאַרוויגט דער ליבער חבר מנחם גור.

איז ווי זאָל איך נישט דערפילן צו אַזאַ איינעם אַ האַרציקע חברשאַפט און אַ בענקשאַפט אים וואָס אָפטער צו זען?

פלעגט מיר טאַקע ווערן פריידיק אויפן האַרצן, ווען חבר גור, באַזוכנדיק די רעדאַקציע „פאָלקסבלאַט", פלעגט אויך אַריינקומען צו מיר, ווען איך בין געזעסן ביים לינאָטיפּ און געאַרבעט.

— וואָס — פלעגט ער זאָגן מיט אַ ליבן שמייכל — זיין אין רעדאַקציע און ניט אַריינגיין זען, וואָס בנימין מאַכט?...

פלעגט שוין ביי מיר דאַן דורכלויפן צווישן אַלע מחשבות אויך אַזאַ: „ווי אַנדערש זיינען געווען אַ סך פון יענע ישראל-שליחים פון אים, ד"ר מנחם גור: האָבן גאָר אין זינען צו פרעגן אויפן געזונט פון אַ יידישן זעצער"...

**
*

איז ווען איך שרייב אָט די שורות וועגן אָט דעם ישראל-שליח, וועמענס נאָמען איז ד"ר מנחם גור און וועלכער איז געקומען צו אונדז אין די אינטערעסן פון קרן היסוד-מגבית המאוחדת אַזוי שטיל, געטאָן זיין אַרבעט, שטיל און פאָרט שוין צוריק אַהיים אַזוי שטיל, — ליגן פאַר מיר די עטלעכע דערציילונגען זיינע, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין „פאָלקסבלאַט" און אין „מאָמענט".

איך האָב זיי נאָר-וואָס נאָך אַמאָל אַדורכגעלייענט.

ווייס איך נישט, צי גור האָט אַמאָל געשריבן, צי ער אַליין האַלט זיך פאַר אַ יידישן שרייבער. מעגלעך, וואָלט ער נישט געווען דער מאַן פון פּראַקטישע מעשים, פון טאַט, וואָלט די יידישע ליטעראַטור געהאַט אין אים אַ פיינעם יידישן דערציילער. די עטלעכע דערציילונגען זיינע וואָס זיינען אייגנטלעך פון אייגענעם לעבן זאָגן אויף דעם. עס גייט אָט נישט אַזוי אין זייער ליטעראַרישן ווערט, ווי אין דעם, וואָס דער מחבר האָט אין זיי באַצוועקט. ער האָט אין זיי אַרויסגעבראַכט זיינע אייגענע געפילן. בילדעריש, רעאַליסטיש, אין אַ פשוטער שפּראַך, אָן פליטערלעך, פון האַרץ צו האַרץ. פיר מאָטיוון ווי פיר גאָלדענע פעדים ציען זיך דורך זיי: א) הייסע בענקשאַפט נאָך ציון; ב) ליבע אָן גרענעצן צו אונדזער פאָלק; ג) איינגע-

וואָרצלטקייט אין יידישער טראַדיציע, טרייהייט צו אונדזער אמונה; ד) קאַמף פאַר צדק.

אין דער דערציילונג „דער גאָלדענער פויגל", וואָס איז די קרעפטיקסטע, ווערט דערציילט וועגן פליט ד"ר ישראל באַראָווסקי, (מנחם גור-קאָסיאַק) וועלכער, אין די ימי הזעם, ווערט פאַרוואָרפן צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד אַזש אין קאַלכאָז באַלש-ניקאָלסק, אין איר-קאַלטן סיביר. זיי לעבן דאָרטן אין דחקות, פיין און ליידן. די וואַרעמע בענקשאַפט נאָך ציון, וואָס ער האָט איינגעזאַפט אין זיין האַרץ פון זיין היים נאָך, די האָפענונג, אַז ער וועט דאָך אַמאָל דערלעבן צו זען דאָס לאַנד פון די אָבות און זיין גלויבן אין יידישן נס, מוטיקן אים צו איבערטראָגן אַלע ליידנס און פיינען און נישט אומצוקומען מיט זיין משפחה. אין איינעם אַ ווינטערדיקן פאַרטאָג, ווען ד"ר ישראל באַראָווסקי גייט מיט צוויי עמערס צו אַן אָזיערע נאָך אַ ביסל וואַסער מיט וואָס צו קענען אָפּקאָכן דעם מאָגערן מיטיק, דער-שפּירט ער אויפן וועג אַ הונגער, פון אָפּגעשוואַכטקייט און גאַרונג נאָך רו פאַרלירט ער שוין דעם פחד פאַרן טויט. אים אַרט שוין נישט אפילו, אַז ער וועט דאָ אומקומען. אַבי רו... נאָר פלוצלינג טויכן אויף פאַר אים די יאָרן פון זיין קינדהייט. עס ווייזט זיך צו אים ווי אין אַ חלום זיינע יוגנט-יאָרן פון קאַמף פאַר זיין אידעאַל, זיין ציל אין לעבן: „אַ גאָלדן-זוניק לאַנד אין מזרח". ער שעפּטשעט שטיל אַרויס די ווערטער: „ארץ ישראל. ער מוז לעבן פאַר דעם לאַנד, ער מוז דאָרט ברענגען זיין פרוי און קינד"... און ווען ער קומט טאַקע אַהיים מיט די צוויי עמערס וואַסער, גייט אים אַנטקעגן זיין פרוי אַ שטראַלנדיקע מיט דער ליכטיקער בשורה, אַז עס איז דערהאַלטן געוואָרן אַ בריוול פון ארץ-ישראל, וואָס זיין פרויס שוועסטער אין חיפה, שרייבט צו זיי:

„ער לייענט עטלעכע מאָל דעם אַדרעס: בוגין, חיפה, רחוב בן-יהודה 7. הייסט עס, אַז נאָך נישט אַלץ איז פאַרלאָרן. עס איז פאַראַן ארץ ישראל. עס איז פאַראַן אַ שטאָט חיפה און אַ גאַס בן-יהודה. מען דאַרף אויסהאַלטן, אויסהאַלטן מיט אַלע כוחות"...

און דאָס בריוול איז עס דער „גאָלדענער פויגל" וואָס איז „געקומען פון דער כרמל-שטאָט חיפה ביזן קאָלכאָז באַלש-ניקאָלסק":

„ווי אַ גאָלדן פויגל איז דאָס קאַרטל געקומען צופליען פון זוניקן לאַנד. עס איז שוין ניט קאַלט אין דער כאַטע, דער הונגער פייניקט

שוין ניט מער. עס שרעקט שוין ניט די נאַכט און פינצטערניש. דאָס וואַרעמט דער גאָלדענער פויגל, דאָס גיט ער ליכט און העלקייט אין דער אָרעמער כאַטע. נייע קוואַלן פון האָפענונג און מוט האָט עס אויפגעוועקט פון די טיפסטע טיפענישן פון מענטשלעכע הערצער. און ס׳זיצט ד״ר באַראַנאָווסקי מיט זיין יונגער פרוי און קליין מיידעלע און האַלטן דעם גאָלדענעם פויגל אין זייערע הענט, ער זאָל חס־ושלום ניט אַוועקפליען״...

מיט וואָס פאַרא אויפריכטיקייט, עכטקייט און צאַרטקייט דאָס איז געשריבן! דערמאָנט אונדז נישט עטוואָס אין ביאַליקס „אל הצפור״?...

דער „גאָלדענער פויגל״ איז נישט אַוועקגעפלויגן. מנחם גור האָט נישט נאָר זוכה געווען צו קושן די ערד פון ציון (דערציילונג „דער אַנוסים־סדר פון יאָר 1943), נאָר אויך צו פירן אויף שיפן יידן קיין ציון (דערציילונג „אויף די וועגן קיין ציון״).

אַזוי אויך אין דער צווייטער פיינער דערציילונג „ממעמקים קראתיך ד׳״. אין אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג פאָרט ד״ר באַראַנאָווסקי מיט אַן אָקס און שליטן אין וואַלד אַנצוהאַקן אַביסל האָלץ צו באַהייצן די קאַלטע כאַטע. ווען ער וויל צוריקפאָרן אַהיים, רירט זיך דער אָקס נישט פון אָרט. ער האָט זיך נישט געגעבן קיין חשבון, אַז צופיל האָלץ האָט ער אָנגעהאַקט און אויפן שליטן אַרויפגעלייגט. מיד פון אַזויפיל אַרבעטן, פילט ער ווי די כוחות הייבן אים אָן צו פאַרלאָזן. עס פאַלט צו די נאַכט. ער איז איינער אַליין אין וואַלד. ער דערשפירט די סכנה וואָס לויערט אויף אים. פון אָפּגעשוואַכטקייט און מידקייט הייבט ער אָן איינצושלאָפן. ער באַקומט אויך דאָ האַלוצינאַציעס: קינדער־יאָרן... אַ פרייטיקצונאַכט אין דער היים... דער טאַטע זינגט זמירות... יום כפור אין בית־מדרש... יידן אין ווייסע קיטלען. די מאַמע אַ בלאַסע אין עזרת נשים... און פלוצלינג דערפילט ער אַ קלאַפּ. ער איז אַראָפּגעפאַלן פון שליטן. פון ווייטיק וועקט ער זיך אויף. ער דערפילט אין יענעם מאָמענט אַ גרויס באַדערפעניש צו דאַווענען. ער וויל בעטן צו גאָט און פון דער טיפעניש פון זיין האַרצן „רייסט זיך אַרויס אַ געשריי, אַ הייליקער געבעט: ממעמקים קראתיך ד׳״ — פון די טיפענישן רוף איך דיך גאָט... און אַזוי בעטנדיק, ווערט אים קלאָר, וואָס ער דאַרף טאָן. ער וואַרפט אַראָפּ די האָלץ פון שליטן. דער אָקס נעמט זיך רירן... און אַהיים קערט ער זיך צוריק אָן האָלץ...

כּאַראַן איך אַ דערציילונג א״נ „דער לעצטער טאָג פון יודל באַראָווסקי״. ווערט אין איר באַשריבן אַ מאָמענט פון די קאַמפן אין דער וואַרשעווער געטאָ. יודל באַראָווסקי, איינער פון די אויפשטענדלער קעמפט ביזן לעצטן קויל קעגן די נאַציס. זעענדיק, אַז זיין לאַגע איז האָפענונגסלאָז, הילט ער זיך איין אין טלית און תפילין און מיט דער ביקס אין דער האַנט וואַרפט ער זיך אַרויס דורכן פענצטער אויפן ברוק. — און „עס האָט נאָר אָפּגעהילכט זיין געשריי „ישראל״ — ער האָט שוין אַליין נישט געוווּסט צי האָט ער געמיינט זיין גאָט, צי זיין יינגעלע ישראליק״...

איך האָב דעם איינדרוק, אַז דאָ האָט דער מחבר געהאַט בדעה אָנצודייטן אויף זיך אַליין. אַזוי וואָלט ער אין יענער נסיון שעה מקדש השם געווען — זיך איינהילן אין טלית און תפילין מיטן אויסגעשריי „ישראל״ אויף די ליפּן... אַזוי זיינען דאָך זיינע זיידעס אַרויף אויף די שייטערהויפנס...

מיטן אָפּשאַצן און ציטירן פון די אויבנדערמאָנטע דערציילונגען בין איך געווען אויסן דורך זיי וואַרפן אַביסל ליכט אויף זייער מחבר, מען זאָל בעסער קענען דעם שוין צו-עניוותדיקן און האַרציקן מענטש ד״ר מנחם גור, וועלבער שרייבט וואָס ער פילט און איז מקיים, וואָס ער שרייבט.

אויף דעם ערשטן, שוין דערמאָנטן צוזאַמענקונפט פאַר ד״ר מנחם גור, האָב איך אין מיין באַגריסונג-וואָרט אויסגעדריקט מיין ווונטש, אַז דער ליבער גאַסט זאָל נאָכן אַוועקפאָרן צוריק אַהיים, איבערלאָזן ביי אונדז אַ בענקשאַפט נאָך אים. איך גלויב, אַז ער האָט זי זיכער איבערגעלאָזט.

(1955)

## ש. טענענבוים — דער דיכטער־עסייאיסט־נאָוועליסט

„דיכטער און דורות״, עסייען. פון ש. טענענבוים. — ניו יאָרק, 1955

איך האָב פארענדיקט לייענען דאָס נייע בוך פון ש. טענענבוים „דיכטער און דורות״. געלייענט עס ביסלעכווייז. איך האָב געטרונקען צו ביסלעך גוטן, אלטן וויין. זיך גובר געווען, נישט אויסטרינקען עס פאר איין מאָל, כדי נישט פאר׳שיכור׳ט ווערן. אזוי קרעפטיק, בילדעריש און חכמה׳דיק איז דאָס בוך געשריבן. „דיכטער און דורות״ איז דאָס צענטע בוך פון ש. טענענבוים. אין אים גייען אריין עסייען, אייניקע דערציילונגען, אייניקע מיניאטורן און צום סוף אויך אייניקע לידער. און באמת, איז נישט פאראן קיין אונטערשייד צווישן טענענבוימס אן עסיי און דערציילונג. ער פארוואנדלט זיין עסיי אין א דערציילונג און זיין דערציילונג דערהויבט ער צו עסיי אוןביידע זיינען געשריבן דיכטעריש. ש. טענענבוים איז, אלזאָ, דער דיכטער-עסייאיסט-נאָוועליסט.

בכלל, איז ש. טענענבוים א וואונדער-דערשיינונג אין אונדזער יידישער ליטעראטור. ער האָט נישט אין זיין שרייבן קיין ליטעראריש „געזעצן״ און „ליניעס״. ער איז אנדערשדיק און אייגנארטיק. ער דערמאָנט מיט זיין שרייבן דעם רוסישן שרייבער סערגעיעוו-צענסקי און איבער זיינע מיניאטורן זיינען אויסגעגאָסן דער ליר׳ישער טרויער פון יעווגעני יעסענין. זיינע נאָוועלעס און דערציילונגען זיינען א האַרמאָנישער צוזאמענגוס פון עקספרעסיאָניזם און אימפרעסיאָניזם און נאָכן איבערלייענען זיי, מוז מען זיך איבער זיי פארטראכטן. אזוי זיינען אויך זיינע עסייען. נישט קיין לאנגווייליקע און האמעטנע. מיט זייער בילדערישקייט פארכאַפן זיי און פארכישופן.

ש. טענענבוים איז א ליריקער. ער האָט ליב דעם וועלטאַל, דעם קאָסמאָס, דעם הימל און זיינע פּלאַנעטן. ער איז פאַרליבט אין דער נאטור און

אין די נאַטור-דערשיינונגען. ער האָט ליב בלומען און גראָזן און דעם רעגן און דעם ים און די פיש, און דעם וואַלד און די פליגעלעך און די פייגלען. און אַז ער באַשרייבט אַ רעגן, זעט מען, ממש, ווי עס רעגנט און אַז ער באַשרייבט בלומען, פילט מען דעם דופט זייערן. זיינע מיניאַטורן זיינען עכטע פּערל, קלאַסיש און איינציק אין אונדזער יידישער ליטעראַטור. זיי קענען פאַרעכנט ווערן אויך צו די שיינע וועלט-ליטעראַטורן.

אין צוויי-דריי שטריכן צייכנט ער אָן אַ זון-אויפגאַנג און זון-אונטערגאַנג. אַ לבנה׳דיקע נאַכט. אַ פּוילישע קאַפּע. אַן איינזאַמען מאַן און אַ גע-פּלאָגטע פרוי. אַ פאַרלאָזטע באַנק ערגעץ אויף אַ פאַרוואָרפן וועג וואָס וואַרט אויפצונעמען אַ מידן עלנטן וואָגלער. די מערסטע טיפּן זיינע, זיינען אומ-גליקלעכע מענטשן, געפּלאָגטע פון צייט, קראַנקע, ליידנדיקע, מענטשן אָן אַ היים, אויסגעשפּיגענע פון דער וועלט. אין לאַנגע נעכט מאָלט זיי דער מחבר מיט אומרו און מיט פייער פון זיין האַרצן. אין מיניאַטור „מאָטאָ צו מיין לעבנס-ווערק״ זאָגט טאַקע דער מחבר וועגן דער מיסיע פון זיין שרייבן:

„איך נוץ אויס אַלע שטימונגען — פאַר לידער. איך פאַרוואַנדל אַלע שטימען אין מיר אין סימפאָניעס. איך באַשרייב די יונג-פאַרשטאָרבענע. די שעמעוודיקע און די פאַרשאָלטענע ברענג איך אַרויס אין גרויסן טאָג-ליכט. איך אַנטהיל די באַשיידענע און די פאַרשאָטנטע. די צאַרטע און די נאַקעטע דעק איך צו מיט וואָלקן-פּליושן. איך טרייסט די קראַנקע. איך בויג זיך שמערצפול אַריבער די יסורים׳דיקע אין אַגאָניע. איך רוף אַרויס די יאָרטויזנטער — די ווייטע און די אין צייטן פאַרזונקענע. איך אומאַרעם די ליידנדע. איך וועק אויף די פאַרגעסענע. דאָס, מיר דאַכט זיך, איז די מיסיע פון מיין אַרבעט. פון מיין מיט פייער אָנגע-צונדענעם וואָרט״.

דער דיכטער, וואָס האָט אַזוי ליב די זון און די שטערן, דעם רעגן און דעם ווינט די בלומען און דעם ים — דעם קאָסמאָס, האָט אָבער פיינט די וועלט. די וועלט פאַר אים איז אַ דזשאָנגל, וווּ דער שטאַרקער דורסט דעם שוואַכערן און דער דיכטער אַנטלויפט פון דער וועלט. אויב יעסענינען איז אומעטיק מיט זיך אַליין און קען זיך קיין אָרט נישט געפינען און דער רוסישער דיכטער זאָגט אין זיינס אַ ליד: „אומעטיק איז מיר מיט דיר סער-געי יעסענין״, איז אונדזער יידישער דיכטער ש. טענענבוים, פאַרקערט, מיט זיך אַליין איז אים גוט:

„ווען עס איז קאַלט, שפּעט ביינאַכט, קום איך אַהיים — פון אַלע דאַמען

אַן איינזאַמער; פון אַלע פּריינט — אַ פרעמדער; פון אַלע ווינטן פון דער וועלט געשלאָגן. פון אַלע שטערן אויסגעכ׳חוזק׳ט. דעמאָלט צינד איך אָן דאָס פייער פון קאַמין. מיר איז דעמאָלט גוט צו זיצן לעבן פייער. דאָס אייז פון איינזאַמקייט צעגייט. עס איז ווי דער אור־מענטש, וואָס האָט ביים פייער אין דזשאָנגל זיך געפילט היימישער. מענטש איז נאָך אַלץ געבליבן דער אור־מענטש. אַרויסגעריסן פון אורלאַנדשאַפט אַרויס״...

און דער דיכטער טרוימט פון אַ רואיק, מנוחה׳דיק ווינקל ערגעץ אין אונדזער וועלט. ער שטרעבט זיך צו באַהעפטן מיט דער נאַטור. ווערן איינס מיט איר. אָט אַזוי, ווי דער דיכטער־פילאָזאָף טאָראָ האָט געלעבט, וועגן וועלכן אונדזער מחבר האָט אין דעם בוך אַ וווּנדערלעכן עסיי און פון וועלכן אונדזער דיכטער איז שטאַרק באַווירקט.

ש. טענענבוים איז אויך דער עכטער קינסטלער־מאָלער, וואָס מיט זיין פּען מאָלט ער וווּנדערלעכע פּייסאַזשן און טיפּן, ווי דער פּלאַסטיקער מיט זיין פּענדזל. ער האָט ליב קאָלירן און פאַרבן. ער מאָלט אין בלוי און רויט, אין גאָלדקאָליר און אין בראָנדז־קאָליר. אַ שפע פון פאַרבן: אַ רעגנבויגן פון קאָלירן. קענענדיק גוט די שאַפונגען פון די גרויסע מייסטערס פון דער וועלט־ליטעראַטור און פון אונדזערע יידישע קלאַסיקערס, האָט ער אויך גרונטלעך שטודירט די פּערזענלעכקייטן זייערע און די צייטן אין וועלכע זיי האָבן געלעבט און געווירקט אין זייערע לעבנס. דערפאַר, ווען דער מחבר אַנאַליזירט די ווערק פון מייסטער, שילדערט ער אויך זיין צייט און סביבה און זיין לעבן. אָבער דער עיקר, ברענגט ער אַרויס די פּערזענלעכקייט גופא. זיינען זיינע עסייען איבער די דיכטערס, שרייבערס און דענקערס, פּלאַסטישע קונסט־בילדער. אַזוי אויך זיינע נאָוועלעס און מיניאַטורן — מאָלערישע צייכענונגען. אין דעם זין איז ש. טענענבוים דער אָריגינעלער שרייבער, דער איינציקער אין אונדזער יידישער ליטעראַטור.

אין בוך „דיכטער און דורות״ געפינען זיך עסייען איבער אברהם רייזען, ר׳ שמואל הנגיד, ברוך שפּינאָזאַ, באַלזאַק, טאָראָ, וו. וויטמאַן, ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע, ריכאַרד בער־האָפמאַן, עלזאַ לאַסקער־שילער, חיימאָוויטש, אַנאַ מאַרגאָלין, משה עובד, פריידל, לייב ניידוס, משה גראָסמאַן, נחום באָמזע, אבא שטאָלצענבערג, ד״ר ד. גלאָבוס, פּ. בימקאָ, י. ה. ראַדאָשיצקי, יצחק ליבמאַן, מיכל ליכט, וועלכן דער שרייבער האַלט, אַז מען האָט אים

ווייניק אויפמערקזאַמקייט געשענקט ביים לעבן און וועגן משה גראַניט-שטיין, וועמענס „קריוודע" אונדזער שרייבער נעמט זיך אָן...

דעם ערשטן עסיי, דעם אויבנאָן אין בוך, האָט דער מחבר געגעבן אונדזער יידישן פאָלקס־דיכטער אברהם רייזען ע"ה. צו וועמען, ווי עס שיינט, דער מחבר פילט אַן אומגעהויערע ליבע און פיעטעט און וועמענס אָנדענק ער ווידמעט די דערציילונג „די מעשׂענע מנורה", אַגב פון די רירנדיקסטע און פרעכטיקסטע אין בוך.

דער עסיי וואָס טראָגט דעם נאָמען „אין לזמענט נאָך דעם גרויסן מענטש און קינסטלער אברהם רייזען" איז דער שטאַרקסטער און ווירקנ-דיקסטער פון בוך. ער צעטרייסלט ממש אַלע אברים און צינדט אָן און שרפה'ט די נשמה און גוף.

דער מחבר וועלכער איז געווען שטאַרק באַפריינדעט מיטן פאָרשטאָר-בענעם דיכטער און האָט אים גוט געקענט ביים לעבן, האַלט אַז אברהם רייזען איז נישט דערשאַצט געוואָרן פון אונדזערע ליטעראַטור-קריטיקערס און מען האָט אים אויף אונדזער זינדיקער וועלט ניט געגעבן דעם בכבוד'יקן פלאַץ, וואָס איז אים געקומען. ערשט דעם פאַרדינטן פלאַץ באַקומט ער אויף יענער וועלט... דער דיכטער מאָלט אין זיין פאַנטאַזיע, ווי אברהם רייזען קומט אַרויף אויפן הימל, געפירט פון אליהו הנביא און ווי ער ווערט דאָרטן אויפגענומען מיט די גרעסטע כיבודים פון די נשמות פון י. ל. פּרץ, יהודה הלוי, עמנואל הרומי, איבן ר' שלמה גבירול, און ר' משה איבן-עזרא, פון ד"ר יצחק שיפּער, נח פּרילוצקי; ווי שטאַרק עס ווילן אים זען, מענדעלע און שלום עליכם, ביאַליק און ש. אַנ-סקי און יעקב דינעזאָן און נאָך און נאָך... און צוזאַמען מיט זיי די נשמות פון אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים... און ווי אליהו הנביא גיט איבער דעם דיכטער צו דעם פאַרפאַסער פון תהילים, דוד המלך, יענער זאָל אים אָנטאָן די גאָלדענע קרוין אויפן קאָפּ און אים פירן צום רבונו של עולם... און ווי רייזען איז נשתומם... ער ווערט זיך פון די אַלע כיבודים און לאָזט זיך נישט אָנטאָן די קרוין. ער האָט נאָר איין ביטע, אונדזער פאָלקס-דיכטער: ער וויל גיין צו גאָט מיט אַ זאַק אַש אויפן קאָפּ און מיט אַ פראַגע:

„איך וויל ניט, ניין, איך וויל ניט קומען צו גאָט מיט קיין גאָלדענע קרוין...
בעסער זאָל איין נשמה פון די זעקס מיליאָן פאַרשאָלטענע נשמות, מיר אָנטאָן
אַ זאַק מיט אַש אויף מיין קאָפּ... מיט אַש און ערד אויף מיין קאָפּ — אזוי אָרום

וויל איך קומען פון פאר די אויגן פון גאָט... און איך וועל פרעגן דעם רבונו של עולם, פאַרוואָס?..."

און די וווּנדערלעכע וויזיע ווערט פאַרענדיקט ווי:

— אייער פאַרלאַנג איז דערפילט, אברהם רייזען... אָט דערנענטערט זיך די נשמה פון א קליין יידיש יינגעלע מיט א זאַק פול מיט אַש און ערד...

„רייזען גייט פאַרויס מיט דרייסטע טריט און מיט אָפענע טרערן־פאַרגאָסענע אויגן... רייזען האַלט ביי דעם אַש־בלויען הענטעלע דאָס יינגעלע. דוד המלך, אומגעוויינלעך־הויך, האַלט רייזענען אונטערן אָרעם... רייזען האָט ניט קיין מורא... ער גייט פרעגן גאָט: פאַרוואָס?..."

דער גרויסער פאָלקס־חורבן אונדזער האָט דעם דיכטער אונדזערן, וועלכער איז אַזוי שוין אויך געבוג סענסיטיוו און צאַרט, אינגאַנצן צערודערט און צעוויייטיקט. מען מערקט אין זיין שרייבן, ווי ער רייסט זיך צו באַקלאָגן אונדזער גרויסן בראָך. ער וויל זיין א ירמיהו. ער האָט אָבער מורא צורירן זיך צו דעם. ערגעץ אין זיין נשמה ליגט עפּעס אַזוינס וואָס לאָזט אים נישט.

אין דעם זין האָט ער אייניקע שטעלן אויפן חשבון פון אייניקע אונדזערע גרויסע דיכטערס און שרייבערס, שטעלן, נישט באַרעכטיקטע, און וועלכע ער האָט אין דעם בוך נישט געמעגט אריינגעבן. זיי טראָגן עטוואָס פון א פּאָלעמישן און פּערזענלעכן כאַראַקטער... מעגלעך, דער מחבר האָט עס גע־טאָן אין א פאַרביטערטער, צעווייטיקטער שטימונג. אָבער נישט וועלנדיק, רייסט זיך ביים דיכטער דאָך אַרויס אַזעלכע יאָמערדיקע טענער וועגן אונדזער פאָלקס־אומגליק. אַזוי אין דעם שטאַרקן עסיי וועגן אברהם רייזען און אין די דערציילונגען „די מעשענע מנורה", „דער קופּערנער טשייניק און דער גלעזערנער כוס" און אַנדערע. און די טענער גיבן א ברי דאָס האַרץ און די נשמה.

אין די עסייען וועגן ברוך שפּינאָזא און ריכאַרד בער־האָפמאַן גייט דורך ווי א רויטער פאָדעם עטוואָס וועגן דער באַציונג און קוק פון דעם דיכטער צו דער גויאישער קריסטלעכער וועלט נאָך אונדזער דריטן פאָלקס־חורבן. אין די צוויי עסייען מעדיטירט ער וועגן קריסטנטום און יידנטום. דער יידישער קוק פון דיכטער אויף דעם פּראָבלעם, דערהויבט אים און ווייזט אים אין געשטאַלט נישט נאָר פון גרויסן יידישן קינסטלער נאָר פון גרויסן ייד, וועלכער האָט ליב אונדזער יידיש פאָלק, ציטערט פאַר זיין קיום, ווייטיקט מיט. דער דיכטער גלויבט באמונה אין נצח ישראל.

אין עסיי „דער איינזאמער דענקער פון אמסטערדאם" אויף זייט 34 לייענען מיר:

„... די דיסקוסיע ארום קריסטוסעס „ווידער לעבעדיק ווערן", וואָס איז דער הויפט־יסוד אויף וועלכער די קאטוילישע קירכע איז געשטעלט, ווארפט שפּינאָזא אנטשיידן אָפּ, בשעת ער באשטעטיקט — עס קלינגט איראָניש — זיין געבורט, זיין טויט און זיין באגרעבעניש... דאָס דאָזיקע טעאָלאָגישע פּראָבלעם, ווען מען לייענט וועגן דעם איצט, קלינגט ניי און אקטועל, באזונדערס אין ליכט פון די „שלום אש־אנטפּלעקונגען". און מען קען קלאָר איינזען, ווי אזוי מיט איבער דריי הונדערט יאָר צוריק, אין א פאַרהעלטנישמעסיק־פינצטערער צייט אין גאנץ אייראָפּע, האָט אן איינזאמער, אָרעמער און קראנקער ייד געוואגט צו זאָגן דעם אמת אין די אויגן פון דער גאנצער קריסטלעכער וועלט, בשעת מיט איבער דריי יאָרהונדערט שפּעטער, קומט א קוטנער ייד, נאָכדעם ווי זיין פאָלק האָט פארלוירן זעקס מיליאָן ברידער און שוועסטער, און ער טראָגט אונטער דער קריסטלעכער וועלט זיסע באשרייבונגען פון גאָטס מוטער וואָס האָט זיך באַהעפט מיטן הייליקן גייסט" און דעם „תחית המתים" פון דעם „זון פון גאָט". א פאַרגלייך צווישן דעם אמסטערדאמער ייד — אין זיבעצנטן יאָרהונדערט(!) און דעם קוטנער ייד אין צוואנציקסטן יאָרהונדערט(!) וועט ווייזן אויף וועמענס זייט עס שטייט שטאָלץ, כאראקטער און קלאָרקייט פון געדאנק".

אין עסיי איבער ריכארד בער־האָפמאן, דער מחבר פון „יעקב׳ס חלום", שילדערט ש. טענענבוים, ווי נאָך זיינעם א באזוך ביים באַרימטן דראַמאַ־טורג, דעם פאַריאָגטן פון זיין פאָטערלאנד, עסטרייך, גייט ער אריין אין דער קאטעדראלע סט. זשאן און וואָס פאַר א קעלט עס ווייעט פון דאָרטן אויפן דיכטער:

„ווען איך גיי ארויס פון ריכארד בער־האָפמאנס הויז, באזוך איך די קאַ־טעדראלע פון סט. זשאן. אויסערלעך, א ריזיקע געביידע. גראנדיעז. נאָר ווען איך גיי אריין אינעווייניק, טוט מיך א נעם ארום דער קאלטער, גרויער פעלז. די קאטעדראלע איז ריזיק לאנג, אָבער איך פיל דאָ נישט ווי איך וואָלט באדארפט צו פילן אין אן איינזאַם געבעט־הויז. עס איז דאָ נישטאָ קיין גאָט. אַלץ איז אומ־געוויינלעך הויך, קאלט און פוסט. עס פעלן דאָ מענטשלעכקייט, אינטימיטעט. די מענטשן וואָס שפּאַצירן דאָ אַרום ווערן פשוט פאַרלוירן ווי שטויבלעך, אין דעם אומגעהויער. עפּעס זעט עס אויס ווי אין א טיפער גראטע. די זיילן זיינען פון

גרויען קאלטן שטיין. אַלץ איז פון שטיין. דאָס קריסטנטום, וואָס האָט זיך צוויי טויזנט יאָר צייט געיאָגט נאָכן פאנטאָם פון ליבע און ליבשאפט, האָט גאָר גע־בוירן דעם נאציזם. פון אומטאָלעראנץ, אומצוטרוי, קרייץ־צוגן, אינקוויזיציעס און מיטלאלטערלעכע פינצטערניש, ווערט געבוירן די ערגסטע פאָרם פון אומטאָ־לעראנץ״.

און שפּעט ביינאכט, קומענדיק אהיים נעמט דער דיכטער ווידער לייע־נען „יעקבס חלום״. ער כאפּט זיך צו אים צו ווי אונדזערע טאַטעס צום תהילים און אונדזערע מאמעס צו דער „צאינה וראינה״. און אָט וואָס עס פילט אונדזער דיכטער:

„... און וואָס פאר א געוואלדיקע אידיליע גייט אויף פאַר מיר. ...און יעקב דערשיינט אלס יענער ביבלישער האמלעט וואָס פאָדערט גערעכטיקייט ביי גאָט... יעקב איז באוווסטזיניק פון דער היסטאָרישער מארטירער־ראָלע וואָס זיין פאָלק נעמט אויף זיך. ...אין „יעקבס חלום״ ווערט אויף אייביק אָנגעצייכנט די היס־טאָרישע מיסיע פון דעם יידישן פאָק; די געטלעכע דערהויבנקייט איבער זיינע ליידן״.

„מלאך מיכאל זאָגט צו יעקבן:

„וואָס איצט איז גרויס ביי פעלקער, וועט אויף שטויב צעריבן ווערן! גאָט לאָזט עס ווי שטויב פארוויייען! נאָר דו זאָלסט בלייבן! טויזנט טויטן שטאַרבן — און טויזנט מאָל פון טויט צוריק אויפשטיין!״

טענענבוימס עסייען און דערציילונגען דארף מען קענען לייענען און קענען פארשטיין. זיין זיינען געשריבן נישט אין דער שאבלאָן-שפּראך. זיי זיינען עכטע קונסט, וואָס דערהויבט און פארשאַפט גענוס. אָבער נישט יעדער פארשטייט זיך אויף שיינער קונסט.

ש. טענענבוים שרייבט זיינע כתבים מיט גרויסע פעטע אותיות. איך קוק אויף זיינע מאנוסקריפּטן און האָב דעם איינדרוק, ווי זיי זיינען געשריבן מיט א גענדזענער פעדער. אזוי שרייבן סופרים אונדזער הייליקע ספר תורה. פון די שווארצע אותיות שטראלט ארויס א גרויסע הייליקע ליכט.

דאָס בוך „דיכטער און דורות״ איז באצירט מיט אָריגינעלע בילדער און צייכענונגען פון א רייע יידישע מאָלערס און צייכנערס. ווי מיט א כיוון

וואָלט געווען אונטערגעשטראָכן דער צוזאַמענהאַנג צווישן דעם מחבר און מאָלער. ש. טענענבוים איז שרייבער-פּלאַסטיקער און טיילט אויך עטוואָס פון דעם גורל פון מאָלערס, וועלכע זיינען געוואָרן גרויס און אנערקענט ערשט נאָך זייער אוועקגיין אין דער אייביקייט... ביי זייער לעבן האָבן זיי געמאָלן אין א קאַפּע פאר... א גלאָז וויין.

„דיכטער און דורות" איז א בוך, געשריבן נישט מיט טינט נאָר מיט בלוט.

1955.

בנימין סקודיצקי

## וועגן „אלעמענס וועלט"... פון עליע ווערבלון

איך בין מיך מודה, אז שוין די דריי פינטעלעך צוגעשטעלטע נאָך „אלעמענס וועלט...", דער נאָמען פון בוך לידער, האָבן מיר פאַראינטריגירט. דריי פונקטן דערזאָגן דאָך עפּעס נישט. דאַרף מען דאָך דאָ דערגיין זייער נישט־דערזאָגטקייט: וואָס מיינט דאָ מיט דעם דער מחבר? איז „אַלעמענס וועלט" אויך דעם דיכטערס וועלט, אָדער איז „אַלעמענס וועלט" טאַקע אַלעמענס, נאָר נישט ווערבלונס? האָב איך איבערגעלייענט די לידער און געזען, אז דער דיכטער האָט זיך זיין אייגענע וועלט אין דער וועלט:

„כ'וועל מיך אויסטרוימען א וועלט,
איך זאָל האָבן ווו צו וווינען:
ווו צו לעבן ס'ביסל טעג,
וואָס די צייט וועט מיר געבוירן".

און הגם די וועלט פון וועלכער דער דיכטער אנטלויפט איז א שלעכטע און עס איז אין איר אומעטיק, איז אויך אין דעם דיכטערס אייגענע וועלט אויך נישט גוט. אויך אין איר איז נישטאָ קיין פרייד. אויך אין זיין אייגענער וועלט איז דעם דיכטער אזוי טרויעריק, אז ער איז אזש מקנא א בלינדן מאַן:

„בין איך מקנא אים
דעם זינגער פון דער נאכט,
ווייל אלץ איז ריין פאַר אים
און אין א שוואַרצער פּראַכט".

מיינט דער דיכטער, אז אפשר וועט ער זיין טרויער דערטרינקען ביי א ביסל וויין:

„איך וועל אריין אין שענקל
און נעמען זיך צום וויין,

ביזוואַן אין ברוסט ביי מיר
וועט אַנקוועלן מיט שיין".

און אַז קיין זאַך העלפט נישט, הייבט דער איינזאַמער דיכטער-וואַנדערער אָן צו בלאָנדזשען איןביידע וועלטן, אין זיין אייגענער און אין דער אַרומיקער און פאַרקריכט אַזוי ווייט, רופנדיק גאָר צו גאָטער („כ'האָב גערופן צו די גאָטער") מען זאָל אים ווייזן אַ וועג.

„כ'דאַרף אַ גאָט פאַר מיינע יאָרן,
פאַר די טעג וואָס איך פאַרשווענד —
ער זאָל פירן מיך אין לעבן
צווישן ליכט און פינצטערניש".

פון פאַרצווייפלונג זינגט דער דיכטער לידער פון טרויער און אומעט. נישטאָ קיין פרייד אין דער וועלט. אַלץ איז הבל הבלים. עס דאַכט זיך, אייביק וועט זיין נאַכט.

אָבער פלוצלינג. — וואָס איז דאָ געשען? דער דיכטער הויבט אָן צו זינגען וועגן מאָרגן. פריידיקע טענער רייסן זיך אַריין אין דיכטערס געזאַנג. — „לאָמיר זיך פרייען מיט דער וועלט מיט אונדזערער, מיט די ווייסע יאָרן וואָס ווערן אונדז געשאָנקען"... דער דיכטער האָט דערפילט, אַז די וועלט איז אַלעמענס, אויך זיינע. ער איז אַרויס פון דער פאַרבלאָנדזשעניש. עס איז געשען וואָס האָט געמוזט געשען: דער דיכטער האָט געפונען דעם וועג צו זיך: ווייל ער האָט דערשפירט דעם רוף פון דורות. ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן יידישע לידער. וועגן „שרה בת טובים" פון ווילנע; וועגן זיינע „פינף ברידער זיינען מיר געווען"... וועגן יידישן קלעזמער אין זיין שטעטל... און אַז אַ יידישן דיכטער ווערט אומעטיק גייט ער ניט אין שענק פאַרטרינקען זיינע צרות. „גייט אַ גוי אין שענקל אַריין, טרינקען דאָרט אַ גלעזעלע וויין; גייט אַ ייד אין שולכל אַריין"... זינגען מיר אַ יידיש פאָלקס-לידל. און שמערקע קאַטשערגינסקי ז"ל, האָט געזונגען יידיש, — „אָנגעזאָליעט אויפן האַרצן, מאַכט מען אַ לחיים"... זאָל שוין קומען די גאולה, משיח קומט שוין באַלד". און עליע ווערבלון זינגט טאַקע אויך שפּעטער אין „בראָדער זינגער": „יידעלעך, טרינקט אַ גלעזעלע און נאָך איינס און נאָך, און משיח וועט קומען צוגיין". אַזוי האָט אויך דער גרויסער משורר אונדזערער ח. נ. ביאַליק געזונגען: „אם יש את נפשך לדעת"... און אַזוי האָט געזונגען ווען עס באַפאַלט עצבות ר' נחמן בראַסלאַווער ז"ל: „יידן זייט זיך נישט מיאש"

— און דאָס האָבן אונדזערע ברידער געזונגען אין די געטאָס און אַזעלכע לידער האָט געמוטיקט זיי איבער־צולעבן אונדזערע רוצחים. און אַזוי האָט אויסגעשריען צו דער שלעכטער וועלט איינער פון אונדזערע גרעסטע היינטצייטיקע יידישע דיכטער יעקב גלאטשטיין „א גוטע נאכט דיר וועלט״!

— און מען זאָל נישט מיינען אז דער רוף איז נישט דערהערט געוואָרן: קומט אין די ימים נוראים אין די שולן, וועט איר זען אונדזערע קינדער, דעם נייעם דור דאָרטן: זיי האָבן געפינען דעם וועג צו זיך! — און דאָס האָט דאָך געמיינט דער דיכטער מיט זיין געבן א קלאפּ אין טיר פון דער גוי־שער וועלט! און אז עס איז אויפגעקומען אונדזער מדינה, האָט עס גלייך דערשפּירט אונדזער צארטער און לירישער דיכטער און געזונגען צו איר זיין ליד:

„עס לעבט אין מיין דמיון א וויזיע
דורך דער קייט פון די לאנגע טעג:
מיין וויג איז געשטאַנען אין מזרח,
מיין שטיבל — ביים ירדן־ברעג.

אהין וועט מיך טרעפן דער מאָרגן,
מיך — דעם הונדערטסטן דור;
איך טראָג אין מיין אלטקייט פארבאָרגן
דעם צוויט פון א נייעם קאיאָר״.

און אין דער וואונדערלעכער ליד זיינער „דער מאָרגן״ זינגט ווייטער דער דיכטער פרייליך און מיט גלויבן און עס קלינגט ווי א הימן צום מאָרגן, צום מענטשן, צו זיין זון און צו דער וועלט:

„כ׳וועל זינגען א ליד וועגן מאָרגן...
אָ, עפן זיך טאָג פון פרייד!
פארטרייב פון מיין בליק די וואָלקנס,
לאָז קוועלן פון הארץ נייע רייד!

פון וויטן איך זע אויך דעם מענטשן,
מיין זון, וואָס איך האָב געלאָזט,
דער נייער דור — איך דערקען אים.
ער גייט און גאָר אנדערש דער טראָט.

פון אַ גאַנץ לעבן

א לויב צו מיין וויזיע, געלויבט זיי!
דער מענטש און די וועלט זיינען דאָ!
דער טאָג ווי א צייטיקע טרויב איז —

גוטמאָרגן דיר — הללויה!".

מיר זיינען אַן אַלט פאָלק. מיר פארמאָגן דעם ספר הספרים און אַן אייגענעם יידישן פאָלקס-קוואַל. פון זיי קען און דארף שעפּן טרייסט און אינספּיראציע א יידישער דיכטער און שרייבער, אויב ער וויל שאפן ווערטן פאר אונדזער יידיש פאָלק און ליטעראַטור.

מאָנטעווידעאָ, דער 14־טער אויגוסט, 1957.

---

ב נ י מ י ן   ס ק ו ד י צ ק י

# „ד ע ר   ג ע ר א נ ג ל"

דערציילונגען פון ש. זיטנער מיט א הקדמה פון אינזש. יואל גאק; ארויס־
געגעבן פון יידישן שרייבער־ און זשורנאליסטן־פאריין אין אורוגוויי;
201 זייטן; מאָנטעווידעאָ, 1955.

אָפּטמאָל טראַכט איך, אונדזער ישוב אין אורוגוויי האָט עפּעס נישט קיין מזל, עס זאָל אויפקומען אין אים איינער א שרייבער-דערציילער, וואָס זאָל קינסטלעריש ארויסברענגען אונדזער אייגן יידיש לעבן. בלעטערט מען אונדזערע ערשטע וואָכנבלעטער, די טאָג-צייטונגען, פּארטייאישע, לאנדסמאנשאפטלעכע אויסגאבעס און זשורנאַלן, געפינט מען אין זיי א דערציילונג, א סקיץ, א רעפּאָרטאזש פון אונדזער לעבן: „קוענטעניקעס", „קלאפּערס", „ארויפגעאַרבעטע", „ארבעטער ביי יענעם", „טאַזשעריסטן", „קאטשעבאטשניקעס" וועלכע גייען מיט אַנגעלאָדענע קוישן סחורה איבער דער פּראָווינץ; אן איינזאמער „גרינער" אין זיין „סאָלטערסקן" צימער; דער היים-וויי, די בענקשאפט נאָך דעם איבערגעלאָזטן „דאָרטן"; די ראנגלע־נישן מיט דער נייער סביבה און קאָנפליקטן קעגן דעם נייעם שטייגער־לעבן; דער ווילן זיך ארייננפּאסן אין דעם נייעם ארום און דער קאמף פארן איינוואָרצלען זיך אין נייעם אָרט. דאָס זיינען אָבער שפּראָצונגען נאָר, וואָס ווייזן, אז מיט דער צייט, צוזאמען מיטן אויספורעמען דאָ אן אייגענעם שטיי־גער־לעבן, וועט מעגלעך אויך אויפקומען אן אורוגווייער-יידישע ליטעראטור.

האָב איך שלום געמאכט מיטן געדאנק, אז מ'דארף זיך צופרידנשטעלן מיט דעם, וואָס עס וועט געשאפן אין דעם שכנותדיקן לאנד, אן ארגענ־טינער-יידישע ליטעראטור. ארגענטינע-לאנד איז דאָך צו אונדז נאָענט. די לעבנס-באַדינגונגען אונדזערע דאָ זיינען מער-ווייניקער די זעלביקע וואָס

דאָרטן. דער זעלביקער שטייגער-לעבן און די זעלביקע יידישע פּראָבלעמען.

דעריבער בין איך מיט א געוויסער דערוואַרטונג צוגעטראָטן לייענען דאָס בוך דערציילונגען פון אייגענעם היגן שרייבער ש. זיטנער.

דאָס בוך הייסט „דער גערענגל" און אנטהאלט 25 דערציילונגען.

דאָס זיינען דערציילונגען פון רעאַלן לעבן. לעבנס-שילדערונגען. דער שרייבער שילדערט דאָס דרויסנדיקע און פּרווט אויך אנטפּלעקן דאָס אינע-וויניקסטע פון די מענטשן. ער האָט זיי נישט אויסגעטראכט די דערציי-לונגען, נאָר גענומען פון דער וואָר. דער מחבר טראָגט זיי אונדז צו ווי פּאסירונגען, אָבער מיט פון אים א באשטימטן ציל און מיט זיינעם אן אייגענעם און פּארטיקן אויספּיר. האָט שוין דער לייענער, נאָכן איבערלייע-נען זיי, נישט וואָס נאָכצוטראכטן...

אָט דער אופן פונעם מחברס שרייבן און זיין „ציל-געשטעלטקייט" מאכן אייניקע דערציילונגען פּאר נישט לאָגישע און, ווי מען זאָגט, „זיי לייגן זיך נישט אויפן שכל". אויך איז נישטאָ אין זיי דער מענטשלעכער מאָטיוו, וואָס גיט אָטעם און בלוט א דערציילונג און עס פעלט אין זיי אויך עכטקייט.

לייענען מיר, למשל, וועגן א מאן און ווייב, וואָס ארבעטן צוזאמען ביים רייניקן און פּרעסן מלבושים („דער פוטערנער מאנטל און דער צעררונענער חלום"): דער מאן איז א קראנקער און דער איינציקער חלום זיינער, איז אָפּצושפּאָרן אביסל געלט, ער זאָל קענען אויפהערן ארבעטן און זיך אָפּ-רוען. איז וואָלט געוועןן לאָגיש, אז די פרוי זיינע, וואָס העלפט אים מיט אין דער ארבעט, זאָל אים, איר קראנקן מאן, מיטפילן. דאָס וואָלט געווען מענטשלעך און נאטירלעך. פּאָדערט זי גאָר ביי אים א פוטערנעם מאנטל און — „רייצט זיך מיט אים: דו טראכסט נאָר וועגן זיך, פון דיין געזונט און זיך צו פּארגרינגערן. זוכסט אלץ צו פּארזאָרגן אויף שפּעטער, אויף מאָרגן..." ..."אָבער ציטער נישט אזוי, דו שטאַרבסט נאָך ניט..." און ווען זי ברענגט דעם פוטערנעם מאנטל, ברעכט ער צוזאמען...

דאָס זעלביקע האנדלט בערנאַרדאָ צאלקין („די בר-מצווה-דרשה") קעגן זיין בן-יחיד, וואָס ווערט קראנק פּונקט ערב זיין בר-מצווה יום טוב... און דער טאטע שלעפּט דעם קראַנקן בחורל צו דער „פיעסטע" האלטן זיין בר-מצווה-דרשה...

אַזוי אויך באציט זיך א ברודער צו א לייבלעכן ברודער. („אן עלנטער

מענטש״). א פארמעגלעכער ברודער, א סוחר, לאָזט ליגן זיין קראנקן ברודער איינזאם און עלנט אין שפיטאָל. ער קומט צו אים זעלטן. באשר... ער איז שטאַרק פארנומען מיט זיינע מסחרים און געשעפטן. און קומט ער שוין יאָ אים זען, זאָגט ער צו אים שפּאסיק: „דו האָסט זיך אויסגעקליבן קרענקען אין סאמע העכסטן סעזאָן. קיין פּאסיקערע צייט האָסטו שוין ניט אויסגעפונען... אין אַ פרייערן מאָמענט וואָלט איך עפּעס געקענט טאָן פאַר דיר...״

מיר האָבן אין אונדזער צייט דורכגעלעבט א פאָלקס-חורבן און דערלעבט דאָס אויפקומען פון אן אייגענער מדינה. אונדזער ישוב האָט זיך פאַר דער צייט אויך פאנאַנדערגעוואקסן און איינגעפונדעוועט עקאָנאָמיש, סאָציאל און געזעלשאפטלעך. דריי דורות אויף א נייעם קאָנטינענט. פאר אונדזער פאָלק זיינען אויפגעקומען נייע פּראָבלעמען. קאָנפליקטן צווישן דעם אלטן און יונגן דור. דאָס אַלץ האָט דערפילט אויך דער מחבר פון „דער גערانגל״. און אויף דער קאנווע שילדערט ער עס אין א רייע אנדערע דערציילונגען, געמישטע חתונות („מאטעאָ״, ר׳ סעדיה אשמענערס אייניקל״; „דאָן סימאָן״); קאָנפליקטן צווישן קינדער און טאטעס. דער זון ברענגט אריין יידישקייט אין שטוב קעגן ווילן פון זיין פאָטער, דער פרייַדענקער („אויף א נייעם וועג״; קינדער, וועלכע פארלאָזן זייערע היימען און זיינען עולה קיין ישראל קעגן ווילן פון זייערע טאטעס („דער לוקסוס-דיקער אויטאָ״; „א חלוץ״). פאראן אין בוך אויך צוויי דערציילונגען אין וועלכע דער שרייבער ברענגט ארויס אויף זיין אופן די קאָנפליקטן פון שארית הפליטה, די „גרינע״, וואָס זיינען אריבערגעקומען צו זייערע קרובים, די „געלע״ („דער גרינער״; „שאָדנפרייד״).

האָט זיך מיין געמיט אָפּגערוט ווען איך האָב אָנגעהויבן לייענען די רעפּאָרטאזשן „לא עסקאָזשערא״, „דאָס בערגל פון נצחון״ און די דערציילונגען „דער געראנגל״, „מענטשן אָן א היים״ און „א בכבוד׳יקע פרנסה״ —די געראָטנסטע און בעסטע אין בוך. איך האָב דערפילט, ווי איך בין נאָך אַדורכגיין א שווערן זאמדיקן וועג, ארויף אויף מיט א גראָז באגרינטער ערד. עס האָט א בלאָז געטאָן א מחיה׳דיק פריש ווינטעלע.

איך האָב אין זיי דערזען בילדערישקייט. קאָלאָריט. דעם אורוגווייער פּייסאזש, אורוגווייער נאטור און לאנדשאפט.

אין „מענטשן אָן א היים״ און „א בכבודיקע פרנסה״ האָב איך געפּו-

נען דאָס מענטשלעכע, ליריק, צאַרטקייט, נשמה. אַביסל ליכט אויף אַ גרויער פאָן. דאָס וואָס איך האָב געזוכט אין ש. זיטנערס דערציילונגען, דער שרייבער האָט דאָ אַרויסגעשטראַלט עטוואָס פון זיך.

פאַראַן אין די דערציילונגען אייניקע פאַרגלייכונגען, וואָס שאָקירן, ווי: „די טרוקענע, צעשפּאָלטענע ערד האָט געסקריפּעט אונטער זיין שווערן טראָט" (זייט 27). ערד סקריפּעט נישט... „קומענדיק נאָענט דערשפּירט מען דעם ספּעציפישן געזאַלצענעם ים־ריח, וואָס רייצט די נאָזלעכער און ווירקט באַרויִקנדיק און פאַרשלעפערנדיק" (זייט 59). אַז מען רייצט עמיצן די נאָזלעכער, איז ווי קאָן ער זיך פילן, באַרויִקנדיק און נאָך פאַרשלע־פערנדיק?...

אויך איז די פּונקטואַציע אין בוך נישט גראַמאַטיקאַליש. נאָך זאַצן ווו מען דאַרף נישט: דריי פּונקטן.

ש. זיטנער האָט אַריינגעבליקט אין אונדזער לעבן. זיין בוך „דער גע־ראַנגל" איז אונדזער אייגנס און וואָס אייגנס איז דאָך ליב. מהאי טעמא איז צו פאַרשטיין די הקדמה צום בוך געשריבן פון אינזש. יואל גאַק, הגם איך בין נישט מיט אַלעם מסכים, וואָס עס איז אין איר אַרויסגעזאָגט. דעריבער אויך די „סמיכה" פון בעל הקדמה און דער חותם פון היגן יידישן שרייבער און זשורנאַליסטן פאַריין, וואָס האָט דאָס בוך אַרויסגעגעבן.

(1955)

---

בנימין סקודיצקי

# רפאל מאנדעלצווייג

## 1956—1908

**(צום ערשטן יאָרצייט נאָך דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם גרויסן יידישן מאָלער. — א באַזוך ביי אים אין הויז, זומער 1955)**

א שטילע גאַס. נאָענט פון ים. ביי די הייזער גערטנדלעך מיט בלומען. ביי די טראָטואַרן צעבליטעביימער. די לופט איז דאָ ריין און עס שמעקט מיט ים און יאַסמין. דאָ איז ביי־פּאָסיטאַס, איינער פון די שענסטע און רו־איקסטע קוואַרטאַלן פון דער שטאָט. דאָ וווינט רפאל מאנדעלצווייג, איינער פון די גרעסטעוועטע פון חורבן־פּוילן — דער באַוווסטער יידישער מאָלער.

עס איז פרייטיק־צונאַכט און עס איז זומער.

איך זיץ צוזאמען מיטן קינסטלער און זיין פרוי, און טרינקען טיי. זי איז די שוועסטער פון יידישן בעלעטריסט אין ארגענטינע, בערל גרינבערג. אויפן טיש — א ווייסער טישטוך. די ליכט אין דעם לייכטער זיינען שוין אויסגעברענט. אויפן טיש ליגט צעעפנט אונדזער ספר הספרים, דער תנ״ך. עס דערמאָנט דאָ, אז היינט איז שבת אויף דער וועלט.

איך באַטראַכט די וווינונג. באַשיידענע מעבל. סקולפּטורן אין בראָנדז פון געטאָ־קעמפּפערס; פון משה רבינו, דוד בן־גוריון א״א, געשאפן פונעם קינסטלער. אין א ווינקל אַן עטאַזשערקע מיט ביכער.

מאנדעלצווייג זאָגט:

— יעדן פרייטיק־צונאכט קוק איך אריין אין תנ״ך. אזוי בין איך מיר נוהג. איך פיל זיך באַרואיקט און ווער אָנגעזאַפּט מיט אינספּיראַציע פאַר אַ גאַנצער וואָך שאַפן...

אויף די ווענט דעם מאָלערס צייכענונגען און בילדער.

די קאַלירן און פאַרבן פאַרכאַפּן דאָס אויג. אויף די לייוונטן זע איך אונדזערע טאַטעס און מאַמעס. אונדזערע יידן פון אַמאָל זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים. זייערע שאָטנס שוועבן אין צימער. אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה׳ן בין איך געווען אין דער יידישער וועלט, וואָס איז שוין פאַרשוואונדן אויף אייביק... איך קוק אויפן בילד „דער מתמיד״ און איך זע זיך אין דער ישיבה פון סלאָנים. עס איז דאָנערשטיק. א משומר. ביים צאַנקענדיקן ליכטל, איבער דער גמרא איז דער עלוי אנטשלאָפן געוואָרן... אָ, „דער מתמיד״ — אים, וועלכן אונדזער יידישער נאַציאָנאַלער דיכטער ביאַליק האָט באַזונגען! און דאָס איז דאָך ר׳ לייב, דער וואַסער טרעגער פון שטעטל. עס איז פרייטיק, ערב שבת, און אויף זיינע פלייצעס דער קאָראָמיסל מיט די צוויי עמערס: דאָס טראָגט ער אריין וואַסער אין יידישע שטובן. און אָט זיינען אונדזערע יידישע שוסטערס און שניידערס, א יידישער גלעזער און א יידישער טרעגער, א יידישער קאַטאַרינשטשיק. מיטן יידישן טרויער אין זייערע אויגן און דאָך מיט בטחון און יידישן הומאָר. אָט בין איך גאָר אויף א יידישער חתונה אין קוזמיר. אָט איז דער שטעטלשער מאַרק: פויערים, פויערטעס, פויערישע פורן... און יידן האַנדלען. און דאָ בין איך גאָר אויף א פורים סעודה: יידן מאַכן זיך פריילעך, מען האָט פאַרגעסן אָן די זאָרגן און מען איז בגילופין. און יענער אויל-בילד? — האַ? עס איז דאָך חנוכה. אין דרויסן איז קאַלט, פראָסטיק און אין שטוב איז אָבער ליבלעך וואַרעם, א פריידיקע ליכטיקייט איז אויסגעגאָסן פון חנוכה-לאָמפּ. די ליכטלעך אין פענצטער פינקלען. דער זיידע שטייט ביים אויוון. מיר קינדער, שפּילן אין דריידל. באַלד וועט די טייערע מאַמע מאַכן לאַטקעס... און אָט בין איך גאָר דאָס קליין חדר-יינגל מיט א לאַמטערנע אין האַנט. איך בין אויף א קריאת-שמע און א גוטע באָבע טיילט אונדז צוקערלעך...

מאַנדעלצווייג מאָלט אונדזער אַמאָליקן יידישן שטייגער-לעבן — א יידישע וועלט וואָס איז אויף אייביק פאַרשוואונדן.

איך קוק אויפן קינסטלער. ער זיצט און זופּט לאַנגזאַם די טיי. — זיין פּנים, אָפּגעברענט פון זון און ווינט איז טונקל-ברוין און עטוואָס מיד. זיינע שוואַרצע אויגן זיינען פאַרחלומט און פאַרבענקט. אָפּטמאָל דערהערט ער ניט, וואָס מען פרעגט אים, מוז מען די פראַגע איבערחזרן. ער איז פאַרטראַכט. די בענקשאַפט און פאַרחלומטקייט זיינע האָט דער קינסטלער אריינגעוועבט אין זיינע שאַפונגען.

שוועער איז דעם קינסטלער אריינצופאסן זיך אין דעם נייעם לעבן דאָ. ער לעבט נאָך אלץ מיטן עבר. די צייט האָט די וווּנדן אין זיין הארץ און נשמה ב׳ישט פארהיילט. ער דערמאָנט מיט ערפורכט און ווייטיק די יידישע קינסטלערס און שרייבערס, אומגעקומענע דורך די נאצישע רוצחים, וועלכע זענען געבליבן אויף די ערטער און וועלכע זענען אויפן וועג לויפנדיק קיין רוסלאנד. אים מיט זיין משפחה, האָט דע גורל פארוואָרפן אין סאמאַרקאַנד, אזיע.

מאנדעלצווייג רעדט שטיל און קוקט אויף די ווערק זיינע, וואָס הענגען אויף די ווענט. אין זיינע פאַרחלומטע אויגן פינקלען טרערן ווי שוואַרצע דימענטן. אין די בילדער זיינע איז ער פארליבט.

— איך האָב געזען מיט מיינע אויגן דעם אָנהויב פון דער אויסמאָרדונג פון אונדזער פאָלק. דער גרויל און קאָשמאר האָבן זיך אייגנעזאפט אין מיין בלוט און נשמה... דאָרטן אין סאמארקאנד, אין די נעכט, האָב איך עס אויסגעגאָסן אויפן לייוונט. דאָרטן אין אייראָפּע האָט מען מיין פאָלק געהאלטן אין אומברענגען און דאָ אויף די לייוונטן האָב איך זיי צוריק אויפגעלעבט...

ער שטעלט זיך אויף און ווייזט מיר אָן אויף א בישט-גרויסן אויל-בילד: סאַמאַרקאַנד. א גאַס פון יענער שטאָט. א בלויער הימל. די זון פארפלייצט די גאַס. אין פאָדערגרונט, דער מעטשעט. א קליין בלוי טייכל שניידט דורך די גאַס. דאָרטן אויף יענער זייט טייכל, אין א ליימענער קיביטקע האָט געוווינט דער קינסטלער, זיין פרוי מיט זייערע דריי קליינע קינדער. הונגער און נויט. — אין די טעג האָט דער קינסטלער געמאָלן סאָוועטישע „באשטעלונגען" און אין די נעכט ביי דער „קאָפּטשילקע", אין דער שטיל, האָט ער געמאָלן אונדזער פאָלקס-חורבן...

ער ווייזט מיר קאטאלאָגן מיט רעפּראָדוקציעס פון זיינע בילדער. אויך א קינסטלערישן אלבום, וואָס א ספּעציעלער קאָמיטעט אין בוענאָס איירעס האָט אין יאָר 1950 ארויסגעגעבן. שוידערלעכע קאפּיטלען: דער אויפשטאַנד פון ווארשעווער געטאָ; מען פירט יידן צום אומקום: יידן אין די בונקערס; פּליטים, פּאַרטיזאנער אין די ווילדער; אין קרעמאטאָריום. און נאָך און נאָך... אזוי זיינען זיי געגאנגען אונדזערע טאטעס און מאמעס, ברידער און שוועסטער זייער לעצטן וועג. מען ווערט אדורכגענומען מיט שוידער און גרויל. אין די שלייפן קלאַפּט. באלד שטעלט זיך אָפּ דאָס הארץ.

מען ווערט עטוואָס בארואיקט, ווען די בליקן פאלן אויף די טיפן פון

בוכאַרער יידן און אויף די קינדער-קעפּלעך, וואָס דער קינסטלער האָט געמאָלט פון זיינע אייגענע קינדערלעך. און גאָט מיינער! מיט וואָס פאַר א ליבשאַפט, מיט וויפל צערטלעכקייט און מיט וויפל ציטער דער קינסטלער האָט זיי געמאָלדן! ווי ער וואָלט מורא געהאט, מען זאָל זיי נישט אוועקרייסן פון אים. אָט די טייערע קינדערלעך, וועלכע ווייסן נישט, וואָס מען האָט דאָרטן געטאָן צו זייערע ברידערלעך...

— איך האָב זיי געמוזט מאָלן... איך האָב אין זיי געזוכט א טרייסט...

נאָך דער מלחמה קערט זיך אום מאנדעלצוויג מיט זיין משפחה קיין פוילן. זיין געבוירנשטאָט ווארשע איז חרוב. זיינע יידן זיינען נישטאָ. פוילן איז יידן-ריין. טויזנטער יידן קומען אָן צוריק פון רוסלאנד. אָבער אונטער די פיס ברענט די פארשאָלטענע ערד. מען רייסט זיך ווייטער אין דער וועלט. יידן ווילן זיין מיט יידן.

צווערשט אין וורצלאַוו, לאָדזש און נאָכדעם אין ווארשע, אין דער איינציקער ניצול-געבליבענער נאזשיק-שול אויף טווארדע אין דער קליינער געטאָ, האָט דער קינסטלער אויסגעשטעלט זיינע בילדער פון אונדזער פאָלקס-טראגעדיע הגם דאָס פוילישע קולטורמיניסטעריום האָט אָנגעבאָטן דעם קינסטלער פאר זיין אויסשטעלונג דעם נאציאָנאלן מוזיי. דער ערשטער יידישער מאָלער מיט דער ערשטער יידישער אויסשטעלונג אויף די חורבות פון יידיש-פוילן! איך זע פאָטאָס פון דער אויסשטעלונג. צענדליקער בלומען-קראַנצן ביי דעם בילד „דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ“, — אָפּרופן פון דער פוילישער פרעסע וועגן מאָלער און זיין קינסטלערישן שאפן. א בוך מיט פאַרצייכענונגען פון די באזוכערס אויף זיינע אויסשטעלונגען. איך לייען דאָרטן נעמען פון קינסטלערס, שרייבערס, דיכטער, אינטעלעקטואלן און פון הונדערטער יידן — שארית הפליטה, מיט אנערקענונג און דאנקבארקייט פארן קינסטלער, פאר זיין האָבן פאראייביקט די גבורה און אומקום פון פוילישן יידנטום. פאראן א סך אונטערשריפטן פון גויים מיט ברכות פאַרן מאָלער און פארערונג פאר די געטאָ-קעמפערס. מיין בליק פארהאלט זיך אויף די בלעטער פון בוך. די בלעטער זיינען צעשאָטן און אויף די פארשאָלטענע גאָטישע בוכשטאַבן... דאָס איז א בוך אין וועלכן די געשטאַפּאָ פלעגט פארצייכענען די ארבעטס-טעג פון אונדזערע קדושים. איך ווער עטוואָס צערודערט. מאנדעלצוויג מערקט עס אָן און זאָגט:

— אין קאמיענא-גורא, אין א פארלאָזט הויז האָט זיך עס געוואלגערט.

האָב איך עס גענומען. דאָס בוך האָב איך געלייגט אויף דער אויסשטעלונג. אויף די לײדיקע אײן אים זײטן האָבן די באזוכערס זיך געצייכנט...

מאנדעלצווייג פארלאָזט פוילן. ער איז אויפן וועג קיין דרום-אמעריקע. ער פירט מיט זיך די הייליקע לייוונטן. ער שטעלט זיי אויס אין בריסל, פּאַריז. ער וועט זיי אויסשטעלן אויך אין בראזיל, אורוגוויי און ארגענטינע. אומעטום. אין דער גאנצער וועלט. זאָל די וועלט זען, ווי מען האָט אומגעבראכט אונדזער פאָלק און ווי אונדזער פאָלק האָט געקעמפט.

רפאל מאנדעלצווייג האָט פאראייביקט אויף זיינע לייוונטן אונדזער מאַרטיראָלאָגיע אין גזירת ת״ש-תש״ה.

***

עס ווילט זיך וויסן פון דעם קינסטלערס יוגנט. פון זיין גאַנג אין דער מאָלערײ.

— איך בין געבוירן געוואָרן יאָר 1908 אין ווארשע. מיינע עלטערן שטאַמען פון שעדלעץ. מיין זיידע איז געווען פון אַן אלטן יידישן שניט. א פוטער-קירזשנער און האָט געגייט פאר פוילישע פריצים. מיין טאטע איז געווען א פוטער-ווארג סוחר, א ייד שוין א משכיל, וואָס האָט אויך געלייענט די פוילישע ליטעראטור. מיין מוטער איז געשטאָרבן יונגערהייט און צו 7 יאָר בין איך געוואָרן א יתום. פון מאַמעשער צערטלעכקייט האָב איך נישט געוווּסט. איך געדענקט, אז איין מאָל האָט זי מיר געבראכט א פידעלע און געהייסן שפּילן. איך האָב גענומען דאָס פידעלע צום ערשטן מאָל אין לעבן און... געשפּילט. איך בין דאן אלט געווען 4 יאָר. קען זיין, ווען מיין מאמע וואָלט געלעבט, וואָלט איך אפשר געווען א פידלער... צו 5 יאָר האָב איך אָנגעהויבן צייכענען. מען האָט מיך אריינגעגעבן אין „שקאָלע", אָבער לערנען האָב איך נישט געוואָלט. אָנשטאָט צו גיין אין שולע, פלעג איך גיין צום טייך, צו דער ווייסל און מאָלן...

— איך האָב אָנגעהויבן מיט מאָלן בלומען — דערציילט מאנדעלצווייג — און אזוי איז עס אוועק. נו, ושפּעטער, ווי אלע קינסטלער אין פוילן, געמאָלן דעם פוילישן גאָלדיקן הארבסט, דעם שניי, די ווייסל, קוזמיר — לאנדשאפטן, פּייסאזשן. זיך פארפולקאָמט אין די קונסט-אקאדעמיעס פון ווארשע, בריסל, פאריז... מיין יוגנט האָב איך פארבראכט איינער אליין אין א באזונדער וועלט — אין דער וועלט פון מאָלן און צייכענען. שפּעטער: די אומאָפּהענגיקע פוילן, דער אויפלעב פון יידישע שולן, יידישע קולטור — שפּרו־

דלדיק יידיש לעבן. האָב אָנגעהויבן צו קענען יידן. חתונה געהאט. באַזוכט פּאַריז. אָנגעהויבן צו שאַפן. געהאט אויסשטעלונגען אין אַ רייע שטעט. און אַז מען האָט אָנגעהויבן צו לעבן... האָט דער רוצח היטלער, ימח שמו, דאָס לעבן איבערגעשניטן...

מאַנדעלצווייג בלייבט אַ ווײַלע שטיל און פאַרענדיקט:

— פון מאָלן בלומען ביז מאָלן די עפּאָפּייע פון אויסגעה'רג'עטן יידישן פאָלק איז יענער גאַנג...

אין די יאָרן 1948 און 1949 האָט מאַנדעלצווייג אויסגעשטעלט זײַנע בילדער אין ריאָ דע זשאַניירא, מאָנטעווידעאָ און בוענאָס איירעס. אַ סך פון זײַנע בילדער פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע זײַנען געוואָרן פאַרקויפט.

— עס איז שווער געווען זיך צו געזעגענען מיט זיי — זאָגט מאַנדעלצווייג — ווי מיט קינדער, וועלכע מען האָדעוועט אין צער און יסורים און ווען זיי ווערן גרויסע פליען זיי אַוועק פון דיר... בילדער פון „אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ", געפינען זיך אין די יידישע קהלות פון מאָנטעווידעאָ און בוענאָס איירעס. בילדער פון אונדזער מאַרטיראָלאָגיע הענגען אין יידישע אינסטיטוציעס פון דרום-אַמעריקע און אין אַ סך יידישע און... קריסטלעכע הייזער. יידן הויבן אָבער ביסלעך אָן צו פאַרגעסן, וואָס מיט אונדזער פאָלק איז געשען... איצט מאָל איך אונדזער עבר, אונדזער שטייגער-לעבן פון אַמאָל...

אין יאָר 1953 האָט דער קינסטלער באַזוכט יאָהאַנעסבורג, דרום-אַפריקע. זײַן אויסשטעלונג האָט דאָרטן געהאַט אַ גאָר גרויסן דערפאָלג. צווישן די, וועלכע האָבן געקויפט זײַנע בילדער, האָט זיך אויך געציילט אבא שאַבאַן, וועלכער האָט געקויפט ביים קינסטלער 8 בילדער. אַ זאַל אין זײַן רעזידענץ טראָגט דעם מאָלערס נאָמען.

סוף יאָר 1954 איז מאַנדעלצווייג פאַרבעטן געוואָרן פון יידישן וועלט-קאָנגרעס אין קאַראַקאַס, ווענעזועלאַ, צו אויסשטעלן דאָרטן זײַנע בילדער. דעם זעלבן דערפאָלג האָט אויך דאָרטן דער קינסטלער געהאַט. זײַנע בילדער האָבן געקויפט נישט נאָר יידן, אויך קריסטן. צווישן זיי אַ ווענעזועלער מאָלער.

זײַנע אויסשטעלונגען זײַנען אומעטום אַ געשעעניש. זיי ברענגען אַרײַן אין דעם יידישן לעבן יום טובדיקייט און דערהויבנקייט. די בילדער זײַנע ברענ-

גען אויך אַריין יידישקייט אין די אויסגעיידישטע היימען און דערמאָנען יידן, אז זיי זיינען יידן...

רפאל מאנדעלצוויג האָט דערוואָרבן אנערקענונג פון אויטאָריטעטע פערזענלעכקייטן אין דער קונסט-וועלט.

אין די אָפּשאצונגען פון די קונסט-קריטיקערס וועגן זיינע שאפונגען, ווערט אָנגעגעבן, אז ביי מאנדעלצווייגן דאָמינירט דער אימפּרעסיאָניסטי-שער אופן פון אויסדרוק מיט א סך עקספּרעסיע און אינטערפּרעטאציע. ער פאַרמאָגט אן אייגענעם סטיל. א מין אינדיווידועלער מאָדערניזירטער קלאַ-סיציזם, וואָס ווינקט אראָפּ פון די הויכן פון על גרעקאָ, רעמבראנדט, קאר-בע — אין א צונויפמיש מיט אימפּרעסיאָניזם. דעם יידישן מאָטיוו זיינעם האָט דער קינסטלער אריינגעגעבן אין דער מאָדערנער קונסט.

רעפּראָדוקציעס פון זיינע בילדער און צייכענונגען באצירן די שער-בלעטער פון א רייע וויכטיקע קונסט-אויסגאבעס און באדייטנדיקע קונסט-זשורנאלן. אין א לוח, וואָס דער פאַרבאנד פון יידישע קאצעטלער אין ניו-יאָרק האָט ארויסגעגעבן צום יאָרטאָג פון ווארשעווער געטאָ-אויפשטאנד זיי-נען אריינגעגעבן א רייע רעפּראָדוקציעס פונעם קינסטלער.

איך פרעג דעם קינסטלער וועגן זיינע פּלענער און פּראָיעקטן אויף ווייטער:

— איך ארבעט איצט זייער א סך. איך האָב בדעה אין דעם יאָר צו באַ-זוכן מעקסיקע, די פאריייניקטע שטאטן, קאנאדע. איך וועל דאָרטן אויסשטעלן מיינע לייוונטן. איך וויל זען יידן, די וועלט, און די יידן און די וועלט זאָלן זען מיין שאפן. און דערווייל פלי איך אַרום איבער לענדער... איך פיל זיך נאָך אלץ ווי איך בין אויף א שיף... צווישן הימל און וואסער... אָבער איך האָף, איך וועל צו א ברעג אָנקומען. און דער ברעג, גלויב איך, וועט זיין אונדזער היים ישראל...

מאנדעלצוויג האָט דריי קינדער: א טאָכטער מרים, 14 יאָר אַלט; אב-ריאל, 11 יאָר און שלום — 9 יאָר. אלע זיינען געבוירן אין דער גרויל-צייט. מרים אין ביאליסטאָק און די זונדעלעך — אין אוזבעקיסטאן. דאָס מיידעלע גייט אין ליסעאָ און די ייִנגלעך אין די רעגירונגס-אָנפאנג-שולן. זיי באזוכן אויך א יידישע שול און ריידן א זאפטיקן ווארשעווער יידיש.

מרים און אבריאל מאָלן אויך. מרים מאָלט טענצערינס און אבריאל — בלומען און טויטע נאטור. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דער טאטע אויס-

געשטעלט אין בוענאָס איירעס אבריאַלס בילדלעך. „מיינע שפּילצייג" האָט געהייסן די אויסשטעלונג.

די קינדער שלאָפן איצט. דער טאַטע וועזט מיר זייערע ארבעטן. איך קוק אויף אבריאַלס בלומען,ביימער, פרוכטן און גיב א בליק אויף זיין טאַטן. זיין טאַטע האָט אויך אָנגעהויבן מיט בלומען מאָלן...

מאַנדעלצווייג, ווי ער וואָלט אויפגעכאַפּט מיין געדאַנק, זאָגט:

— איר זעט, בלומען... ווי איך אַמאָל...

עס איז שוין נאָך האַלבער נאַכט מען דאַרף זיך געזעגענען.

מאַנדעלצווייג באַגלייט מיך אַרויס.

אין דרויסן בלויט שוין אויף טאָג. עס איז קיל. א ווינטל פון יש פרישט מיין פּנים. אין קאָפּ מישט. איך קום איצט פון א פאַרשוווּנדענער יידישער וועלט. אין די אויערן קלינגען די ווערטער:

— בלומען... ווי איך אַמאָל...

האָב איך טיף אין מיין האַרצן געטראָגן דעם ווונטש:

זאָל זיין זונעלע נישט אויפהערן בלומען מאָלן... און מאָלן זאָל ער זיי פון די בערג און טאָלן אין אונדזער אייביקער היים, ישראל.

מאָנטעווידעאָ, זומער 1955.

---

בנימין סקודיצקי

# לחיים יידן!

עס איז פאר מיר א פרייד זיין היינט אנוועזנד אין דער סטודיע פון דער יידישער קולטור-שעה אויפן „לחיים" לכבוד אונדזער פריינט משה ארזוך, דעם גרינדער און ארויסגעבער פון „פאלקסבלאט", צו זיין ווערן 50 יאר און טרינקען פאר זיין געזונט. אינעם נאמען פון קאמיטעט פארן בעל היובל, וועמענס באערונג דער ישוב וועט דאנערשטיק, דעם 18-טן ד"ח פייערן, דריק איך אויס די סאטיספאקציע, וואס אונדזער איניציאטיוו פאר אט דער באערונג האט באקומען אזא טיפן און ברייטן אפקלאנק ביי אונדז און אין אויסלאנד.

דעם געמיינזאמען איינארדענען דעם „לחיים" פון יידישע שרייבערס און קולטור-טוערס, וועלכע שטייען ביים יידישן צייטונג און ראדיא-וועזן, פאר זייער חבר, דעם ארויסגעבער פון „פאלקסבלאט", גיב איך צו א באזונדערע באדייטונג. איך האלט, אז די יידישע פרעסע און די יידישע ראדיא זיינען צוויי צווייגן פון איין בוים, וועלכער אנבעמענדיק אין פארשידענע צייטן, פארשידענע פארמען, האט געווירקט, ווירקט און וועט ווירקן אין אונדזער יידיש לעבן. — רעדנדיק במליצה, וואלט איך געזאגט, אז דאס איז דער בוים, וואס באשיצט אונדזער לעבן, ער זאל נישט פארשרפעט ווערן פון ברענענדיקע שטראלן און קעגן אלערליי אינזעקטן, זיי זאלן זיך אין אים נישט ארייגקריגן און צעפוילן. איך וויל דא זיין געוואגט און באצייכענען אט די צוויי צווייגן זיינע, ווי די ליטעראטור און זשורנאליסטיק שבכתב און שבעל פה. מיר, יידן, האבן די תורה שבכתב און די תורה שבעל פה. די תורה, וואס איז אונדז געגעבן געווארן פון הר-סיני איז די תורה שבכתב און דער תלמוד איז די תורה שבעל פה. עס האט אבער נישט געקענט געשאפן ווערן און עקזיסטירן איינע אן דער צווייטער. פאראן אנדייטונגען, אז נאך

פאר מתן־תורה זאָל שוין האָבן געווען תורה שבעל פּה. ווייל לאָגיש: צום ערשט, ווערט גערעדט, דערציילט, איבערדערציילט און נאָכדעם אויפגע־שריבן. נאָכן אויפשרייבן, ווערט געלערנט. ווי א רויטער פאָדעם גייען זיי טאָקע אדורך. אָט די צוויי ווירקנדיקע כוחות אין אונדזער יידישער געשיכטע: די נביאים, תנאים, אמוראים — אמאָל און אין אונדזער נייעם לאַנגן עבר — די מגידים און מטיפים אין די שולן און בתי־מדרשים זיינען געווען די, וועלכע האָבן געפּריידיקט מאָראַל, האָבן זשורנאַליסטיש קאָמענטירט גע־שעענישן און בעלעטריסטיש דערציילט פּאַסירונגען. איך מיין, אַז די אַזוי באַצייכנטע אין שפּאַס „חכמי הליעזשאַנקע" האָבן אויך אויף זייער אופן ביי די הרובעס און אויוונס אין די קלויזן און בתי מדרשים קאָמענטירט די געשעענישן און פּאַסירונגען אין דער וועלט... און בכלל, וואָס איז דען דער טייטש און דער זין פון והגדת, אויב נישט, און דו זאָלסט דערציילן, איבער־דערציילן, איבערגעבן און וכתבת, און דו זאָלסט פאַרשרייבן?

אונדזער יידישער צייטונגס־וועזן, ווי מיר פאַרשטייען, צייטונג, הויבט זיך נישט אָן מיט דער ערשטער פּעריאָדישער צייטונג אויף יידיש, וואָס איז אַרויס אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1886 א"ג „קוראַנטין". נאָך פאַר איר דער־שיינען זיינען געווען אַזוי גערופענע געגראַמטע לידער־צייטונגען וועגן גזי־רות און שחיטות; קלאָג־לידער און היסטאָרישע לידער און געגראַמטע לייט־אַרטיקלען אפילו. מען האָט זיי געזונגען, כדי דאָס פאָלק זאָל זיי בעסער קענען פאַרגעדענקען און איבערגעבן. איך האַלט, אַז צו אונדזער פּעריאָדיק דאַרף מען צורעכענען אויך דעם תנ"ך, די מגילות און די אַלע כראָניקס און פּנקסים, ווייל אין די זיי זיינען פאַרצייכנט און פאַרשריבן די דאַמאָלסט־דיקע געשעענישן און עס ווערן אין זיי אָפּגעשפּיגלט דאָס דאַמאָלסטדיקע לעבן. מיר, יידן, האָבן שטענדיק געהאַט א באַזונדערע און אַנדערשדיקע באַ־ציאונג צום שריפט, ווי די איבעריקע אומות. מיר האָבן נישט געבויט קיין פּתום ורעמסס און פּיראַמידן און סטאַדיומס פאַר גלאַדיאַטאָרן־קאַמפן. מיר האָבן געהאַלטן אין שרייבן און פאַרצייכענען. אונדזער באַציונג צו א ספר איז געווען הייליק. אונדזערע זיידעס און טאַטעס, ביים אויפהויבן אַן אַראָפּ־פאַלנדיקן ספר, פלעגן אים א קוש טאָן. אַרויסגעפאַלענע בלעטלעך פון סידו־רים, מחזורים און ספרים — די שמות, האָבן מיר אויפגעהיטן.

די העלבע יראת הכבודיקע באַציונג און דרך ארץ האָט מען געהאַט צו

די וועלכע האָבן זיי געשריבן; צו מחברים און צו סופרים; צו רביים, צו לערערס און צו מגידים; צו ארויסגעבערס פון ספרים און ביכער און צו זעצערס און צו דרוקערס און צו מוכרי ספרים. — דאָס איז געווען א מלאכת הקודש.

און אין לעצטן פאָלקס-חורבן ווען די היטלער-רוצחים האָבן אונדזער פאָלק געהאַלטן אין אויסראָטן; אונדזערע ספרים און ביכער פאַרניכטן, האָבן די נאָך ביים לעבנגעבליבענע, געהאַלטן אין אײַן פאַרצייכענען און פאַרשרייבן. אַלע האָבן געשריבן. אין די ערגסטע באַדינגונגען און אין די סכנותדיקע מאָמענטן. אלטע לייט און קינדער. — מען האָט דאָס פאַרשריבענע פאַר-גראָבן, שפּעטערע דורות זאָלן וויסן, וואָס עס איז געשען. ר׳ משה באָרו-כאָוויטש פון זשעלעכאָוו האָט פון אויסנווייניק א סידור געשריבן, ווייל הערנ-דיק די שוידערלעכע ידיעות, אז די דייטשן-מערדערס ברענגען אום אַלע יידן און פאַרניכטן די הייליקע ספרים, האָט ער געוואָלט, דער סידור, כאָטש, זאָל א זכר בלייבן. — פאַר דורות.

איך האָב גערעדט וועגן דאָס אַלץ, ווייל היינט ווען מיר באערן איינעם, וועלכער האָט אוועקגעגעבן א העלפט פון זיין לעבן פאַר אָט דער הייליקער זאַך; דער וואָס האָט דאָ ביי אנדז, פאַרפלאנצט דעם בוים, וועמענס צווייג עס איז יידישע ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק שבכתב, ווייל איך אז מיר זאָלן וויסן מיט וואָס פאַר א הייליקייט עס האָבן אונדזערע פאַרלאָפענע יידישע דורות געהאַט צום ספר, צו אונדזער בוך, צו אונדזער פעריאָדיק אמאָל, וואָס איז אייגנטלעך איין געמיינזאמע, נישט צערייסבארע קייט מיט אונדזער היינ-טיקער פעריאָדיק שבכתב און שבעל פה.

איך האָב לענגערסט אין מיין ארטיקל, געדרוקט אין „פאָלקסבלאַט״, וועגן אונדזער בעל היובל, אים באצייכנט, ווי „דער אידעאַליסט, וועלכער האָט פאַרווירקלעכט זיין אידייע״. דאָס זאָגט שוין אלץ. ווי אַן אידעאַליסט ווערט פאַרשטאַנען אַזאַ, וועלכער איז מקריב זיין אייגענעם פערזענלעכן ווילזיין און אז מען דאַרף. אויך זיין לעבן, כדי צו פאַרווירקלעכן זיין אידייע. און דאָס איז אונדזער בעל היובל משה אָרזוך, וועלכער האָט אוועקגעגעבן זיין געזונט און האָט אויסגעהאלטן אזעלכע נסיונות, וואָס ניט יעדער וואָלט געווען מסוגל, אבי זיין אידעאַל — יידישע צייטונג — אין אונדזערע מקו-מות אויפהאַלטן. און זאָל דאָ נאָך אמאָל באטאָנט ווערן, ווען נישט משה

אַרזוך וואָלטן מיר קיין „פאָלקסבלאַט" נישט געהאַט, און וואָלט נישט געווען די „פאָלקסבלאַט", וואָלטן מיר קיין יידישן נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן לעבן נישט געהאַט — מיר וואָלטן געווען א קיבוץ ווי פון יענעם מין קיבוצים פון הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, אָפּגעריסן פון די יידישע תפוצות און פון מדינת ישראל.

צי האָבן מיר דאָ די געהעריקע באַציאונג צום יידישן געדרוקטן און גערעדטן וואָרט? צי שאַצן מיר אָפּ גענוג די, וועלכע וואַכן איבער דעם בוים — פעריאָדיק שבכתב ושבעל פה, אַז זיינע צווייגן זאָלן נישט פאַרדאַרט ווערן, נאָר פאַרקערט, זיי זאָלן שטענדיק גרינען און בליען? איך בין אין ספק. אין ספק, לגבי יחידים, אַזעלכע, אויף וועלכע עס ליגט דער חוב צו פאַרשטיין די ראָל פון א יידישער צייטונג, א יידישער ראַדיאָ-שעה פאַר דער געשטאַלטונג פון אונדזער יידישן לעבן און זייער היסטאָרישע מיסיע.

דאָך האָב איך דורכגעלעבט אַן עמאָציאָנירנדיקן מאָמענט. טרערן פון פרייד האָבן פאַרגאָסן מיינע אויגן, ווען מען האָט מיר צום לינאָטיפּ צוגעטראָגן די ערשטע אָנשליסונגען אין דער באַגרונג פאַר אונדזער בעל-היובל. די ערשטע אָנשליסונגען זיינען געווען גראַד פון די שטילע יידישע פאָלקס-אינסטיטוציעס, וואָס מען מערקט זיי גאָר גאָר ווייניק, אָבער אויף וועלכע אונדזער פּרק זאָגט, אַז אויף זיי שטייט די די וועלט: על שלושה דברים העולם עומד: על התורה ועל העבודה ועל גמילת חסדים. די ערשטע האָט צוגעשיקט די לערער-אָרגאַניזאַציע, די תלמוד תורה מחזיקי הדת, מאָסענזאָן-שולע, קולטור-ליגע שלמה מענדעלסאָן און גמילת חסד-קאַסע. די אינסטיטוציעס האָבן נישט געוואַרט אויף פאַרבעטונגען. זיי האָבן אליין זיך אָנגעשלאָסן און נאָך מער, זיי האָבן זייערע אָנשליסונגען צוגעשיקט ווי באַצאָלטע אָנאָנסן: זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז פאַר פאַרנעמען פּלאַץ אין א צייטונג, דאַרף מען צאָלן. א יידישע צייטונג אַרויסגעבן קאָסט דאָך געלט... ליבע און טייערע פאָלקס-יידן!

אונדזער פעריאָדיק פון אלע צייטן איז פול מיט שלעכטע בשורות: גזירות, אינקוויזיציעס, גירושים, עלילות דם, פּאָגראָמען און אויסראָטונגען. אונדזער דור האָט געהאַט דעם זכות צו דערלעבן די אתחלתא דגאולה — אונדזער פאַרווירקלעכטע מדינת ישראל. ווילן מיר האָפן אַז איצט וועט

אונדזער פעריאָדיק שבכתב און שבעל פה אָנזאָגן און פאַרצייכענען פריידיקע בשורות פאַר אַלע יידן אין די תפוצות און מדינת ישראל.

איך הויב מיין כוס פאַרן געזונט פון בעל היובל משה אָרזוך; פאַר אַלע די, וועלכע זיינען מיט אים צוזאַמען געגאַנגען דעם געמיינזאַמען שווערן וועג און האָבן צוגעטראָגן יעדער וואָס און וויפל ער האָט געקענט פאַרן אויפהאַלטן די „פאָלקסבלאַט"! לחיים פאַר אַלע יידישע שרייבערס, לערערס, קולטור-טוערס, קינסטלערס און ערלעכע יידישע כלל-טוערס בכל אתר ואתר, וואָס זיינען ממשיך אונדזער יידיש לעבן! לחיים פאַר די שומרים פון דעם בוים — יידישע פרעסע און יידישע ראַדיאָ! לחיים פאַר אַ געזונט, שעפעריש יידיש לעבן אין די תפוצות און פאַר אונדזער היימלאַנד ישראל! לחיים, יידן!

1954

---

# „קארמען און אנדערע דערציילונגען"

פון ל. פּאַרעס, ארויסגעגעבן פון פארלאג „דער וועג", מעקסיקע 1939

ל. פּאַרעס, וועלכער איז אונדז שוין באקאנט פון זיין נישט-לאנג דער-שינענעם בוך „בוזשע ריינארסקי", מאכט זיך א וועג אין אונדזער היינטיקער יידישער ליטעראטור!

מיר איז נישט באקאנט, צי ל. פּאַרעס דרוקט זיך צום ערשטן מאָל אין דער טאָג-צייטונג, און נאָכדעם גיט ער ארויס זיינע ארבעטן אין א בוכ-פּאַרעם — וואָלט אזוינס געווען, וואָלטן מיר אים זיכער באגעגנט אין דער פּרעסע פון אונדזערע לענדער, וועלכע וואָלט זיינע שריפטן, אָן צווייפל, באמערקט און... זיי אויסגעשניטן. מיר האָבן זיין נאָמען נישט געטראָפן: איז ער ווייניק באקאנט דעם דורכשניטלעכן צייטונג-לייענער. דאָס אָבער פאר-מינערט נישט, אז ל. פּאַרעס זאָל שוין פארנעמען אַ גאנץ חשובן אָרט אין אונדזער בעלעטריסטיק, סיי מיט זיין אופן שילדערן דעם סאָציאלן ארום און סיי מיטן אָריגינעלן פרישן טאָן, וועלכן ער האָט אריינגעבראכט אין דער גרעסערער, ווי אין דער קלענערער נאָוועלע.

„קארמען און אנדערע דערציילונגען" — ווי עס זאָגט שוין דער נאָמען פונעם בוך, באשטייט פון צוויי אָפּטיילן. דער ערשטער אָפּטייל טראָגט דעם נאָמען „מעקסיקאניש" פון וועלכן, „קארמען" איז די ערשטע דערציילונג. דער צווייטער — „אלערליי" איז א זאמלונג פון פארשידענע קליינע דער-ציילונגען פונעם נאָרד-אמעריקאנער לעבן, מערסטנטייל פונעם דאָרטיקן יידישן לעבן. פאראן דאָרטן אויך א דערציילונג „א נארעלע", וועלכע איז א נאָכמאכונג פון די באוווסטע נאדירס „מעשהלעך מיט א מאָראל..."

קאַרמען איז דער נאָמען פון א מעקסיקאנער מיידל, וועלכע ל. פּאַרעס

שטעלט זי אַרויס אַלס דער סיגאַנים פון דער מעקסיקאַנישער פרוי. נאָך פון דער פרוי, וועלכע איז נאָך אַלץ דער שקלאַף פון דעם מאַן, פון דער שטוב. זי איז אַבערגלויבעריש, לייכטזיניק, רעליגיעז און פאַנאַטיש. קאַרמען האָט זיך נאָך נישט באַפרייט פון די הינטער־פאַרקראַטעוועטע פענצטער, דער זכר נאָך פון דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער עפּאָכע. נישט וויכטיק איז דאָ, ווי דער מחבר באַגעגנט זי, ווערט באַצויבערט פון איר, פון איר עקזאָטיש־קייט. וויכטיק פאַר אונדז איז זיין רעאַלע שילדערן פון איר פּסיכאָלאָגיע, פון אַרט־דענקען, פון איר טרוימען נאָך ליבע און נאָך אַן אַנדערשדיקן לעבן. קאַרמען וויל זיך עמאַנציפּירן אויף איר אופן: זי וויל ליבן, זיין געליבט, גאַרט נאָך אַביסעלע לוקסוס, וועלכע די גרויסע אויפקומענדיקע קאַפּיטאַליס־טישע שטאָט ווייזט איר און רייצט זי. און דאָס דענקט קאַרמען באַקומען ביי דעם אויסלענדער, אין וועלכן זי זעט אַ גואל, אַן אָרנטלעכער מאַן, וועל־כער וועט זי געוויס אָפּשאַצן און איר געבן אַביסעלע מער פרייהייט און אַ גרינגערן לעבן.

אַרום קאַרמען מאָלט שוין, ווי זיין שטייגער איז, דער מחבר, דעם אַרום און טאַקע אַ שטיק מעקסיקאַנער ווירקלעכקייט. ברענגט אַרויס פּסיכאָלאָגיש שאַרף מעקסיקאַנער טיפּן: קאַרמענס שוועסטער, מוטער; אַ דעגענערירטן מוזיק־פּראָפעסאָר און זיינע פאַמיליען־מענטשן („מעקסיקאַנישע נעכט״) א״אַ. „קאַרמען״, ווי צו איר נאָענטע דערציילונגען: „די צוויי שוועסטער״, „מעק־סיקאַנישע ליבע״, „מעקסיקאַנער נעכט״ זיינען ווי איין נאָוועלע, וואָס שיל־דערט נאָר איין ווינקל פון מעקסיקאַנישער ווירקלעכקייט: די אָפּגעשטאַנענע און עראָטיש־עקזאָטישע מעקסיקאַנישע פרוי.

ל. פאָרעם, פון דער נאַטור אַ פרייער, אומאָפּהענגיקער, מיט וואַגאַבונ־דישע שטימונגען, איז אונטער דער הייסער מעקסיקאַנישער זון אַליין עראָ־טיש צעפלאַמט געוואָרן, און מיט זיין קינסטלעריש אויג אויפגעכאַפּט — נאָר די עראָטיש־רייצנדיקע קאַרמען, און פאַרשטייט זיך, שוין פאַרזען דעם ברייטן מעקסיקאַנער לעבן: די אַרבעט און קאַמף פונעם מעקסיקאַנער אַר־בעטער, אָנגעשטעלטן און פּויער. ער האָט זיך באַגרענעצט מיטן שילדערן זיינע אייגענע שטימונגען און איבערלעבונגען צו דער מעקסיקאַנער קאַרמען און פאַר אונדז, ליידער נישט געשילדערט, די אַנדערע מעקסיקאַנער פרוי — די פאָלקס־ און אַרבעטער־פרוי, וועלכע האָט זיך שוין אַרויסגעריסן פון הינטער די פעאָדאַלע פענצטער־קראַטעס און מיט איר מאַן — חבר, דעם

מעקסיקאנער ארבעטער, וואָס געפינען זיך שוין אויף דער גאס. ארבעטן און קעמפן פאר קלאַר-באַוווסט·יניקע צילן — פאר אַן אנדער סאָציאַלער אָרדע-נונג. און אויף דעם געביט וואָלט ל. פאַרעם געהאט פאר זיך א שלל סאָציאַלן מאַטעריאַל צו באַארבעטן.

פאַראַן אין דעם אָפּטייל „מעקסיקאַניש" אויך דריי דערציילונגען פון דאָרטיקן יידישן לעבן.

דאָס זיינען שילדערונגען פונעם לעבן פון די יידישן אימיגראַנטן, וועלכע מאַכן אַדורך זייערע ערשטע גרינע יאָרן, ביז זיי קומען צו זיך און אָרדענען זיך איין. מיר טרעפן דאָ דעם, באַקאַנטן אין אונדזערע לענדער, „קאַטשע-באַטשניק פון אפּוירע" (אמבולאַנט); („דער אָפּערע-זינגער"); דעם עלנטן „סאָלטעראָ", וועמענס גאַנצער שטרעבן איז טכלית: זיך איינאָרדענען, אריי-בערבנעמען א מיידל פון דער אַלטער היים און חתונה האָבן, („נחמה"); אין דער דערציילונג „א ברית" טרעפן מיר א געמישטע חתונה פון א יידן מיט א מעקסיקאַנער פרוי, ביי וועמען עס ווערט געבוירן א קינד און מ'איז עס מל. דאָ ווערט ווידער אונטערגעשטראָכן שאַרף די פּסיכאָלאָגיע פון יענער מעקסיקאַנער „קאַרמען", וועלכע נעמט אַלץ אָן פאַר גוט; קוקט אויף איר מאַן דעם ייד ווי אויף איר צווייטן גאָט און איז אים שקלאַפעריש דאַנקבאַר און הכנעהדיק. אין דער דערציילונג „א בערגל ערד דערציילט" זעט מען א יידישן אימיגראַנט, אַן אנאָנים, וועלכער האָט זיך נישט געקאָנט איבער-קאָכן אינעם נייעם לעבן, „ווערט פאַרפאַלן" — שטאַרבט. די דאָרטיקע יידן ברענגען אים צו קבורה, נישט וויסנדיק אפילו זיין נאָמען — און נאָס דאָס בערגל ערד דערציילט וועגן אים...

**
*

אינעם צווייטן אָפּטייל „אַלערליי" באַווייזט זיך פאַר אונדז ל. פאַרעם, ווי א רייפער און קרעפטיקער שרייבער. די דערציילונגען דאָ זיינען מער אַדורכגעטראַכטע און גאַנצערע. אייניקע פון זיי ווייזן מיט אַזאַ בילדעריש-פּסיכאָלאָגישער קראַפט, מיט אַזאַ אָריגינעלקייט, אַז זיי שטעלן אים אַוועק, אָט דעם יונגן שרייבער אין דער ריי מיט די עלטערע שטריפטשטעלער אין נאָרד-אַמעריקע. ער איז דאָ מער קאָנצענטרירטער און ווייזט אונדז דאָס דאָרטיקע יידישע לעבן אַלזייטיק. פאַר פאַרעם איז אַלץ א טעמע: צוויי יונ-גע, וועלכע דאָ הייסן זיי שוין טאָם און דזשאָו און געהערן צו דער ניו-יאָר-קער לומפּן-וועלט („צוויי יונגען"); א קליינשטעטלדיקער, פון דער אַלטער

היים שאמעס, וואָס דאָ רופט ער זיך „רעווערענד דזשאָזעף“ און פירט זיך אמעריקאניש-באלעבעסלדיק („א הויז אין באָרא-פאַרק“); אן אמעריקאנער פאָליצמאַן, וועלכער ווערט אָפּגענארט אויף זיין פּאָסטן פון א רייצנדיק בלאט מיידל („דער פערצנטער דורכפאל“); א פּראָזאישער קצב טאָם, וואָס האָט פארשלאָפן א פאָעטישן ראנדעוווּ („טאָם האָט פארשלאָפן“) און א בילד פון די קריזיס-יאָרן אין אמעריקע („דער טאנץ ארום ברויט“) — א קינסטלע-רישער דאָקומענט פון יענער קריזיס-צייט. עס שוועבן דורך פאר אונדזערע אויגן א גאלעריע פון פארשידענע טיפּן און פערסאָנאזשן, קינסטלעריש ארויסגעבראכטע. איינקע דערציילונגען ווי „אין ניו-יאָרק פאסירן זאכן“, „דער טאנץ ארום ברויט“, „א מאמע“, פארדינען מען זאָל זיך אויף זיי ברייטער אָפּשטעלן.

אין דער דערציילונג „אין ניו יאָרק פאסירן זאכן“ שילדערט פאר אונדז דער מחבר א יידיש שאפּ-מיידל דזשעני, וועלכע איז שוין נאָענט צו די דרייסיק, און כאָטש זי איז אין אמעריקע שוין א לענגערע צייט, זיך אויסגעגרינט און וווינט ביי אירער א פארהייראטער שוועסטער, פילט זי זיך אין דעם גרויסן ניו-יאָרק אליין. די ערשטע יאָרן האָט פון איר געשפרודלט מיט פרייד און לעבנסלוסט, איז זי ביי זיך געווען שטאָלץ און האָט אבי-ווי, נישט געוואָלט הייראַטן, האָט געקליבן. אָבער דאָ האָבן זיך אָנגערוקט די קריזיס-יאָרן און —

„... די מאשין, וואָס ווערט אָנגערופן אמעריקאנער לעבן, האָט זיך אָנגעהויבן פאנאנדערפאלן, און מענטשן, ווי לויז-געוואָרענע, אומנויטיקע שרייפלעך, האָבן אָנגעהויבן ארויספאלן איינס נאָך דאָס אנדערע. דער, וואָס האָט געהאט עפּעס אָפּגעשפּאָרטס, האָט געגעסן. א גרויסער טייל איז באלד געבליבן רואינירט, באַ-זונדערס די, פון דזשעניס קרייז. פון פארבינדן זיך, פון חתונה האָבן, האָט גאָר קיין רייד נישט געקענט זיין“.

„אַזוי האָט עס אָנגעהאלטן ביז דזשעני האָט דערפילט, אז די שרעקלעכע דרייסיקער רוקן זיך אָן אויף אירע מיידלשע פּלייצעס“.

און אין דער היים און אין שאפּ האָט זי אָנגעהויבן הערן ווערטלעך אויף איר חשבון. דערצו קומט נאָך פרילינג און די יונגע פרילינג-זון צאפּלט אויף אין איר דאָס לעבן. און אָט ווי ל. פּאָרעם שילדערט די וויר-קונג פון זוניקן פרילינג, וואָס שטייט הינטערן פענצטער אויף דער אויס-געהאָרעוועטער דזשענין:

„עס איז געווען זונטיק אין דער פרי, ארום אכט אזייגער. דזשעני איז געלעגן אין בעט און האָט שוין נישט געקענט שלאָפן. די יונגע פרילינגדיקע פרימאָרגן־זון האָט זי אויפגעוועקט. דער גרינער גערויש לעבן איר פענצטער פון דעם יונג־באבלעטערטן בוים האָט זי גערופן ארויס, אין גאס אריין. אירע אויערן האָבן אויפגעכאפּט די דינע קוויטשיקע קול׳עכלעך פון די פויגל:

— טווי־טווי — פרילינג... טווי־טווי — זונשיין...

— טווי־טווי... גאל

„דזשעני האָט דערפילט אן אומרואיקייט אין איר לייב. איר געזונטער, מאַסיווער קערפּער, איצט א נאקעטער, א ווארעמער, האָט זיך אָנגעהויבן נערוועז באוועגן אויפן געלעגער".

און ווי אומיסטן זיך פארגעסנדיק, האָט זי ביסלעכווייז, מיט צוגעמאכטע אויגן, גענומען פירן מיט די הענט איבער איר אייגן לייב. זי האָט שטיל און צערטלעך געגלעט איר קערפּער, און בשעת־מעשה האָט זי זיך געמ׳ט צו טראכטן וועגן א פרעמדער האנט, פון אן אנגענעמען מענטשן, וואָס צערטלט זי אַזוי"...

און דזשעני האָט זיך אנטשלאָסן אויף א מאָדנעם שריט.

זי, וואָס האָט אזוי פיל געקליבן און געזוכט, ווערט פאטאליסטיש, גיט אן אנאָנס אין דער צייטונג, אז זי „זוכט באקאנטשאַפט מיט אן אינטערעסאנטן יונגנמאן"... דער סוף איז, אז עס רופט זיך אָפּ איינער א מר. דזשעק זוסקין.

אן איינזאמער בחור, וואָס גארט נאָך פאמיליען־גליק, ווי דזשעני, זיי טרעפן זיך, זיינען געפעלן איינער דעם צווייטן. און אַז זיי שמועסן זיך נענטער אַדורך, און ער באגלייט זי אהיים, ווייזט זיך ארויס, אז דער מר. זוסקין וווינט אויף איין גאס מיט איר, א הויז קעגנאיבער. און זי דזשעני האָט גאָר קיינמאָל נישט באמערקט אז מיט אירע בשכנות וווינט א מאַן, וועלכער וואָלט איר געווען געפעלן, און ערשט א צייטונג־אנאָנס האָט זיי ביידע צונויפגעפירט.

— אמעריקע!...

נעמען מיר ווייטער די לעצטע פונעם בוך דערציילונגען „א מאמע": מיט וואָס פאַרא צארטקייט, בילדערישקייט און רעאליטעט ל. פאָרעם מאָלט פאר אונדז א יידישע מאמע אינעם גרויסן קאָכעדיקן ניו־יאָרק. א מרס.

טאָביאַס, אַן אלמנה, וואָס האָט געאָפּפּערט דאָס גאַנצע לעבן פאַר די קינדער, זיי אויף די פיס געשטעלט, זיי פאַרזאָרגט — זעט ווי זיי צעפליען זיך, האָבן חתונה, און זי פאַרבלייבט אליין, עלנט. די קינדער, וועלכע זיינען שוין איצט דערוואַקסענע, זעלבסטשטענדיקע האָבן זייער אייגן וועלט. ווען ניט ווען, כאַפּט זיך אַריין צו איר אַ זון מיט דער שנור „זען וואָס די אַלטיטשקע מאַכט" — און דאָס אויך, ווערט געמאַכט אויף איין פוס, אויף איין מינוט, נישטאָ קיין צייט...

און די אַלטע מאַמע וועלכע לעבט אַליין מיט איר גרויסער טראַגעדיע, מיט דער שטילער מאַמע-בענקשאַפט, וואָס פאַר אירע קינדער איז עס נישט פאַרשטענדלעך, זוכט אַביסל טרייסט. זי מיינט עס צו געפינען אין גאַס, אין פּאַרק צווישן קינדער:

„בייטאָג, ווען זי פלעגט בלייבן אַליין אין הויז, און עס פלעגט זי נעמען נאָגן די איינזאַמקייט, עס פלעגט זי נעמען שטיקן דער אָטעם, אַז זי האָט געמיינט, אַז די פיר ווענט פאַלן אויף איר אַרויף, פלעגט זי אַרויסגיין אין גאַס, אַריינגיין אין אַ דערבייאיקן פּאַרק און זיך אַוועקזעצן אויף אַ באַנק".

„ווען עס פלעגט קומען צוועלף אַזייגער און די קינדער האָבן אָנגעהויבן גיין פון שול, האָט זי זיי נאָכגעקוקט מיט נייגעריקע, בענקענדיקע אויגן, ווי זי וואָלט עמיצן געזוכט צווישן זיי. זי האָט יעדן קינד באַזונדער אַריינגעקוקט אין די אויגן, נאָכגעקוקט דאָס גענגעלע, באַטראַכט די מלבושימלעך, געציטערט, ווען איינער אַ שטיפער איז זיך צעלאָפן אין אַ גאַלאָפּ, מורא געהאַט, אַז אָט־אָט פאַלט ער. זי האָט טאַקע לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען זי האָט אים שוין געזען אויף דער צווייטער זייט גאַס, אַ געראַטעוועטן פון די לויפנדיקע אויטאָמאָבילן".

אָבער קיין טרייסט געפינט זי נישט. נאָכן איבערגעבן זיך די טרוימערישע דערינערונגען, ווען זי האָט אַזוי אַליין אָפּגעוואַרט אירע קינדער פון שול — קומט די אויסניכטערונג; זי האָט אירע קינדער פאַרלוירן. זי האָט דעם געפיל, ווי:

„אַמעריקע האָט ביי איר געקינדנעפּט (צוגערויבט), אירע קינדער און זי האָט נישט געזען קיין וועג, ווי אַזוי זיי צוריקצוקריגן".

„און זי האָט אַליין נישט געפילט, ווי איר צעאַקערט פּנים האָט זיך אויסגעקרימט פון צער; און עס איז פייכט געוואָרן פון הייסע טרערן, וואָס האָבן

געטריפט פון אירע אויגן. זי האָט באַוויינט אירע לעבעדיק־טויטע קינדער. עס האָט איר געשניטן דער באַוווסטזיין, וואָס זי א מאַמע מיט אַזוי פיל ליבע, א מאַמע מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט, א מאַמע, וואָס איז גרייט אויף אַזוי פיל קרבנות, זאָל אַלץ נישט האָבן, ווי דאָס אויסנוצן. עס האָט אין איר געקראַמפּט א בלוטיקע באַליידיקונג, וואָס מען האָט אַלץ, וואָס זי האָט צו געבן, איר צו־ריקגעוואָרפן, ווי עפּעס א נישטיקע, אומווירדיקע זאַך".

און ל. פּאָרעם דער צאַרטער סענטימענטאַלער דערציילער אין די צוויי פריער־געבראַכטע דערציילונגען, בלייבט אויך דער זעלבער אין דאָקומענ־טירן דעם סאָציאַלן בילד פון די קריזיס־יאָרן אין אַמעריקע: „דער טאַנץ אַרום ברויט", וואָס איז איין געוואַלטיקער פּראָטעסט־געשריי קעגן דער סאָציאַלער אָרדענונג, כאָטש דער שרייבער ברענגט נישט אַרויס דעם שול־דיקן אין דעם קריזיס.

דער מחבר פאַלט נישט אַריין ביים שילדערן דעם אַרבעטסלאָזן, וועל־כער שרייט נאָך אַרבעט און ברויט אין שאַבלאָנע רייד און ביליקע אַגיטאַ־ציע־פּראָפּאַגאַנדע, אין וועלכער עס איז שווער נישט אַריינצופאַלן.

אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן שילדערט ל. פּאָרעם די שווידערלעכע לאַגע פונעם אַרבעטסלאָזן אירווינג גראָס, איינעם פון דער גרויסער מיל־יאָנען־מחנה אַרבעטסלאָזע. אירווינג גראָס, אַן איינזאַמער אין דער גרויסער שטאָט לויפט אַרום, צוגלייך ווי זיינע טויזנטער חברים, אין די פריע פרי־מאָרגנס פאַרקויפן זיינע הענט. אָבער אומזיסט! נישטאָ קיין בעלנים. קריזיס אין אַמעריקע. א פאַרחלושטער פון הונגער פאַלט ער אין א פּאַרק. ער ווערט איינגעהילט אין א קאָשמאַר, און —

„מיט אַמאָל האָט ער דערזען הענט. דורך דעם דינעם, דורכזיכטיקן נעפּל־דיקן געוועב האָט ער זיי דערזען, זיך שטרעקן צו אים פון אַלע זייטן... דערנאָך האָבן די הענט אָנגעהויבן צו אים צו רעדן אַזוינע מאָדנע און פאַרשטיקטע רייד:
— קום אַרבעטן! — האָבן זיי זיך ביי אים געבעטן, קום אַרבעטן! אַר־בעטן!..."

ער הויבט אָן צו זען האַלוצינאַציעס: אַן אומגעהויערע גרויסן ברויט און צו אים ציען זיך פינגער, א סך פינגער:

„מיט אַמאָל האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסלאָזן אַזוינע מאָדנע קולות — און גלייך צום ברויט, גלייך צום ברויט. אַזוינע איינטאָניקע קלאַנגען זיינען דאָס געווען

וואָס ער האָט נישט געקענט וויסן, וואָס זיי אנטהאלטן: כעס צי געבעט, געוויין צי דראָונג?... און אלע אויף איין מאָל. אלע אין איין אָטעם. נאָכדעם האָבן זיי אָנגעהויבן טאנצן. אזוי אויסטערליש טאנצן און שפּרינגען און האָפּקען ארום און ארום דעם ברויט — און דערביי זינגען און דערביי שרייען און דערביי בעטן און שטרעקן די הענט, שטרעקן די הענט". — — —

ל. פּאָרעם האָט דערהויבן דעם פון הונגער-אויסגייענדיקן אָנארבעטנ-דיקן אוירווינג גראָס צו א מאָנומענטאלער פיגור, וועלכע שניידט זיך צום הימל און שרייט און פאָדערט שוין אינעם נאָמען פון מיליאָנען הונגעריקע, אָן-ארבעטנדיקע.

— ארבעט און ברויט!

אין רעזומען: מיט דער איצטיקער זאמלונג נאָוועלן „קארמען און אנ-דערע דערציילונגען" האָט זיך ל. פּאָרעם באוויזן אלס פיל-צוזאָגנדיקער שרייבער און אויך מייסטער פון דער קלענערער נאָוועלע.

(1939)

---

ב נ י מ י ן   ס ק ו ד י צ ק י

# ש אָ ט נ ס

(אַ זומער־נאַכט. אַ באַרג. לינקס זעען זיךביימער. מצבות פון אַ בית־עולם. אונטן ליגט דאָס שטעטל. עס זעען זיך צלמים פון קלויסטערס, דעכער פון הייזער, עלעקטרישע לעמפּלעך. אויפן באַרג זיינען צעשאָטן קוסטעס. אין די קוסטער פירן אויסגעטראָטענע סטעזשקעס. דער אָרום איז באַלויכטן מיט בלוי לבנה־ליכט. די לבנה — אַ זילבער־קויל הענגט איבער די ביימער פון בית־עולם. שטיל. קיינער איז נישט פאַראַן. פון שטעטל דערטראָגן זיך ווייטע, שטילע קלאַנגען פון מוזיק. פון בית־עולם הערט זיך אַ טרעלן פון אַ נאַכטיגאַל. אַ ווינטל ברענגט פון ערגעץ אָפּגעריסענע בלעטלעך. פון שטעטל צום אַרויף באַרג פירט אַ וועג. אויף דעם וועג, מיט לאַנגזאַמע טריט, קוים־קוים, וואָס זיי גייען, שלעפּן זיך צוויי אַלטע, אַ מאַן און אַ פרוי.)

---

ז י: וווּהין פירסטו מיך?

ע ר (ווייזט מיט דער האַנט אויף דעם באַרג): דאָרטן, דאָרטן...

ז י: נאָך וואָס? נאָך וואָס? איך וויל ניט...

ע ר: קום... קום...

ז י: איך ציטער... מיר שרעקט...

ע ר (נעמט זי ביי דער האַנט און ציט זי אַרויף אויפן באַרג): קום... קום...

ז י: צו וואָס טוסטו עס?

ע ר: איך וויל אונדזער לעבן דעם אָפּגעלעבטן אויפוואַכן. אונדזערע יאָרן די פאַרגאַנגענע צוריקקערן. צוריק אונדזער יוגנט געפינען.

ז י: מען קען עס ניט.

ע ר: איך וועל פּרווון.

ז י: ווי אַזוי?

ע ר : דאָ אויפן גראָז וועלן מיר זיך זעצן. אויף דעם אַמאָליקן, אַמאָליקן גראָז. אין דעם הימל ווי אַמאָל קוקן און מיר וועלן זיך דערמאָנען אין דעם אַמאָל. (זעצן זיך אויפן גראָז).

ז י : איז וואָס וועט זיין?

ע ר : וואָס וועט זיין? איך ווייס ניט וואָס וועט זיין. נאָר איבערטראַגנדיק זיך אין דעם אַמאָל, וועלן די יונגע יאָרן אונדזערע צוריק אויפשווימען פאַר אונדז.

ז י : נאַרישקייטן.

ע ר : נאַרישקייטן, זאָגסטו? נאַרישקייטן?... ניין! איך וועל פּרוּוון. אפשר... אפשר... וועט זיך איינגעבן... (פּויזע, בײדע שווייגן). ווייסט? מיר זיינען אַלט. מיר זיינען ביים סוף... מיר גייען צום דאָרטן... אַהין... (ווייזט מיט דער האַנט צום בית-עולם) און אַהין ווילט זיך נישט גיין... עס שרעקט...

ז י : אָבער מען מוז...

ע ר : איז כאָטש פאַר אונדזער אַוועקגיין, איבערלעבן נאָך איין מאָל אונדזער יוגנט... כאָטש נאָך איינמאָל...

ז י : דאָס איז ניט מעגלעך...

ע ר : (נעמט זי אַרום. לייגט אַריין זיין קאָפּ אין איר שויס). געדענקסט? אַזוי פלעגן מיר ביידע קומען. איך פלעג ליגן ביי דיר אין שויס... דו פלעגסט מיינע האָר צעוואַרפן. שוואַרצע זיינען דאַן די האָר געווען. און איך אין דיינע אויגן קוקן. העל-בלויע זיינען דיינע אויגן געווען. שטיפעריש. איך פלעג זיי קושן...

ז י : דאַן בין איך דיינע געוואָרן...

ע ר : יאָ... און איך דיינער... און אַ בלויע קלייד האָסטו דאַן געטראָגן... און עס איז געווען דאַן אַזוי זיס, אַזוי גוט...

ז י : איצט פיל איך עס ניט... (ביידע שווייגן).

ע ר : האָסט מורא פאַרן טויט?

ז י : רייד ניט פון דעם...

ע ר : אפשר איז אויך דאָרטן פאַראַן אַ לעבן?... איך האָב מורא, ווייל איך ווייס ניט וואָס איז דער דאָרטן...

ז י : קיינער ווייסט ניט.

ע ר : מענטשן וואָלטן באַדאַרפט לעבן אייביק... אָט, צוקומען צו איין פּונקט. דערגרייכן צו אַזאַ צאָל יאָרן און גיין צוריק... ווערן צוריק יונג...

ז י : דאַן וואָלט נאָך ערגער געווען... דאָס לעבן וואָלט נמאס געוואָרן. דאָס גיין אויף צוריק איז טויט... דאָס שטאַרבן. וואָס קומט נאָכן לעבן, איז דאָס ווייטערדיקע לעבן...

ע ר : אָבער אַז דו ביסט שוין אויף דער וועלט, דאַרף מען פאַרבלייבן...

ז י : מיר פאַרבלייבן אין אונדזערע קינדער. דאָס לעבן איז אייביק. ניטאָ קיין טויט... (פון שטאָט דערטראָגן זיך שטאַרקערע טענער פון מוזיק).

ע ר : דו הערסט? דאָרטן אין שטאָט (ווייזט אויף דער שטאָט) איז דאָס לעבן. הערסט די מוזיק?... דאָרטן איז די יוגנט... מען טאַנצט... מען לעבט... מיר געהערן אַהין... (ווייזט אויפן בית-עולם).

ז י : זיי וועלן אויך זיין ווי מיר...

ע ר : איך, אָבער, וויל לעבן!... יונג וויל איך זיין! (ער ווערט אַנטשוויגן. פון שטאָט דערטראָגן זיך טענער פון טאַנץ-מוזיק. ער ווערט עקזאַלטירט שטעלט זיך אויף). אָט איז די יוגנט! דו הערסט?... דו הערסט?... זי איז צוריקגעקומען!... אַמאָל האָט עס אויך געשפּילט... אַמאָל... געדענקסט... דאָס זעלביקע... דאָס זעלביקע... פילסט?... פילסט?...

ז י : איך ניט...

ע ר : (נעמט זי אָן פאַר דער האַנט. שטעלט זי אויף. נעמט זי אַרום, ווי צום טאַנצן. ער דריקט זי צו צו זיך. ווילן שטעלן טריט. די פיס רירן זיך ניט. אָט-אָט פאַלן זיי): פילסט עס?

ז י : (שוואַך): ניין...

ע ר : (אויך שוואַך און מיט יאוש): איך... אויך ניט... זאָל זיין, עס קומט דער טויט?...

ז י : ניין... דאָס קומט דאָס לעבן...

(שטיל. עס טונקלט. די לבנה טונקט זיך איין אין אַ וואָלקן. באַווייזט זיך צוריק איבערן באַרג און וואַרפט אַ זילבערנעם פאַס ליכט אויפן פּאָר, וואָס ליגט אַרומ־גענומען פאַרגליווערט. דער נאַכטיגאַל זינגט. אונטן, אין שטאָט שפּילט די מוזיק און עס פאַלן אָפּגעריסענע בלעטער פון ביימער...).

מאָנטעווידעאָ, דעצעמבער, 1956.

